# ב. קעלערמאַן

# דער טויטענטאַנץ

B. KELLERMAN

# TANIEC UMARŁYCH

I tom

Redaktor: D. ZYLBER

רעדאַקטאָר: ד. זילבער

Przełożył z niemieckiego: P. BORNSZTEJN

איבערגעזעצט פון דייטש: פּ. באָרנשטיין

Okładkę projektował: I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

Redaktor techn.: I. SZCZYGIEŁ

טעכנ. רעדאַקטאָר: י. שטשיגעל

Korektor: L. FAJERTAG

קאָרעקטאָר: ל. פייערטאָג

---

Warszawa, Nowogrodzka 5
Wydawnictwo „Idisz Buch"

Nr zam. 6025. Nakład 5,500 egz. Druk ukończono w lutym 1956 r. Ark. druk. 12,5.
Ark. wydawn, 10, Papier druk. mat. V kl. 61×86 cm, 80 g.
Druk. RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 6. B-7-60360

I

נאָכן אומקערן זיך פון זיין לענגערן געזונטהייטס-אורלויב האָט פראַנק פאַביאַן, דער אַדוואָקאַט און יורידישער ראַטגעבער פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג, וועגן וועלכן מיר דערציילן דאָ, בפירוש געפילט, אַז אין זיין סביבה זענען פאָרגעקומען אויפפאַלנדיקע ענדערונגען.

דער ביינאַכטיקער שנעלצוג, מיט וועלכן ער איז געקומען צו פאָרן, האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף אַ גאַנצע שעה, ער איז דעריבער געקומען אַהיים ערשט איינס אַזייגער. צו זיין אָנגענעמער איבעראַשונג איז מאַרטע, דאָס שטובמיידל, נאָך נישט געשלאָפן און האָט אים געעפנט די טיר, ווען ער איז נאָך געגאַנגען אויף די טרעפּ. ער האָט איר האַרציק געדריקט די האַנט, געדאַנקט פאַר דעם, וואָס זי האָט געוואַרט אויף אים. ער האָט איר געבעטן ברענגען אין עסצימער רויטוויין. „לכבוד מיין אַהיימקומען“, האָט ער באַמערקט מיט אַ שמייכל.

— מיין פרוי שלאָפט שוין? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, בעת ער האָט אויפגעהאָנגען זיין מאַנטל אין פאָדערצימער. ער האָט גערעדט מיט אַ געדעמפּטער שטימע, כדי נישט אויפצוועקן זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַ נערוועזע און געליטן אויף שלאָפלאָזיקייט.

— יאָ, די מאַדאַם האָט זיך היינט געלייגט פריער שלאָפן, — האָט מאַרטע געענטפערט און איז אַוועק ברענגען דעם ווין.

פאַביאַן איז געווען אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג. ער האָט זיך געפרייט, וואָס ער איז ווידער אין דער היים, אַ צופרידענער געריבן די הענט, הנאה האָבנדיק פון דער געמיטלעכער וואַרעמקייט אין וווינונג, וואָרעם אין דער דראָזשקע, מיט וועלכער ער איז געפאָרן פון וואָקזאַל, האָט אים דורכגענומען דער ווינט און די קעלט. ס'האָט אים אַפילו געפרייט דער ספּעציפישער ריח, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר יעדער מענטשלעכער וווינונג, וועלכן ער האָט במשך פון פיר חדשים פון זיין אַפּוועזנהייט שוין לגמרי פאַרגעסן. נו, יאָ — שוין ווידער אין דער היים.

פון פאָדערצימער איז ער אַריין אין קאַבינעט און אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן. אַלץ איז געווען אויפן אָרט: די בונטע רייען ביכער אין דער ביבליאָטעק,

מיט וועלכער ער האָט שטאָלצירט, די פּאָר בילדער און קליינקייטן, צו וועלכע ער איז צוגעבונדן. אַצינד האָט ער זיך געפילט אויף אַן אמת אין דער היים. קיין שום זאַך האָט ער העכער נישט געשעצט, ווי געמיטלעכקייט און רו. אויף זיין שרייבטיש איז געלעגן אַ שטויס קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט גענומען איינציקע בריוו און אייליק דורכגעקוקט די אַדרעסן פון די אָנגעבער.

— אויך די אַרבעט וואַרט שוין אויף דיר, — האָט ער אַ צופרידענער גע-זאָגט צו זיך אַליין, בעת ער איז אַוועק אין דערבייאיקן עסצימער. ער האָט נישט געקאָנט לעבן אָן באַשעפטיקונג, און די לעצטע פרייע אורלויב-וואָכן זענען געווען פאַר אים אַ פּיין.

דער טיש, באַצירט מיט בלומען, איז געווען סערווירט מיט געשמאַקע מאכלים. קאַלטער בראָטן און פּאָרציעס געבראָטענע הון זענען געווען אויסגעלייגט אויף אַ פּאָלימיסעק, וואָס איז געווען גראַווירט מיט געשמאַק, און אַרום זענען געשטאַ-נען טעלערלעך מיט כלערליי סאַלאַטקעס און דעליקאַטעסן. פּאַביאַן האָט ליב גע-האַט גוט אָפּצועסן. אויסגעהונגערט פון דער רייזע, האָט ער מיט אַפּעטיט זיך גלייך גענומען צום מאָלצייט.

— און וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אין שטאָט, מאַרטע? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דאָס מיידל, בעת זי האָט אַריינגעטראָגן דעם וויין, און ער האָט זיך גענומען צו אַ פּאָרציע געבראָטענע הון. געפרעגט האָט ער אייגנטלעך בלויז לשם אַרויסווייזן פריינדלעכקייט צום מיידל, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט אַזוי שפּעט.

— מאַרטע, וועלכע האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, האָט זיך אומגע-קערט, און אַ שמייכל פון דינסטגרייטקייט האָט זיך געלייגט אויף איר פאַרעל-טערטן, פאַרשלאָפענעם געזיכט.

— איצטער איז שטענדיק פאַראַן עפּעס נייעס, — האָט זי געענטפערט, און געזוכט עפּעס ווייטער אין די געדאַנקען. — אַז דער בירגערמייסטער קריגער האָט געמוזט אַוועקגיין פון זיין אַמט, ווייסט שוין אַוודאי דער דאָקטאָר?

פּאַביאַן האָט אויפגעציטערט, ווי ער וואָלט באַקומען אַ שטאָך אין דער ברוסט, און האַלטנדיק אַ שטיק הון אויפן גאָפּל, האָט ער געקוקט אויפן מיידל מיט אַן אָפן מויל.

— וואָס האָסטו געזאָגט, מאַרטע? — האָט ער זי מיט אומגלויבן איבער-געפרעגט. — ווער האָט געמוזט אַוועקגיין? דאָקטאָר קריגער האָט געמוזט אַוועק-גיין?

— יאָ, דאָקטאָר קריגער האָט פון היינט אויף מאָרגן געמוזט אַוועקגיין, — האָט דאָס מיידל איבערגעחזרט, — די גאַנצע שטאָט רעדט דערפון.

פּאַביאַן האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל מיט דער פּאָרציע הון אויפן טעלער. ער האָט פּלוצים דערפילט אַ מיד-קייט נאָך דער רייזע, און זיין אויסגעצייכנטע שטימונג איז ווי צערונען געוואָרן.

דאָקטאָר קריגער, זיין פריינד און קאָלעגע פון די סטודענטישע יאָרן, איז געווען בירגערמייסטער. ער איז געווען ביי אַלעמען געאַכט און באַליבט, ער איז געווען זייער א טיכטיקער מענטש, פול מיט לעבנספרייד. מיט אים האָט זיך פּרעכטיק געאַרבעט, און צו פאַביאַנען האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערער סימפּאַטיע.

— יאָ, אָבער זאָל מיר מאַרטע זאָגן, — האָט ער לסוף ארויסגעשטאַמלט, — פאַרוואָס, צו אַלדי רוחות, האָט ער געמוזט אוועקגיין? האָ?

מאַרטע האָט געצוקט מיט די אַקסלען און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— מ'זאָגט, ווייל ער איז געווען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט.

פאַביאַן האָט איראָניש געשמייכלט.

— קריגער האָט באַלאַנגט צום צענטרום און קיינמאָל נישט געווען קיין סאָציאַל-דעמאָקראַט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן שוין מיט עפּעס אַ העכערע שטימע.

— מ'זאָגט, אַז ער האָט זיך צופיל אָפּגעגעבן מיט סאָציאַל-דעמאָקראַטן, — האָט דאָס מיידל אויסגעבעסערט.

פאַביאַן האָט זיך ווידער צעלאַכט און נערוועז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און ווער האָט פאַרנומען זיין אַמט?

— אַ געוויסער הער ט א ו ב ע נ ה א ו ז.

— ט א ו ב ע נ ה א ו ז? — האָט פאַביאַן איבערגעפרעגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — פונוואַנען נעמט ער זיך דאָ?

מאַרטע האָט געצוקט מיט די אַקסלען און צוריקגעצויגן זיך צו דער טיר.

— דאָס ווייס איך נישט. מ'זאָגט, אַז ער איז געווען א באַאַמטער אין א קליין שטעטל אין פּאָמערן.

— אין פּאָמערן?

— אַזוי זאָגט מען. מ'זאָגט אויך, אַז מ'וועט פאַרמאַכן דעם קאַפּוצינער קלויסטער.

פאַביאַן האָט זיך ווידער צעלאַכט, נאָר דאָסמאָל האָט זיך זיין שטערן פאַררינצלט.

— דאָס איז שוין א באָבע-מעשה, מאַרטע! — האָט ער געזאָגט מיט אומגלויבן. — דעם קאַפּוצינער קלויסטער?

מאַרטע האָט געעפנט די טיר, ווייל זי האָט דערהערט אַ קלונג אין קאָרידאָר.

— מענטשן רעדן היינט זייער אַ סך, —האָט זי צוקנדיק מיט די אַקסלען געענטפערט. — די מאַדאַם קלינגט, — האָט זי אייליק צוגעגעבן און שטיל ארויסגערוקט זיך פון שטוב.

— זאָל מאַרטע גריסן מיין פרוי אין מיין נאָמען, — האָט פאַביאַן איר נאָכגעשריגן. — מאָרגן אין דער פרי וועל איך צו איר אריינגיין זיך באַגריסן.

שוין אַ לענגערע צייט איז פּאַביאַנס פאַמיליע־לעבן געווען צעשמעטערט. דאָס פאַרפאַלק האָט געפירט א גט־פּראָצעס, אָבער פאר דער וועלט האָבן זיי נאָך אָנגע־האַלטן פריינדלעכע באַציונגען.

פּאַביאַן האָט נישט אויפגעהערט צו שאָקלען מיטן קאָפּ, אַפילו נאָכדעם, ווי מארטע האָט פארמאכט די טיר. ער האָט אָנגעגאָסן א גלאָז ווייַן און אויפסניי זיך גענומען צו דער פּאַרציע הון.

„קריגער האָט געמוזט אַוועקגיין", — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין.

ער האָט אָפּגעגעסן די הון און זיך גענומען צום געבראָטנס. בעת ער האָט זיך צוגעלייגט אויפן טעלער פּאָמידאָרן־סאַלאַט, האָט ער ווידער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

„ער האָט פון היינט אויף מאָרגן געמוזט אַוועקגיין? אָרעמער טעאָ! אַ שאָד, אַ שאָד! געווען א גוטער ברודער! ער וואָלט מיר פון יאַנואַר אָן אוודאי געהעכערט דעם לוין".

פּאַביאַן האָט נאָך אויפגעגעסן א שעלעכל קאָמפּאָט און אָפּגערוקט פון זיך די טעלער.

„און ביי די קאַפּוציינער זאָל אויך עפּעס נישט אַלץ זיין אין אָרדענונג? משוגע צו ווערן! גיי פארשטיי דאָס אַלצדינג!"

זיין מידקייט איז אָפּגעטראָטן, און ער איז פולשטענדיק וואַך געוואָרן.

„אַזוי, אַזוי. שיינע זאַכן טוען זיך אָפּ אינעם הייליקן דייטשישן רייך. הער־לעכע זאַכן! קריגער האָט געמוזט אַוועקגיין, דער קאַפּוציינער קלויסטער ערב דער אויפלעזונג, נאָר דער טייוול קאָן דאָס פארשטיין!"

ער האָט גענומען די קאַראַפקע ווייַן מיטן גלאָז און איז איבערגעגאַנגען אין קאַבינעט, כדי גאָר אַזאַ לאַנגער אָפּוועזנהייט הנאה צו האָבן פון אַ שעה היימישער שטילקייט. זיין בליק האָט צעשטרייט געגלימשט זיך איבער די בונטע ביכער־רייען פון זיין ביבליאָטעק און דעם שטויס בריוו און צייטונגען אויפן שרייבטיש, אָבער ער האָט נישט געקאָנט צונויפנעמען די געדאַנקען. די רואיקייט איז פאַרביי. כסדר האָט זיך אַלץ ווידער פארעקשנט אומגעקערט דער געדאַנק, אַז אין הייליקן דייטשישן רייך טוען זיך אָפּ אומפארשטענדלעכע, משונהדיקע און איבערראַשנדיקע זאַכן!

לסוף האָט ער גענומען אַ ציגאַר און אַוועקגעזעצט זיך אין א באַקוועמען פאָ־טעל, פויל אויסגעשטרעקט די פיס און נאָכגעטראַכט, האַלטנדיק דעם ציגאַר אין דער לופטן.

יאָ, שוין אַ לענגערע צייט האָט מען זיי געזען אַרומדרייען זיך איבער דער שטאָט. אין זייערע ברוינע אוניפאָרמען און הויכע רייטשטיוול, ווי זיי וואָלטן אָקאָרשט אַראָפּגעשפּרונגען פון די זאָטלען, מיט לעדערנע רימענס אויף די

אַקסלען האָבן זיי אויסגעזען אי ווי לאַנדסקנעכט, אי ווי קאָוובאָיעס. מען קאָן זאָגן, וואָס מען וויל, נאָר זיי האָבן גוט אויסגעזען: שטאַרקע, מוטיקע, ענערגישע, טייל=מאָל אפילו חוצפהדיקע. זיי האָבן זיך בדרך=כלל פאַרהאַלטן אָנשטענדיק, צייטנווייז עטוואָס ווילייגעריש, גראָבהויטיק, אָבער די שטאָט האָט זיך צו זיי שוין לאַנג צוגעוווינט. לכתחילה זענען זיי געווען זייער ווייניק, אַזוי אַז די מענטשן האָבן זיי נאָכגעקוקט, דערנאָך זענען זיי געוואַקסן אין צאָל, און אויך צו דעם האָט מען זיך צוגעוווינט. ווען זיי האָבן זיך אָבער באַוויזן אין גרעסערע גרופעס און, קלינגענדיק מיט די פושקעס, דורכגעפירט געלט=זאַמלונגען צווישן עולם, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסרופן מער אויפזען. נישט איינער האָט בכיוון אויסגעמיטן אַזאַ קלינגעוודיקע זאַמלפושקע, זשאַלעווענדיק זיין שווער פאַרהאַרעוועטן גראָשן. ער אַליין, פאַביאַן, האָט שטענדיק געהאַט ביי זיך צוגעגרייט אַ ביסל קליינגעלט, כדי ס'זאָל קיינעם אויפן געדאַנק נישט קומען, אַז ער האַלט זיך בכיוון אין אַ זייט. גיין, ס'לוינט זיך נישט דער עסק!

אויך היינט האָט ער זיי ווידער געזען אין צוג. זיי האָבן פאַרנומען צוויי טישלעך אין רעסטאָראַן=וואַגאָן און חוצפהדיק געפילדערט. ס'רוב זענען דאָס געווען יונגעלייט, וועלכע זענען, ווייזט אויס, צוריקגעפאָרן פון ערגעץ אַ צוזאַמענפאָר, וואָס האָט זיי אָנגערעגט צו נייע מעשים. פון צייט צו צייט האָבן זיי גענומען געוואַלדעווען, און דערמאַלט פלעגן זיי וואַרפן עזותדיקע און אַרויסרופנדיקע בליקן אויף די אַנדערע פאַסאַזשירן. אָן ספק, אַז במשך פון זיינע פיר אורלויב=חדשים איז זייער האָפערדיקייט איבעראַשנדיק געשטיגן און זייער מאַכטגיריקייט פאַרדעכטיק געוואַקסן. וואָלסט געקאָנט מיינען, אַז זיי זענען איבער נאַכט געוואָרן אַ מאַכט אין דער מלוכה! און אפשר האָט ער אַ טעות?

פאַביאַן איז אויפגעשטאַנען און גענומען שפּרייזן איבערן צימער. „און אפשר האָב איך אַ טעות?“ — האָט ער זיך אויפסניי געפרעגט.

ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויפן פאָטעל און אויפסניי פאַרטאָן זיך אין זיינע רעיונות. יאָ, לכתחילה זענען זיי געווען נישט צופרידן פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, דערנאָך פון די בירגערלעכע, אַפילו פון די קאָנסערוואַטיסטן, און אַט איז זיי נאָך אַלץ ווייניק: אויפן וועג פון זייער מאַכטגיריקייט שטייט שוין אויך די קירכע. אַפילו דאָ, אין שטאָט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די גאָט=די=נשמה=שולדיקע קאַפוצינער, וועלכע זענען אפילו נישט מסוגל צו פאַרטשעפען אַ פליג. ס'איז קיין שום ספק נישט, אַז אין משך פון די פיר חדשים האָט די נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישע פאַרטיי אַרומגענומען מיט אירע איינפלוסן אַלץ ברייטערע און ווייטערע קרייזן און איז געוואָרן מעכטיקער און שטאַרקער, דאָס קאָן מען נישט פאַרלייקענען. ער איז אָבער געווען כמעט ווי זיכער, אַז זי וועט במשך פון אַ יאָר, העכסטנס צוויי יאָר, שוין זיין אַ בר=מינן, פונקט ווי די אַנדערע פאַרטייען

פאַר איר. פּאַביאַן האָט געלאַכט צו זיך אַליין. וואָס פאַר אַ טעות! וואָס פאַר אַן אומבאַגרייפלעכן טעות! „געלויבט צו גאָט, — האָט ער געטראַכט, — אַז איך בין נישט דער איינציקער, וואָס האָט געמאַכט דעם טעות, קליגערע פאַר מיר האָבן זיך, גאָט צו דאַנקען, טועה געווען!“

זיינע רעיונות זענען געוואָרן צעשוווּמען, און די מידקייט נאָך דער רייזע האָט זיך ראַפּטעם צוריקגעקערט. ער איז קוים געווען אימשטאַנד זיך אויפצוהייבן פון פאָטעל.

„שוין באמת צייט צו לייגן זיך שלאָפן, — האָט ער צו זיך געזאָגט. — אָקאָרשט געקומען אהיים און שוין אויפסניי די אלטע נערוועזיטעט און די אלטע אומרואיקייט. אַלזאָ, מאָרגן, מאָרגן וועט זיך אַלץ אויפקלערן. מאָרגן וועסטו אַלץ באַטראַכטן מיט רואיקע און קלאָרע אויגן. מאָרגן וועט זיך אָנהייבן אַ שפּאָגל־נייער טאָג!“ ער האָט אַ גענעץ געטאָן. איצטער איז ער אויף אַן אמת געווען גע־וואַלדיק מיד און דערשעפּט.

ער האָט אויסגעלאָשן די אויבערשטע לאָמפּן. מאָרגן וועט מען אויך דאַרפן זיך באַגריסן מיט קלאָטילדען. ערשט איצט איז אים געקומען אויפן געדאַנק זיין ווייב און דער פּאַטאַלער קאָנפליקט, וועלכער האָט באַדראָט זיין פאַמיליע־לעבן. זיכער האָט קלאָטילדע במשך פון די פיר חדשים אַלץ גרינטלעך דורכגעטראַכט. זי האָט געהאַט דערויף גענוג צייט. „מירן זען, מאָרגן וועט אַלץ קלאָר ווערן! אויב אָבער זי וועט, — זיינע געדאַנקען האָבן זיך מיד געשלעפּט, — אויב אָבער זי וועט אויך איצטער עקשנותדיק פאָדערן א גט? ווי?“

„ווי משוגעדיק דאָס איז, — האָט ער געטראַכט, — אז איצטער קאָן איך מיט דער גאַנצער רואיקייט ווענן דעם אלעם נאָכטראַכטן, בעת אין סאַנאַטאָריע האָב איך צוליב דעם פאַרבראַכט שלאָפלאָזע נעכט! סוף־כל־סוף האָט דאָך דער דאָזיקער געבעכדיקער ענין מיך קראַנק געמאַכט!“

אַ מידער, כמעט א פאַרחלשטער, איז ער שטיין געבליבן א פּאָר מינוט ביי זיין שרייבטיש. „אויב אָבער נאָך די פיר חדשים וועט זי זיך נאָך אַלץ איינשפּאַרן אויף אַ גט, — האָט ער ווייטער געטראַכט, — אויב נישט געקוקט אויף די צוויי יינגלעך, וועט זי דאָס אומבאַדינגט וועלן, — איז ביטע זייער! וועט זי דעם גט באַ־קומען.“

ער האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען און אַליין געשטוינט פון זיין אָנט־שלאָסנקייט.

נו יאָ, קלאָטילדעס ווילן איז דאָך שטענדיק געווען דאָס העכסטע געזעץ.

ער איז שוין געווען צו מיד, ער זאָל קאָנען דערפילן די ביטערקייט פון גאַנצן ענין, אָדער בכלל עפּעס פילן, און ער איז אַוועק אין זיין שלאָפצימער.

## II

צומאָרגנס האָט זיך פּאַביאַן אויפגעוועקט אַן אויסגערוטער, פול מיט בטחון אין די אייגענע כוחות. ער האָט זיך זאָרגפעלטיק געגומען אָנטאָן און אויפמערקזאַם זיך באַטראַכט אין שפּיגל.

ער איז געווען פון זיך צופרידן, די קוראַציע האָט פון אים געמאַכט אַ נייעם מענטש! היות ס'איז שוין געווען באַלד צען אַזייגער, האָט ער שנעל פאַרענדיקט דעם פרישטיק, וועלכן ער האָט, ווי געוויינלעך, גענעסן ביחידות אין עסצימער. הגם זיין אורלויב ענדיקט זיך ערשט מאָרגן, וואָלט ער כאָטש אויף אַ שעה זיך געוואָלט אַריינכאַפּן אין ביוראָ. איבעריקנס, נאָך אַזאַ לאַנגער אָפּוועזנהייט וועט ער שוין דעם ערשטן טאָג האָבן אַרבעט איבערן קאָפּ.

בעת ער האָט זיך דערנענטערט צו זיין פרוים צימער, האָט ער דערהערט אַ פריילעך פלוידערן און געלעכטערס. קלאָטילדע האָט געהאַט געסט. פאַר דער ערשטער באַגעגעניש איז דאָס אים פשוט געווען באַקוועם, וואָרעם קלאָטילדע, אין קעגנוואָרט פון זייטיקע, פלעגט זי געוויינלעך זיין צו אים העפלעכער, ווי ווען ער פלעגט זי טרעפן אַליין, בעת זי פלעגט אים מיט פאַרגעניגן לאָזן פילן איר שלעכטע שטימונג.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן מאַרטען, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט פון קיך, ווי נאָר זי האָט דערהערט זיינע טריט אין קאָרידאָר.

— אָקאָרשט איז געקומען די באַראָנעסע פאָן טינגען, — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

ער איז אַריינגעגאַנגען. קלאָטילדע האָט אים דערלאַנגט די האַנט צום קושן, און די באַגריסונג האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף אַזאַ אופן, ווי דאָס פאָרפאָלק וואָלט זיך שוין געהאַט געזען נעכטן אין אָוונט.

קלאָטילדע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ניי פילפאַרביק פרימאָרגן-קלייד און אין עלעגאַנטע רויט-לאַקירטע פּאַנטאָפל, וועלכע האָבן נאָך בולטער געמאַכט די שלאַנקייט פון אירע פיס. אין די לעצטע חדשים איז זי פולער געוואָרן, בפרט האָט איר ברוסט דורכן לויזן קימאָנאָ אויסגעזען צו זיין צו שפּעדיק. אירע בלאָנדע האָר זענען געווען פאַרקעמט אין אַ געדיכטן קאָק און מיט בלאַסער בלויקייט האָבן געלויכטן אירע אויגן. די דאָזיקע פאַרפירערישע „פאַרגעס-מיך-נישט“-אויגן האָבן אַמאָל פּאַביאַנען באַגייסטערט צו לירישע דערקלערונגען, אָבער דאָס איז געווען שוין מיט אַ סך יאָרן צוריק.

אַנטקעגן קלאָטילדען איז געזעסן די באַראָנעסע פאָן טינגען, וועלכע האָט אים פריידיק באַגריסט מיט אירע העלע אויגן.

פון דער באַראָנעסע האָט געשפּראָצט מיט לעבעדיקייט און פרישקייט. זי איז ברייטלעך געזעסן אין אַ נידעריקן פאָטעל, אָנגעטאָן אין איר גרויען געפּאַסטן

שפּאַציר־קלייד און א קאָקעטיש קליין היטעלע מיט גרוילעך־בלויע פעדערן אויף די שוין עטוואָס גרוילעכע האָר! טאַקע אָט דאָס דאָזיקע קאָקעטישע היטעלע איז געווען די סיבה פון איר פרימאָרגנדיקן באַזוך ביי איר פריינדין. די באַראָנעסע איז געווען קרוב פופציק, זי האָט אָבער נאָך אויסגעזען זייער יונג, און קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן, אַז זי האָט שוין אַ דערוואַקסענעם זון — אַן אָבער־לייטענאַנט, וועלכער איז מיט אַ קאָפּ העכער פון איר.

— וועסט טרינקען מיט אונדז אַ גלאָז טיי, פראַנק, און פאַרברענגען אַ ווײַלע אין אונדזער געזעלשאַפט, — האָט קלאָטילדע אַנטשלאָסן געזאָגט און געקלונגען נאָכן שטובמיידל, ניט וואַרטנדיק אויף פאַביאַנס הסכמה. — די באַראָנעסע טיגען איז געווען אַזוי האַרצוויליק און האָט זיך אויף אַ ווײַלע אַריינגעכאַפּט צו מיר.

— איך האָב צומאָל ניט געהאַט קיין אַנונג, אַז היינט האָט זיך פאַרענדיקט אייער אורלויב, מיין חשובער פריינד, — האָט מאַדאַם פאָן טיגען לעבהאַפט גע־זאָגט, און, ווי געוויינלעך אין דער אָנוועזנהייט פון מאַנצבילן, האָט זי זיך אַ ביסל אומנאַטירלעך צעלאַכט.

— מיין ערשטע באַגעגעניש אין שטאָט האָט ניט געקאָנט זיין אָנגענעמער, ווי מיט אייך, — האָט פאַביאַן געענטפערט מיט איינער פון יענע העפלעכע פראַזן, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו באַנוצן.

ער האָט גלייך באַמערקט, אַז בעת זיין אורלויב האָט קלאָטילדע געלאָזן פריש אויסטאַפּעטירן איר פּאָדערצימער, וועלכן זי האָט אָנגערופן „בודואַר“. זי האָט אויסגעקליבן העלע גאָלדפאַרביקע טאַפּעטן מיט גרויסע כריזאַנטעמען, וועגן וועלכע זי האָט שוין פון לאַנג געחלומט. די גרויסע בוקעטן פון לאַקס־קאָליר האָבן גע־שאַפן אַ שטימונג פון אומרואיקייט. האָבן אָבער אויסגעצייכנט האַרמאָנירט מיט איר קימאָנאָ, מיט די עטלעכע נידעריקע פאָטעלן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב, און מיט דעם קליינעם געלן אינדישן טעפּיך, וואָס זי האָט געירשנט פון דער מוטער. דער עטוואָס אויפגערוקטער סאַמעטענער פאָרהאַנג פון פיסטאַשקע־קאָליר האָט געפירט אין איר שלאָפצימער, פון וועלכן ס'האָט געשלאָגן אַ ריח פון פּאַרפומען און עסענצן.

— פאַרגעס ניט דער באַראָנעסע צו גראַטולירן, — האָט קלאָטילדע אָנגע־הויבן מיט איר ליבלעכן שמייכעלע, וואָס האָט געקאָנט יעדן פאַרפירן, אויסער פאַביאַנען. — דער פּאָלקאָווניק פאָן טיגען איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ שטאַנד־אָרטנפירער.*

פאַביאַן האָט זיך פאַרנייגט.

— מיינע אויפריכטיקע גראַטולאַציעס, באַראָנעסע! — האָט ער געזאָגט, אָבער אין זיין שטימע האָט זיך געלאָזן הערן אַ לייכטע אַנטוישונג. ער איז געווען

* אַן אָפיצירן־ראַנג אין די עסעס־אָפּטיילונגען. (רעד.)

זיכער, אַז דער פּאָלקאָווניק פאָן טינען וועט לכל הפּחות אַוואַנסירן אויף א גענעראַל. דאכט זיך, אַז דער פּאָלקאָווניק פאָן טינען האָט שוין פון לאַנג בדעה געהאַט צו שטעלן זיינע גרויסע פעיקייטן אין דינסט פון דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי?

די באַראָנעסע האָט אייפעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ, און די גרוי-בלויע פעדערן אויף איר היטעלע האָבן זיך צעפּינקלט.

— יאָ, אַזוי איז טאַקע געווען, — האָט זי פאַרזיכערט מיט אַנטציקונג אין די אויגן. — ער איז דאָך שוין פון לאַנג געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון דער דאָזיקער באַוועגונג און האָט זיך שוין לאַנג באַמיט וועגן אַ פּאָסטן, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן זיין דינסט-ראַנג. נאַטירלעך, האָט ער דעם אַמט תיכף אָנגענומען. „מען מוז זיין דערביי, — האָט ער געזאָגט, — אַלס פּאַטריאָט און אָפיצער האַלט איך פאַר מיין חוב צו שטעלן זיך אין דינסט פון דער נייער באוועגונג מיט לייב און לעבן. ווען נעי און מוראַט וואָלטן געוואַרט, ביז נאַפּאָלעאָן וועט ווערן קייסער, וואָלטן זיי קיינמאָל נישט געוואָרן קיין מאַרשאַלן און קיניגן, נאָר פאַרבליבן געוויינלעכע קאַפּראַלן".

זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער, וואָס האָט געקלונגען זייער יונגטלעך.

— איר קאָנט אייך נישט פאָרשטעלן, ווי גליקלעך דער פּאָלקאָווניק איז, — האָט זי פאַרגעזעצט. — איצט האָט ער ווייניקסטנס ווידער עפּעס צו טאָן. פּענסיאָנירטע אָפיצערן אָן אַ פונקציע מוזן זייער שנעל פאַרקאַלכט ווערן, זייער שנעל. איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז דער פּאָלקאָווניק איז ייִנגער געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר!

פּאַביאַן האָט אויסגעדריקט זיין פרייד. פּאָלקאָווניק פאָן טינען איז געווען אַן אָפיצער פון אַלטן פרייסישן שניט, וועמענס אויפריכטיקייט און אומטיטלבאַרקייט ער האָט באַוואונדערט. דער פּאָלקאָווניק האָט קיינמאָל נישט געמאכט קיין סוד פון זיינע מאָנאַרכיסטישע איבערצייגונגען, אימפּעריאַליסטישע שטימונגען און זיין קעגנערשאַפט לגבי דער רעפּובליק. בעת דער וועלט-מלחמה האָט ער דערפאָלגרייך אָנגעפירט מיט אַ פּאָלק, און נישט איינמאָל איז זיין נאָמען געוואָרן דערמאנט אין די טאָג-באַפעלן. אַ שווערע פאַרוואונדונג האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין קאַריערע.

מיט גרוים אייפער האָט זי פאָרגעזעצט:

— אויך וואָלפן, מיין ייִנגל, וועלכער איז נאָך איינגאַנצן געווען אַריינגעטאָן אין די זיסע יוגנט-נאַרישקייטן, האָט ער אָנגעשטעקט מיט זיין באַגייסטערונג. טאָגטעגלעך פלעגט ער צו אים טענהן, אַז ווער עס קלייבט נישט אויס היינט אין דייטשלאַנד דעם געהעריקן וועג, איז ענטוועדער אַן אייזל, אָדער אַן אָפּטריניקער און אַ פאַטערלאַנד-. דער פּאָלקאָווניק פלעגט יעדן טאָג עטלעכע מאָל איבערחזרן, אַז ס'האָט געשלאָגן דייטשלאַנדס גרויסע שעה! יאָ, ביי גאָט, מיר לעבן אין א הערלעכער צייט, אין א וונדערלעכער גרויסער צייט, אמת? איך וואונדער מיך זייער, מיין

חשובער פריינד, — האָט זי זיך אומגעריכט געווענדעט צו פּאַביאַנען מיט איר צוציענדיקן שמייכעלע, — וואָס איר, גראָד איר, האָט זיך נאָכגעיאָגט ביז היינט פּאָזיטיוו דעקלארירט!

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, און אירע העלע אויגן האָבן אים באַטראַכט מיט אַן אויסדרוק פון העכסטער שטוינונג.

פּאַביאַן איז געווען אין פאַרלעגנהייט. קלאָטילדע האָט שוין אַפּנים אָנגפאַר־פרויט דער באַראָנעסע אירע פאַרבאָרגענע ווונטשן, און די דאַמען האָבן שוין מן־הסתם בעת זיין אָפּוועזנהייט אָפּט געשמועסט אויף דער דאָזיקער טעמע, וואָס ווערט לעצטנס דיסקוטירט אין גאַנצן לאַנד.

במשך פון די אורלויב־וואָכן האָט ער געהאַט גענוג צייט צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די דאָזיקע ענינים. ער האָט אָבער געהאַלטן פאַר פּריצייטיק אָנצופאַרטרויען קלאָטילדען זיינע באַשלוסן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט באַקוועם אויפן פאָטעל און, ווי זיין שטייגער איז געווען, בעת ער האָט בדעה געהאַט צו האַלטן אַ לענגערע רעדע, צוזאַמענגעלייגט די הענט ווי צו אַ תפילה:

— די באַראָנעסע הזרט איבער קלאָטילדעס ווונטשן,— האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל. — זי האָט זיך שוין נישט איינמאָל געווענדעט צו מיר מיט דער דאָזיקער פראַגע און מיט דער זעלביקער אומגעדולדיקייט.

— כ'וואָלט מיך שטאַרק געוווּנדערט, ווען זי וואָלט דאָס נישט געטאָן, — האָט די באַראָנעסע לאַכנדיק אויסגערופן און אויסגעשטרעקט אירע צאַרטע פינגער נאָך אַ פּאַפּיראָס.

— כ'האָב נאָר מורא, אַז פראַנקן פעלט די גייסטיקע רירעוודיקייט, — האָט קלאָטילדע צוגעוואָרפן.

— רירעוודיקייט! — איז די באַראָנעסע אַן אַנטציקטע אויפגעשפּרונגען פון איר פאָטעל. — יאָ, דאָס איז דאָס ריכטיקסטע וואָרט פאַר אונדזער היינטיקער צייט. רירעוודיקייט! יעדע שווערפעליקייט איז ביי היינטיקן טאָג אַ חסרון, אַ פאַר־ברעכן, ממש אַ פאַרברעכן נישט מוחל צו זיין!

קלאָטילדע האָט משמעות באַשלאָסן היינט צו שפּילן אַ ראָל פון א ליבנס־ווירדיקער פרוי. זי האָט צו אים אפילו צוגעשמייכלט, כאָטש ער האָט געספּקט אין דער אויפריכטיקייט פון איר שמייכלען.

— כ'האָב נאָר מורא, — האָט זי געזאָגט, — אַז פּאַביאַנען וועט שווער זיין איינגאַנצן גובר צו זיין זיינע סימפּאַטיעס צו די פריערדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען.

פּאַביאַן האָט זיך צעלאַכט. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ענגערע פאַרבינדונגען מיט פּאָליטישע פּאַרטייען. במשך פון עטלעכע יאָר איז ער, פּונקט ווי די באַראָנעסע — וועגן וואָס ער האָט זיך צופעליק דער־וווּסט — געשטאַנען נאָענט צו דער דייטשישער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי. שפּעטער

אָבער איז ער איבערגעגאַנגען צום צענטרום, וואָס האָט אים אַלס קאַטאָליק מער אַנטשפּראָכן. דאָס זענען אָבער געווען קאָנטאַקטן אָן אַ וועזנטלעכער באַדייטונג.

— כ'האָב שוין נישט איינמאָל קלאָטילדען אויפגעקלערט, — האָט ער פאַרגעזעצט, — אַז אײַלעניש ליגט נישט אין מײַן נאַטור, און אַז איך האָב געהאַט סיבות צו וואַרטן ביז...

— וואַרטן, וואַרטן! — האָט די באַראָנעסע איבערגעריסן מיט אַזאַ הייטערן געלעכטער, אַז דאָס איז שוין געווען כמעט נישט העפלעך. איר הילכיק לאַכן האָט געקלונגען, ווי אַ געלעכטער פון אַ יונג מיידל. אויך קלאָטילדע איז אַנגעשטעקט געוואָרן פון דעם דאָזיקן געלעכטער.

די באַראָנעסע פאָן טינען האָט זיך צוגעבויגן צו פאַביאַנען און באַרירט זײַן האַנט.

— אָבער, כ'בעט אײַך, חשובער פרײַנד! — האָט זי געזאָגט ליבלעך מיט פאָרוואורף, — ווי קאָן מען דאָ נאָך לענגער אָפּשלעפּן! איר ווייסט, וואָס דער פּאָלקאָווניק חזרט איבער כמעט יעדן טאָג? אַז אין דײַטשלאַנד איז געבוירן געוואָרן אַ גאון, נאָר די דײַטשן האָבן זיך קיינמאָל נישט ווי געהעריק באַצויגן צו גאונים, און אויך היינט, דאַכט זיך מיר, חזרט זיך איבער ביי אַ סך אונדזערע לאַנדסלײַט אָט דער אַלטער געירשנטער חסרון.

זי האָט נאָך אַלץ געשמייכלט, קוקנדיק אויף פאַביאַנען, אָבער אין איר שמייכל איז שוין געווען אַ צומיש פון באַדויערן.

— און דער דאָזיקער געירשנטער חסרון, מײַן פרײַנד, איז די טראַגישע סיבה, צוליב וועלכער דײַטשלאַנד האָט נאָך ביז היינט נישט פאַרנומען אין דער וועלט דאָס אָרט, וואָס ס'קומט איר.

פאַביאַן האָט זיך געדרייטלט.

— זײַט מיר מוחל, באַראָנעסע! — האָט ער געזאָגט, לייכט אויפהייבנדיק די האַנט, נאָך אַלץ אַ פאַרדרייטלטער און אין פאַרלעגנהייט.

ער האָט זיך צוריק אָראָפּגעלאָזט אויפן פאָטעל און מיט אַ שפּע ווערטער גענומען באַווייזן, אַז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז צו ערנסט, צו לעבנסוויכטיק, אַז מ'זאָל עס קאָנען אָפּפּטרן מיט הוילע פראַזן. ער האָט בלויז געוואָלט וואַרטן, ביז די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן וועט אים דאָס בילד קלאָר מאַכן. סוף כל סוף האָט דאָך יעדער יחיד אַ פליכט צו קאָנטראָלירן די אייגענע איבערצייגונגען, אמת? אין קעגנפאַל וואָלט מען אים געקאָנט חושד זײַן אין אָפּאָרטוניזם, וואָס מען וואַרפט שוין היינט נישט איינעם פאָר. נישט שוין זשע איז דאָס נישט אַזוי?

ביידע דאַמעס האָבן פאַטאַקעוועט. אַוודאי איז ער גערעכט. מיט זייער האַלטונג האָבן זיי אים צוגעגעבן חשק פאַרצוזעצן זײַנע אויספירן. די פרוי פאָן טינען האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די פונקלדיקע שטיינער אויף אירע פינגער און זיך אַנטציקט מיט זייער בליאַסק. קלאָטילדע האָט פאַרדרייבערט אַ פּאַפּיראָס, ארויס-

געלאָזן דעם רויך דורך די צונויפגעצויגענע ליפן און פון א זייט אָבסערווירט פאַביאַנען.

— אַחוץ דעם, — האָט פאַביאַן, וועלכער האָט אַלץ מער צוריקבאַקומען זיין זעלבסטזיכערקייט, פאַרענדיקט, — געפין איך מיך אין אַ לאַגע, וואָס פאָדערט אַ באַזונדערס ערנסטן ישוב־הדעת. כ'בין דאָך א קאַטאָליק און אַן אָפיצער!

ער האָט אָפּגעהאַקט. ס'איז געווען קענטיק, אַז ער האָט דערפאָלגרייך אויסגענוצט די בעסטע קאָרטן.

III

פרוי פאָן טיגען האָט זיך ווייטער געשפילט מיט אירע פינקלענדיקע רינגלעך, געדרייט זיי אויף די פינגער און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט זי א קוק געטאָן אויף פאַביאַנען מיט אירע קליינע, שאַרפע אויגן.

— געוויס, כ'פאַרשטיי, — האָט זי געזאָגט, — איך אַליין שטאַם פון אָפיצערן און הויכע באַאַמטע, אַגב פון אַ גוטער פּראָטעסטאַנטישער משפחה. איינער פון מיינע פעטערס איז געווען א קאָנסיסטאָריע־ראַטגעבער און אַ באַרימטער פּרעדיקער. ס'זענען נאָך אים געבליבן אַ ריי באַקאַנטע ווערק. בערגענשטערעם האָט ער געהייסן. איר האָט געהערט פון אים?

פאַביאַן האָט געמוזט מודה זיין, אז ער האָט וועגן דעם באַרימטן פּרעדיקער בערגענשטערעם נישט געהערט.

די באַראָנעסע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— די אַכטונג פאַר אַלע גלויבנס ליגט ביי אונדז אין בלוט, — האָט זי באַמערקט, — דאָס דאַרף איך איצטער געוויס נישט באַטאָנען. איך שטעל זיך אָבער די פראַגע, וועלכע איינשטעלונג אין דער באַוועגונג — זי האָט כסדר געזאָגט „באַוועגונג“, קיינמאָל נישט „פאַרטיי“ — וועלכע אַנטיקאַטוילישע איינשטעלונג קאָנט איר דער באַוועגונג פאָרוואַרפן?

פאַביאַן האָט נאָכגעטראַכט. ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו פאָרמולירן א קלאָרע און טאַקטישע תשובה.

— איך האָב דעם איינדרוק, — האָט ער געזאָגט, — אַז איך וועל נישט קאָנען געפינען ביי איר קיין פּאָזיטיווע באַציִונג צום קריסטנטום.

פרוי פאָן טיגענס פנים האָט ווידער אויפגעשטראַלט מיט א פריינדלעכן שמייכל. זי האָט גענומען אַ פּאַפּיראָס פון דער קאַסעטקע אויפן טיש.

— צי איז לויט אייך פון ריין קאַטוילישן שטאַנדפּונקט נישט גענוג פּאָזיטיוו דער פאַקט, וואָס די באַוועגונג האָט אַ בפירוש אַנטיקאָמוניסטישע איינשטעלונג? — האָט זי געפרעגט. — פאַר מיר, און אויך פאַר א סך אַנדערע, איז דער קאָמוניזם די פולסטע פאַרלייקענונג פון קריסטנטום.

זי האָט מיט טריומף געשמייכלט און פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. ווען פּאַביאַן האָט איר געוואָלט ענטפערן, האָט זי אויפגעהויבן איר קליין באַרינגלט הענטל און אַרויסגעלאָזן אין דער לופט אַ דעליקאַט וואָלקנדל רויך. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז די בלויע פעדערן אויף איר הימעלע האָבן אויך אַ גלאַנץ געטאָן, און זי האָט געזאָגט:

— חשובער פרייַנד, כ'גלייב נישט, אַז אייערע אַרגומענטן, וואָס שייך דעם קאַפּיטאַליזם, זאָלן זייַן איבערצייַגנדיק. ניין, ניין! סוף כל סוף קאָן מען דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז אַ פּאָליטישע פּאַרטיי זאָל זיך דורכשלאָגן אַ וועג מיט אַ בישאָף־שטעקן אין האַנט! ווי מיינט איר?

ביידע דאַמען האָבן זיך צעלאַכט.

קלאָטילדע האָט גענייקט מיט די אַקסלען. זי האָט געוואָרפן אַ קילן בליק אויף איר מאַן און שמייכלענדיק געזאָגט:

— דעם אמת געזאָגט, מאַכט פראַנק בכלל נישט קיין גרויסן וועזן פון דער קאַטוילישער קירכע. זעלטן ווען ער גייט אין קירכע און איז זיך כמעט קיינמאָל נישט מתוודה. דער קאַפּיטאַליזם איז אים אין גרונט גענומען לגמרי גלייכגילטיק.

ווידער האָט זיך געלאָזט הערן איר עטוואָס פּוסטער געלעכטער. ווי נאָר זי איז געווען זיכער, אַז עמעץ וועט זי אונטערשטיצן, פלעגט זי, ווי אַ סך פרויען אין אַזאַ פאַל, געפינען מוט צו אַטאַקירן איר מאַן. דעמלט פלעגט זי אפילו פּעיק זייַן פון אים צו חוזקן.

— דערלויב, קלאָטילדע, — האָט פּאַביאַן העפלעך אָנגעוואָרט, — מ'קאָן זייַן אַ גלויביקער און פונדעסטוועגן נישט אָפּשירן זיך מיט דער פרומקייט, אמת?

די באַראָנעסע האָט באַשטעטיקנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נאַטירלעך, — האָט זי מסכים געווען. — פונדעסטוועגן איז, לויט מייַן מיינונג, נישט פאַראַן קיין מניעה אין דעם, וואָס איר זענט אַ קאַטאָליק און נאָר ווייניקער אין דעם, וואָס איר זענט אַן אָפיצער. איר ווייסט דאָך, אַז מייַן מאַן איז אַן אַקטיווער מיליטער־מאַן, אַ פּאָלקאָווניק. אויב איך האָב קיין טעות נישט, זענט איר, חשובער פרייַנד, רעזערוו־קאַפּיטאַן?

פּאַביאַן האָט זיך אינסטינקטיוו אויסגעגליכן, ווען זי האָט דערמאָנט זייַן אָפיצערן־ראַנג. ער איז געווען אַ זעלנער פון בלוט און פלייש און האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער וועלט־קריג.

— די שטעלונג פון דער אַרמיי, באַראָנעסע, איז נאָר אַליין נישט קלאָר, — האָט ער פאָרגעזעצט. — כ'האָב אַפילו עטלעכע מאָל געשריבן צום קאָמאַנדיר פון מייַן פּאָלק, כדי צו וויסן, ווי צו האַנדלען. ער פלעגט מיר אָבער כסדר ראָטן אויס־וואַרטן.

די באַראָנעסע האָט אים איבערגעריסן, מיט אַ רייצנדיק שמייכעלע און שטראַלנדיקע אויגן האָט זי געזאָגט:

— אייער קאָמאַנדיר אָריענטירט זיך זעט אויס שלעכט און איז אפשר אויך אָנגעזאַפּט מיטן אלטן קאַסטע־גייסט! ווער ווייסט? נעמט א ביישפּיל פון מיין מאַן און חונדערטער הויכע אָפיצערן. ניין, ניין, מיין געשעצטער פריינד. די מחיצות פון די קאַסטעס זענען שוין, דאַנקען גאָט, געפאלן, און זיי פאַלן יעדן טאָג איינע נאָך דער אנדערער. ווען איך טראכט, ווי עס איז אמאָל געווען, באַפאַלט מיך אַן אימה! מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען איך בין געווען ביי מיין פלימעניצע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן גראף שטום, איז צווישן די געסט אויך געווען די פירשטין כריילהיים, וועלכע מ'האָט געמוזט טיטולירן „אייער דורכלויכט!" אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום איר, ווי אַרום אַ קעניגין, ווי אַרום אַן אמתער קעניגין. מיר, למשל, מאַלט אייך, האָט זי בכלל נישט באַוויליקט צו באַמערקן! איך בין פאר איר געווען פשוט לופט, הגם אונדזער יחוס איז לכל הפחות אזוי אלט און אפשר עלטער, ווי אירער.

נאָך איצט האָט די באַראָנעסע געלאכט מיט פארדראָס, דערמאַנענדיק זיך יענע גאַווהדיקע באהאַנדלונג.

— ניין, ניין, — האָט זי ליידנשאפטלעך פאָרגעזעצט, — דער דאָזיקער לעבערלעבער קאַסטע־גייסט איז שוין, געלויבט צו גאָט, מער נישטאָ. מיר דערנעמערן זיך היינט צו דער עגאַליטע * מער, ווי עס האָבן זי זיך פאָרגעשטעלט אמאָל די פראַנצויזן. מיין מאַן, דער פאַלקאָווניק, זאָגט, אַז נאָר דער נייער באַוועגונג האָבן מיר צו פארדאַנקען, וואָס די קאָמוניסטן האָבן אונדז נישט אונטערגעצונדן דעם דאַך איבערן קאָפּ.

— און נישט איבערגעשניטן די העלדזער, — האָט קלאָטילדע צוגעגעבן מיט פעסטער איבערצייגונג.

פאַביאַן האָט א שמייכל געטאָן. ער איז נישט געווען אימשטאַנד אזוי שנעל נאָכצופאָלגן די לאָגיק פון דער באַראָנעסע.

— נו, זאָגט אַליין, חשובער פריינד, — האָט די באַראָנעסע פאָרגעזעצט און די רינגלעך אויף אירע פינגער האָבן געפינקלט, — צי האָט דאָס געקאָנט אָנהאַלטן? היינט שטרייקן די טראַמוויי־ארבעטער, מאָרגן די עלעקטראָטעכניקער, און מיר בלייבן אָן ליכט. ערשט ווי חוצפּהדיק און אומפארשעמט ס'זענען געוואָרן די האַנטווערקער! אויף א ביסל סאָציאַליזם קאָן איך נאָך מסכים זיין, אָבער וואָס צופיל, איז צופיל. איצט האָט זיך דאָס געענדיקט. די גרויסאינדוסטריע האָט נישט אומזיסט מקריב געווען מיליאָנען, כדי צו העלפן דער נייער באַוועגונג.

* עגאַליטע — אויף פראַנצויזיש: גלייכהייט — איינער פון די לאָזונגען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. (רעד.)

— די גרויסאינדוסטריע האָט דאָס קודם־כל געטאָן צוליב פּאַטריאָטיזם, — האָט פּאַביאַן צוגעוואָרפן. ס׳איז אָבער נישט געווען קלאָר, צי ער האָט דאָס געזאָגט אויפריכטיק.

— יאָ, געוויס, קודם־כל צוליב פּאַטריאָטישע טעמים, נאַטירלעך, — האָט די באַראָנעסע צוגעשטימט. — אָבער דער וווּקס פון די סאָציאַליסטישע איינפלוסן האָט דאָ אויך געשפּילט א וויכטיקע ראָל. דאָרט, וווּ עס האנדלט זיך וועגן מיליאָנען, טייערער פריינד, זענען אידעען נישט גענוג. ס׳האָט געמוזט נעמען א סוף צו דער ארבעטער־דיקטאַטור און צו די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען מיט זייערע עקלהאפטע רעדלפירער.

די באַראָנעסע האָט ווידער אַרויסגעלאָזן א וואָלקן רויך, וואָס האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן צימער. פון אויפרעגונג זענען איר אזש די באַקן רויט געוואָרן.

— און איר, טייערער פריינד, איר ווילט בלייבן הינטערשטעליק? א מענטש מיט אַזעלכע פעיקייטן? דער גרעסטער רעדנער־טאַלאַנט פון שטאָט? א סך מענטשן געדענקען נאָך גוט אייער באַרימטע רעדע אינעם ראָטהויז אין צוזאמענהאנג מיט די באַפרייונגס־מלחמות*, און איך געהער אויך צו זיי, — זי האָט זיך א קלאַפּ געטאָן אויף דער ברוסט — איך אויך!

פּאַביאַן האָט זיך לייכט פאַרנייגט.

— די באַראָנעסע איז אויסערגעוויינלעך ליבנסווירדיק...

אָבער די באַראָנעסע האָט אים שמייכלענדיק איבערגעריסן:

— ניין, זאָגט דאָס נישט! מ׳דאַרף נישט בלייבן אין שאָטן. און בשום אופן טאָרט איר נישט בלייבן אין שאָטן. דאָס איז אייער חוב לגבי דעם פאָטערלאַנד, לגבי קלאָטילדען.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן אָנלען פון פאָטעל, און מיט די שפּיצן פינגער געפּרוווט, צי דאָס היטעלע מיט די גרוי־בלויע פעדערן, אין וועלכן זי האָט הערלעך אויסגעזען, זיצט גוט אויף איר קאָפּ.

קלאָטילדע, וועלכע האָט פונסגיי אָנגעגאָסן טיי, האָט פון הינטער דער באַראָנעסעס פּלייצעס געקוקט אויף פּאַביאַנען מיט א לייכטן חוזק.

— וועגן מיר, מיין טייערע, דאַרף ער לגמרי נישט טראַכטן, — האָט זי געזאָגט. — קיינער דערוואַרט דאָס פון אים נישט, און איך — אמווינציקסטן. אָבער ס׳וואָלט געלוינט אים צו דערמאָנען וועגן זיינע צוויי ייִנגלעך! א פאָטער, מיין איך, איז מחויב צו טראַכטן וועגן דער צוקונפט פון זיינע זין!

דאָס דערמאָנען זיינע צוויי ייִנגלעך, וועלכע ער האָט זייער ליב געהאַט, האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. די באַראָנעסע האָט גלייך אויפגעכאַפּט דעם דאָזיקן אַרגומענט.

* ס׳רעדט זיך דאָ וועגן די מלחמות קעגן נאַפּאָלעאָנען. (רעד.)

— אַזאַ פֿאָטער, ווי אונדזער פֿרייַנד, וועלכער פֿאַרגעטערט אַזוי זייַנע קינדער, דאַרף מען דאָס נישט דערמאַנען, מייַן טייערע, — האָט זי געזאָגט, — יעדער גוט דערצויגענער מאַן ווייס, אַז זייַן העכסטע פֿליכט איז צו זאָרגן פֿאַר זייַן פֿאַמיליע. גיט אַ קוק אויפֿן פּראָקוראָר האָלענבאַך, וועלכער האָט מיטאַמאָל געמאַן אַ שפּרונג אין רייַכס־געריכט, אָדער אויף דעם נייַעם בירגערמייסטער דעם הער טאָובענהאַוז, וועלכער איז אַהער געקומען פֿון אַ קליין שטעטל אין פּאָמערן. גיט אַ קוק אויפֿן דאָקטאָר זאַנדקול, וועלכער איז געוואָרן הויפּט־דאָקטאָר פֿון שפּיטאָל, אָדער אויף...

ס'האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פֿון טעלעפֿאָן. קלאָטילדע איז צוגעלאָפֿן צום אַפּאַראַט. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אויספֿלוג אויף פֿערד, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען נאָך מיטאָג. קלאָטילדע האָט די אייַנלאַדונג אָנגענומען מיט פֿרייד.

פֿאַביאַן האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך אויפֿצושטעלן.

— יאָ, וואָס האָב איך נאָך געוואָלט זאָגן? — האָט די באַראָנעסע נישט אָפּגעלאָזן דעם פֿאָדעם פֿון פֿריערדיקן שמועס, נאָכדעם ווי קלאָטילדע האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפֿאָן־טרייבל. — גיט אַ קוק אויף דעם אייגנטימער פֿון רעסטאָראַן „אונטערן קאַרפּ“! יאָ, אויף אים גיט אַ קוק! געווען אַ פּשוטער רעסטאָראַטאָרס אַ זון, און איצט איז ער, מיינט איר, וואָס? — ער איז גאָליימער*! אַ פּירוש, אַן אומבאַשרענקטער הערשער, אַפֿילו מער ווי דאָס. ב'וועל אייך דערציילן די געשיכטע פֿון האַנס רומף...

פֿאַביאַן האָט איר העפֿלעך איבערגעריסן און זיך פֿאַרנייגט:

— כ'באַדויער אומענדלעך, וואָס מיר קומט אויס פֿאַרלאָזן די געזעלשאַפֿט פֿון די דאַמעס, — האָט ער געזאָגט, — כ'האָב הונדערט דרינגענדע ענינים צו דערלייַדיקן!

ער איז שנעל דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר. קלאָטילדעס קלינגעוודיק געלעכטער האָט נאָך געהילכט אין זייַנע אויערן.

## IV

פֿאַביאַן האָט שנעל פֿאַרלאָזן זייַן הויז. מיט דער געלער טעקע פֿון חזיר־לעדער אונטערן אָרעם האָט ער געשעפֿטסמעסיק געאייַלט דורך די גאַסן. מען האָט זיך כסדר צו אים געגריסט, און ער האָט אָן אויפֿהער געהויבן דעם קאַפּעליוש. די גאַנצע שטאָט האָט אים געקענט מיט זייַן געלער טעקע, וואָרעם ער האָט געהערט צו

---

* הויכע ראַנג אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע.

אַלע אָנגעזעענסטע פאַריינען: צו „קאָנקאָרדיאַ“, צום מוזיקער- און טעאַטער-פאַריין, צום טעניס-קלוב, צום מענער-קוואַרטעט, צום פאַרבאַנד פאַר פאַרשענערן די שטאָט און צו א ריי אַנדערע. אין רוב פון די געזעלשאַפטן האָט ער פאַרנומען אַן ערן-אַמט. ס'איז אויך נישט געווען קיין שום עפנטלעכע אימפּרעזע אין שטאָט, אין וועלכער ער זאָל נישט האָבן אָנטייל גענומען.

ער האָט זיך גוט געפילט אינעם שטאָטישן ווירוואַר, וואָס האָט אים געמאַכט פאַרגעסן דאָס חדשימדיקע לאַנגווײַלן זיך אינעם קוראָרט. די סיגנאַלן פון די אויטאָס, דאָס קלינגען פון די טראַמווייען, די איילנדיקע מענטשן האָבן אים אָנגעפילט מיט א נייעם שטאַרקן לעבנס-געפיל.

פאַביאַן איז געווען אַן אָנגעזעענער מאַן מיט א פיינעם אויסזען און גוטער האַלטונג. מיטן זיין אָפּגעברענטן פנים נאָכן אורלויב, מיט זיינע געלאָקטע ברוינע האָר און לעבעדיקע גרוי-בלויע אויגן איז ער אייגנטלעך געווען צו שיין פאַר א מאַנצביל. דערביי האָט ער געשמט אַלס איינער פון די עלעגאַנטסטע מענער אין שטאָט, וואָס האָט מיט פעדאַנטישער זאָרגפעליקייט אַכט געלייגט אויף זיין אויסזען.

לכתחילה האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז בשעת זיין אָפּוועזנהייט האָט זיך די שטאָט ווייניק וואָס געענדערט, ערשט ווען ער האָט זיך אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט, האָט ער באַמערקט פיל שינוים.

דער בוכהענדלער בילינגער, וועלכער איז אויך געווען זיין ביכער-ליפעראַנט, האָט פאַרגרעסערט דאָס געשעפט און אפילו צוגעאייגנט דאָס שכנותדיקע געוועלב. איז דאָס נישט צו באַוווּנדערן? פריער האָט זיך געדאַכט, אַז בילינגער איז א דעמאָקראַט מיט א שטאַרק סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג, טייל מענטשן האָבן אים אפילו געהאַלטן פאַר א קאָמוניסט, איצטער האָט ער אין זיין שויפענצטער אויסגעלייגט נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע צייטונגען און פאָסט-קאַרטן מיט פאָרטרעטן פון די היינטיקע מאַכטהאָבער. בילינגער, אַן אויסגעפּוצט און אויסגעפּאָמאַדעוועט מענטשל, האָט גראָד אַרויסגעשטעלט אין שויפענצטער א בוך מיט אויסגעשפּראָכן אַנטיסאָוועטישע אילוסטראַציעס. אויך אין פרעכטיקן שויפענצטער פון יוביליער ניקאָלאַי האָט פאַביאַן באַמערקט א ביוסט פונעם פירער אויפן פאָן פון צווייגעלעד מיט לאָרבער-בלעטער. עטלעכע הייזער ווייטער איז אין שויפענצטער פון מערצס שניידער-מאַגאַזין געווען אָנגעלייגט גאַנצע ראָלן פון געלן און ברוינעם טוך. צי איז מעגלעך, אַז דאָס אַלץ האָט פאַביאַן ערשט היינט צום ערשטן מאָל באַמערקט? דער שניידער מערין, אַ גרויער מאַן מיט כמעט אַ דורכזיכטיק פנים, איז געשטאַנען נעבן דער טיר פון מאַגאַזין און געגריסט פאַביאַנען מיט גרויס דרך-ארץ.

— אייער ווינטער-פאַלטן איז פאַרטיק, הער דאָקטאָר! — האָט ער אויסגערופן. פאַביאַן האָט אים געענטפערט, אַז ער וועט די טעג אַריינקומען.

ער האָט אויך געזען דאָ און דאָרט עמבלעמען, אָפּצייכענונגען, פאָטאָגראַפיעס און ביוסטן פונעם פירער. אפשר האָט ער ביז איצט נישט געלייגט אויף זיי קיין אַכט?

ער האָט זיך פאַרקערעוועט צום ראָטהויז־פּלאַץ, וו ס'איז היינט, ווי יעדן מיט־וואָך און שבת, געווען אַ מאַרק. ער איז שטיינגעבליבן, כדי זיך צוצוקוקן צום מסחר, צו דער האַוועניש אין הנאה האָבן פון די זון־שטראַלן, וועלכע האָבן מיט זומערדי־קער וואַרעמקייט פאַרשיינט דעם מאַרק.

ער האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צווישן באַלעבאָסטעס אין פּויערטעס, צווישן שורות קוישן מיט גרינוואַרג, כדי צוצוקומען צו זיין באַליבטן ברונעם, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע עק פון פּלאַץ. במשך פון לאַנגע יאָרן האָט ער דעם ברונעם געזען יעדן טאָג, און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז היינט האָט ער אים באַגריסט מיט אַ באַזונדערער פרייד, ווי אַן אַלטן פריינד. ער האָט אַפילו פונדער־ווייטנס געשמייכלט צום ברונעם. אַ שלאַנקע יוגנטלעכע געשטאַלט, וואָס איז גע־שטאַנען אויפן ראַנד פונעם ברונעם, האָט טרוימעריש זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם וואַסערפלאַך. דעם ברונעם האָט מען גערופן „דער נאַרציז־ברונעם“. אויף דער מאַר־מאָר־פּליטע איז מיט רעליעפע אותיות געווען איינגעקריצט פאַביאַנס פאַמיליע־נאָמען. די פּליטע איז געווען אַ סקולפּטור פון פאַביאַנס ברודער — וואָלפגאַנג, וועלכן ער האָט ליב געהאַט און באַוואונדערט.

ס'איז באמת אַ חרפּה, אַז בעתן אורלויב האָט ער וואָלפגאַנגען געשריבן בלויז עטלעכע באַנאַלע פּאָסט־קאַרטלעך. ער האָט זיך געמאַכט דערפאַר פאָרוווּרפן און באַשלאָסן קודם־כל צו באַזוכן דעם ברודער. זאָלן אַנדערע צווואַרטן.

דאָס ראָטהויז, וואָס האָט זיך געפונען אייניקע טריט פונעם מאַרק, איז געווען אַ מאָדערנער בנין אין באַראָק־סטיל. הגם ער איז געבויט געוואָרן פאַרשווענדעריש, מיט פּראַכט, האָט ער פונדעסטוועגן געמאַכט דעם איינדרוק פון ניכטערקייט און פוסטקייט. עפּעס האָט אים געפעלט, אָבער ס'איז שווער געווען צו זאָגן וואָס. נישט ווייט פון די ברייטע, רעפּרעזענטאַטיווע הויפּט־טרעפּ האָט זיך געפונען אַ צווייטער שמאָלער אַריינגאַנג צו די ביוראָ־צימערן. דעם דאָזיקן אַריינגאַנג פלעגט באַנוצן פאַביאַן, דער לייטער פון דער יורידישער אָפּטיילונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אחוץ דעם געהאַט זייער אַ רייכע פּריוואַטע פּראַקטיק אלס אַדוואָקאַט. ער האָט זיך אייליק אויפגעהויבן אין דער הייך צו זיין קאַבינעט, נישט אָנטרעפנ־דיק קיינעם אויף די קאַלטע און פוסטע אַריינגאַנגס־טרעפּ, דורך וועלכע עס פלעגן גיין אויסשליסלעך נאָר די באַאַמטע.

אָבער ווען ער האָט געוואָלט עפענען די טיר פון זיין קאַבינעט, האָט ער פעסט־געשטעלט, אַז פון יענער זייט שלאָס שטעקט שוין אַ שליסל. ער האָט זיך צוריק־

געצויגן א צעחושטער. נישט שוין זשע האָט ער זיך מיעה געווען? אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט ער דערהערט געהיימנישפולע טריט. די טיר האָט זיך געעפנט, און פאַר אים איז געבליבן שטיין אַ יונגער הויכוווקסיקער מאַנצפּאַרשוין. ער האָט געהאַט אַ לענגלעך הילצערן פּרצוף, באַזונדערס די באַקן האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אָקאָרשט ארויס פון אונטער א טעמפּער דלאָטע. דער קאָליר פון זיין הויט אויפן פּנים איז געווען אומריין, ווי ביי א הולטיי.

— וואָס ווינטשט איר? — האָט קאַלט און גראָב געפרעגט דער יונגערמאַן מיטן הילצערנעם פּרצוף, אָפּמעסטנדיק אים דערביי פון קאָפּ ביז די פיס.

פאַביאַן האָט געקוקט אויף אים מיט אַן אָפן מויל און מיט א צעחושטן אויסדרוק אויפן פּנים. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז אַ חלום. ער האָט עקשנותדיק געפּרווט געפינען א דערקלערונג פאַר דעם רעטענישפולן דערשיינען פונעם יונגערמאַן, וועלכער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון אים.

פאַמעלעך זיך צוריקציענדיק, האָט ער באַטראַכט דאָס פאַרגליווערטע און דערביי גאַווהדיקע פּנים פונעם הויכוווקסיקן יונגערמאַן, און איצט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער דערקענט אים. דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אַמאָל געווען א געהילף, אַ מין פּראַקטיקאַנט ביים אַדוואָקאַט שוואַבאַך, און פאַביאַן האָט מיט אים אָפילו געהאַט אַמאָל אַ שמועס וועגן אַ געוויסן יורידישן ענין. ער האָט, דוכט זיך, געהייסן שילינגער. אויף וויפל ער דערמאַנט זיך, איז שילינגער געווען אַ סטודענט, אַ לא־יצלח, מיט א שלעכטן נאָמען. קוים מיט צרות האָט זיך אים איינגעגעבן אויסצוהאַלטן אייניקע עקזאַמענס. ווייזט אויס, אַז דער אַדוואָקאַט שוואַבאַך, וואָס וואָלט אָפילו קיין פליג נישט פאַרטשעפּעט, האָט אים בלויז פון גוטהאַרציקייט אָדער אפשר צוליב עפּעס אנדערע סיבות א געוויסע צייט באַשעפטיקט. שילינגער איז שוין א לענגערע צייט אָנגעגאַנגען פאַר א פאַנאַטישן נאַצי־אָנהענגער, און פאַביאַן האָט זיך דערמאַנט, אַז ער האָט אים אָפּט געטראָפן מיט א פושקע בעת די גאַסן־זאַמלונגען.

ער האָט תיכף פאַרשטאַנען די פיינלעכקייט פון זיין לאַגע און געפילט, ווי עס ווערט אים הייס. צי מאַכט ער זיך נישט לעבערלעך מיט זיין לאַנגן שווייגן, דערלויבנדיק דעם יונגערמאַן אויף אים צו קיקן מיטן חוצפּהדיקן בליק?

— איר זענט הער שילינגער, אויב איך האָב קיין טעות נישט? — האָט ער ענדלעך א זאָג געטאָן. — ווי איר זעט, בין איך און א געוויסער מאָס דערשטוינט.

ער האָט זיך גלייך באַהערשט, און ס'איז אים אפילו געלונגען ארויסצוווייזן אן אָנגענעמען שמייכל.

דער הויכוווקסיקער יונגערמאַן האָט זיך שטייף פאַרנייגט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געבייגט נאָר מיטן אויבערשטן טייל קערפּער און דער אונטערשטער טייל איז געבליבן אומבאַוועגלעך. גלייכצייטיק האָט ער צעצויגן די גראָבע ליפּן, וואָס האָבן געזאָלט אויסדריקן א שמייכל.

— איך בין שילינג! — האָט ער קאַלט געענטפערט. — אויב איך האָב קיין טעות נישט, זענט איר הער דאָקטאָר פּאַביאַן?

פּאַביאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און שילינג האָט ברייטער געעפנט די טיר און מיט אַן אומגעשיקטן זשעסט אים איינגעלאַדן אַריינצוגיין. שוין מיט אַ מער פריינדלעכער שטימע האָט ער צוגעגעבן:

— ביטע, קומט אַריין, מיט אַ וואָך צוריק בין איך נאָמינירט געוואָרן אַלס לייטער פון דער יורידישער אָפּטיילונג. וועגן אייער ווייטערדיקער טעטיקייט וועט אייך מן־הסתם אינפאָרמירן דער בריוו, וואָס וואַרט אויף אייך שוין אייניקע טעג.

דער יונגערמאַן איז מיט שטייפע, גרויסע טריט צוגעגאַנגען צום שרייבטיש און דערלאַנגט פּאַביאַנען אַ בריוו אין אַ ברייטן קאָנווערט, לויט וועלכן מ'האָט תיכף געזען, אַז דאָס איז אַן אַמטלעכער דאָקומענט.

— ביטע!

— פּאַביאַן האָט געפילט, ווי די קני בייגן זיך אונטער אים און ווי דאָס האַרץ הייבט אָן העפטיקער קלאַפּן. „אָ, ווידער דאָס האַרץ! ווייזט אויס, אַז כ'וועל שוין קיינמאָל נישט געזונט ווערן" — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. ס'האָבן אים באַהערשט שלעכטע פאָרגעפילן.

— מיר האָבן זיך אייניקע מאָל געטראָפן ביים אַדוואָקאַט שוואַבאַך, הער קאָלעגע שילינג, — האָט ער, פאַרחידושט פון זיך אַליין, זייער רואיק אַ זאָג געטאָן, בעת ער האָט גענומען דעם בריוו. — נאָר איר זייט, דאַכט זיך, שוין לאַנג פון אים אַוועק, — האָט ער מיט אַ לייכטן טאָן צוגעגעבן, ווי ער וואָלט געהאַט בדעה זיך אַריינצולאָזן אין אַ לענגערן שמועס. ער האָט אַפילו אַוועקגעלייגט דעם קאַפּעליוש און די געלע טעקע אויף דער עטאַזשערקע מיט די ביכער, וועלכע האָט אויף אים געווירקט באַרואיקנדיק מיט איר היימישקייט.

— כ'האָב נאָכאַמאָל אָפּגעגעבן אייניקע עקזאַמענס, — האָט שילינג געענטפערט און געוועגדעט זיין בליק צום פענצטער, כדי דערמיט אָנצודייטן, אַז ער האָט נישט דעם מינדסטן חשק זיך אַריינצולאָזן אין אַ לענגערן שמועס. ער האָט אַפילו אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט, אַזוי אַז פּאַביאַן האָט צומאָל דייטלעך געקאָנט זען די פרישטשעס און וועגגרעס אויף זיינע באַקן.

— קאָן איך אייך נאָך אַ ווײַלע באַאומרואיקן? דאָס איז דאָך אַן אַמטלעכער בריוו? — האָט ער זיך העפלעך געווענדעט צום יונגן דראַגנגאַל.

— אָך, ביטע זייער, — האָט שילינג גלייכגילטיק איבערגעחזרט, נישט אָפּ־רייסנדיק זיין בליק פונעם פענצטער. אָן שום קרעמפּירונג האָט ער פּאַביאַנען גע־געבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט וועלן וואָס שנעלער פון אים פּטור ווערן.

פּאַביאַן האָט שנעל דורכגעקוקט דעם בריוו: ער איז באַפרייט געוואָרן פון אַמט און דאַרף וואַרטן אויף אַ ווייטערדיקער באַשטימונג. און אָט איז דער אונטערשריפט

פון דעם מענטש, וועגן וועלכן ער האָט נעכטן צום ערשטן מאָל געהערט: טאוּבענהאוז.

פאַביאַן איז בלאַס געוואָרן. זיינע שלעכטע פאָרגעפילן זענען מקוים געוואָרן. ער האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט, איז צוגעגאַנגען צו שילינגן און אים דערלאַנגט די האַנט.

— אַ האַרציקן דאַנק אייך, — האָט ער העפלעך געזאָגט און צוגעגעבן: — אויב איר וועט ביים דורכקוקן די אַקטן עפּעס אָנטרעפן אויף אומקלאָרקייטן, קלינגט צו מיר אָן, כ׳וועל אייך גערן דינען. למשל, אין דעם ענין „קראוס און זין" איז די פראַגע פון רעכט אויף וואַסער זייער פאַרפּלאָנטערט.

נישט געקוקט אויף זיין אויפרעגונג, האָט זיך אים פונדעסטוועגן איינגעגעבן מיט קאַלטער גלייכגילטיקייט צו רעדן צום יונגערמאַן, פון וועלכן ס׳האָט געשלאָגן מיט גאווה פון טריומפירנדיקער שאַדנפרייד.

— כ׳דאַנק אייך, — האָט שילינג געזאָגט, נישט באַוויליקנדיק אפילו אַ קוק צו טאָן אויף פאַביאַנען. — גוט, כ׳וועל צו אייך פון צייט צו צייט אָנקלינגען. דער ענין „קראוס און זין" וועט נאָך לאַנג נישט זיין אַקטועל, ס׳איז דאָך אַ יידישע פירמע!

ער האָט זיך ווידער שטייף פאַרנייגט, און פאַביאַן האָט פאַרלאָזט דאָס צימער.

V

פאַרמאַכנדיק די טיר הינטער זיך, האָט פאַביאַן זיך שטיל צעלאַכט. „דו וועסט נישט איינמאָל נאָך צו מיר אָנקלינגען, דו פאַרריסענער אייזל", — האָט ער געטראַכט אַן אויפגעבראַכטער. ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבערן קאָרידאָר און שווער געאָטעמט. ער האָט זיך גישט אויף קיין קאַטאָוועס דערשראָקן, דאָס מוז ער אָנערקענען. ער האָט נאָך אַלץ געפילט אַ ציטער אין די קני. אָבער שוין האָט ער אָנגעהויבן רואיקער און קלאָרער באַטראַכטן זיין מצב. האָט ער דען נישט קיין אָפּמאַך מיטן מאַגיסטראַט? מ׳קאָן אים דאָך נישט סתם אַזוי ווייזן די טיר? וואַרשיינלעך, מער ווי וואַרשיינלעך, האָט מען געוואָלט דעם דאָזיקן שלימזל ערגעצוווּ איינאָרדענען, און פאַר אים אליין האָט מען שוין מן־הסתם צוגעגרייט אַן אנדער פּאָסטן, אַ פּאַסיקערן און וויכטיקערן. ביסלעכווייז האָט ער זיך אינגאַנצן באַרואיקט.

פּלוצים האָט ער דערזען אַ קליינעם, באַלייבטן מאַנצפּאַרשוין, וועלכער איז אין גרוים איילעניש געלאָפן איבער די טרעפּ און שנעל אים אויסגעמיטן. דער קליינער פאַרשוין, מיטן הוט אראָפּגערוקט אויף דער פּאָטיליצע, איז אויף גיך צוגעגאַנגען צו דער טיר פון דערבייאיקן ביוראָ־צימער און האָט אָנגעהויבן געשווינד אויפשליסן. פאַביאַן האָט אים דערקענט לויט דער איילעניש און האסטיקייט. דאָס

אין געווען דער שטאָטישער אַרכיטעקט, אינזשיניער קריג, זיינער אַ גוטער פריינד. ער האָט זיך צו אים אָנגערופן, ווען יענער האָט שוין געהאַלטן ביים אַריינגיין אין ביוראָ.

קריג האָט זיך אויסגעדרייט.

— ליבער פריינד! — האָט ער מיט פרייד אויסגערופן און אַזוי הילכיק, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען אין קאָרידאָר.

— ענגדלער זענט איר צוריקגעקומען! קומט אַריין, לאָמיר אייך געבן באַ־טראַכטן.

מיט אויפריכטיקער פרייד איז ער פּאַביאַנען אַנטקעגנגעגאַנגען און אים גע־דריקט די האַנט.

— איר מוזט מיר דערציילן, וויאַזוי איר האָט פאַרבראַכט אייער אורלויב, טייערער פריינד! אַלזאָ, ווידער אָפּגעגליקט — פון טויט לעבעדיק געוואָרן? — האָט ער צוגעגעבן לאַכנדיק אויפן קול און אַריינגעצויגן פּאַביאַנען אין זיין ביוראָ.

— שנעלער, בימע. היינט האָב איך ווידער פאַרשפּעטיקט. ווי כ׳זאָל זיך נישט באַמיען, קאָן איך קיינמאָל נישט זיין פּינקטלעך.

דער אַרכיטעקט איז געווען רירעוודיק ווי קוועקזילבער. דאָס האָט זיך אויס־געדריקט אין זיין יעדער באַוועגונג, אין יעדן זשעסט. ער איז געווען פון קליינעם וווקס, געהאַט אַ רונדיק בייכל, געזונטע, פולע באַקן און אַ גרויסער שפּיצבערדל. ווי שטענדיק האָט ער געטראָגן אַ בינדע פון שוואַרצן זייד, „אַלאַ לאַוואַליער".

— וואָס האָט איר דאָ? — האָט ער פּליצים איבערגעריסן פּאַביאַנען, וועלכער האָט געהאַלטן אין דערציילן, ווי ער האָט פאַרבראַכט זיין אורלויב, און אָנגעוויזן אויפן ברוינעם קאָנווערט, וואָס פּאַביאַן האָט געהאַלטן אויף דער געלער טעקע. אָבער נישט וואַרטנדיק אויף פּאַביאַנס ענטפער, איז ער צוגעשפּרונגען צו אַ טיר, האַסטיק אויפגעעפנט און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ.

אין שכנותדיקן צימער האָט געאַרבעט זיין פּערסאָנאַל, און ס׳האָט זיך גע־לאָזט הערן דאָס קלאַפּן פון די שרייבמאַשינקעס.

— איך האָב נאָר געוואָלט זען, צי אַלץ איז אין אָרדענונג... ס׳קומט אויס צו זיין זייער פאָרזיכטיק זינט דער נייער איז אָנגעקומען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געדעמפּטער שטימע, פאַרמאַכנדיק די טיר.

ער האָט ווידעראַמאָל אָנגעוויזן אויפן ברוינעם בריוו.

— כ׳גיי אין געוועט, אַז דאָס איז דער זעלבער מין בריוו, וועלכע ס׳האָבן באַקומען צענדליקער אַנדערע קאָלעגן.

ער האָט זיך האַסטיק אַוועקגעזעצט אין פאָטעל און אַ צופרידענער אַ פּאַטש געטאָן איבער די רונדע, קורצע פיס.

פּאַביאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ס׳איז אים לייכטער געוואָרן, ווען ער האָט געהערט, אַז ער טיילט דעם גורל פון אַ סך אַנדערע.

— צי האָבן מאקע צענדליקער אנדערע קאָלעגן דערהאַלטן אַזעלכע בריוו? — האָט ער געפרעגט, נישט פאַרהוילנדיק זיין פרייד.

זיין אומרואיקייט איז שוין אינגאנצן פאַרשוואונדן, און ער האָט צוריקבאַקומען זיין געוויינלעכע גוטע שטימונג.

— יאָ, צענדליקער. מיט איין וואָרט: די אַלע, וועלכע האָבן ביז איצט נישט געקאָנט זיך באַנייסטערן מיט דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. איך אויך, — האָט דער אינזשעניער געלאַכט, אָנדייטנדיק מיט אַ פינגער אויף זיך, — איך דערוואַרט אויך יעדן טאָג אַזאַ בריוו. יעדן טאָג! יאָ, ליבער פריינד, מיר אַלע וועלן נאָך מוזן פאַרזוכן דעם זויערן עפּל, צי מיר ווילן, צי נישט. איר אָבער, ליבער פריינד, וואָס דאַרפט איר זיך זאָרגן, וואָס קאָן דען מיט אייך פּאַסירן? אַן אַדוואָקאַט מיט אַ גלענצנדיקער פּראַקטיק, וועלכער האָט זיך פּרעכטיק משדך געווען מיט אַ פרוי, וואָס האָט אים אריינגעבראַכט אין נדן פיר מויערן, אהא! אָבער וואָס זאָל איך זאָגן, בעט איך אייך! איך האָב בלויז עטלעכע בידנע גראָשנס אין באַנק און דערצו נאָך צוויי יונגע טעכטער, וועלכע האָבן מיט יעדן טאָג אַלץ מער פּרעטענ-סיעס. פון גרויס עגמת-נפש האָב איך מיך נעכטן אָנגעשיכורט. כ'מיין, ליבער פריינד, אַז כ'וועל אויפסניי מוזן אָנהייבן מיין קאַריערע אַלס לייטער פון בוי-אַרבעטן אָדער אַלס צייכענער אין אַ בוי-ביוראָ, האַ?

ער האָט זיך ביטער צעלאַכט און געשויבערט זיינע גרויע האָר.

— אָבער וואָס זאָגט איר וועגן דער געשיכטע מיט אונדזער גוטן קריגער?

— יאָ, כ'האָב געהערט, אַז ס'גייט אים נישט גוט.

— ס'איז באמת צו באַדויערן דעם אָרעמען טעאָ! — דער אַרכיטעקט האָט אַ לייכטן פייף געטאָן. — נישט גוט מיט אים, נישט גוט!

— אָבער אַזאַ אויסערגעוויינלעכער טיכטיקער מאַן, ווי קריגער, וועט דאָך לייכט ווידער באַקומען אַ פּאָסטן, — האָט פּאַביאַן געזאָגט.

דער אַרכיטעקט האָט געצוקט מיט די אַקסלען.

— לייכט וועט עס אים נישט אָנקומען, — האָט ער אַ פאַרזאָרגטער געענט-פערט. — קיין שום רעגירונגס-אַנשטאַלט וועט אים נישט אָננעמען, און פּריוואַטע פירמעס וועלן זיך ארוים מוט אָנצונעמען אַזעלכע. חוץ דעם, האָט נאָך די פּרעסע פאַרשוואַרצט זיין גוטן שם.

פּאַביאַן האָט אויף אים געקוקט אַ פאַרחידושטער.

— אָבער קריגער איז דאָך געווען אַלגעמיין באַליבט! — האָט ער אויס-גערופן.

— פריער. פריער איז ער געווען באַליבט, — האָט דער אַרכיטעקט קריג פאָרגעזעצט. — די צייטן האָבן זיך אָבער געוואַלדיק געענדערט. אַ מענטש, וועל-כער איז געזעסן יעדע נאַכט אין די קנייפּעס מיט פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען?

ניט מיט מיר און ניט מיט אייך, מײַן ליבער, נײן, נאָר מיט סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע ט׳ער און נאָך ערגערע טיפּן; אַ מענטש, וועלכער האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל ביי די פּריימוייערער, — האָט זיך דאָס גיט געמוזט שלעכט ענדיקן? מ׳וויל דאָך אים מאַכן אַ פּראָצעס.

— אַ פּראָצעס?

— יאָ, אַ פּראָצעס! — האָט דער אַרכיטעקט איבערגעחזרט. — ער זאָל האָבן פּאַרטאַכליעוועט שטאָטיש געלט. אָט פּלעגט ער פּאָרן, למשל, אין אָוונט מיט זײַן מיידל אויפֿן דאָרף, כדי צו געניסן אַ ביסל פֿון פֿרישע לופֿט. דאָס קאָסט, נאַטירלעך, בענזין און אייל. און די שטאָט־קאַסע האָט געמוזט דערפֿאַר צאָלן. חוץ דעם, האָט ער מיט זײַן מיידל געפֿירט פּריוואַטע טעלעפֿאָן־געשפּרעכן מינדסטנס דריי מאָל אין טאָג. איר הערט, דריי מאָל אין טאָג!

דער אַרכיטעקט האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז זײַנע רויטע באַקן האָבן אַזש גע־גלאַנצט. קודם־כּל האָט ער געלאַכט פֿון פֿאַביאַנס פֿאַרבליפֿט פּנים.

— און פֿאַר דעם, זעט איר, וויל מען אים פֿלעכטן אַ שטריקל אַרום האַלדז.

— ניט שוין זשע זענען אַזעלכע זאַכן מעגלעך? — האָט פֿאַביאַן ניט גלויבנדיק געפֿרעגט.

— וואָס׳ערע אַפּיקורסישע געדאַנקען, — האָט קריג אויסגערופֿן. — איר אָריענטירט זיך נאָך אַלץ ניט, פֿון וואַנען דער ווינט בלאָזט! אינעם דײַטשישן רייך מוז ווידער הערשן אָרדענונג. זענט איר אַ מיטגליד פֿון דער נאַציאָנאַל־כאָציאַליסטישער פּאַרטיי, קאָנט איר מאַכן, וואָס איר ווילט. זענט איר אָבער ניט קיין מיטגליד — דאַרפֿט איר זײַן אָפּגעהיט־צניעותדיק. צי האָט איר זיך שוין געזען מיט אייער ברודער וואָלפֿגאַנג? — האָט ער צוגעגעבן.

— נאָך היינט וועל איך זיך מיט אים זען, — האָט פֿאַביאַן געענטפֿערט.

דער אַרכיטעקט האָט זיך צו אים צוגעבויגן.

— אייער ברודער וואָלפֿגאַנג איז פּונקט אַזאַ אַפּיקורס, ווי מיר ביידע. אַ מוראדיקער אַפּיקורס! — האָט ער לאַכנדיק געזאָגט, און זײַנע בעקלעך האָבן געגלאַנצט.

ער האָט גענומען דערציילן, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק איז ער געזעסן מיט אייניקע פֿריינד אין „גלאָבוס“, אין דער געזעלשאַפֿט פֿון לערער גלייכען און פֿאַ־ביאַנס ברודער וואָלפֿגאַנג. ס׳איז געקומען צו רייד וועגן פֿרייהייט פֿון וואָרט און געדאַנק, און ביי דער געלעגנהייט איז געקומען צום אויסדרוק וואָלפֿגאַנגס בונטאָ־רישער גייסט.

— איר קענט דאָך זײַן טעמפּעראַמענט! „צוליב דעם האָבן מיר, מײַנע הערן, צוויי טויזנט יאָר געקעמפֿט קעגן קלער און קייסערטום, — האָט וואָלפֿ־גאַנג זיך געהיצט, — אַז מיר זאָלן איצט לאָזן אויף זיך אָנטאָן אַ גאַמאַשניק?

גיין, און דריי מאָל גיין! קיין שום דייטש וועט נישט לאָזן, מ'זאָל אים פאַרבאָטן צו האָבן זיינע איבערצייגונגען. איך וועל מיין מיינונג אַרויסזאָגן, אַפילו ווען מען זאָל מיך צובינדן צו אַ האַרמאַט, ווי די ענגלענדער זאָלן עס האָבן געטאָן מיט די הינדוסן". ער איז זיך אַזוי צעפאָרן — איך קענט אים דאָך! אין לאָקאַל זענען בײַ די טישלעך געזעסן אַ סך געסט, וועלכע האָבן גענומען זיך צוהערן. בײַם קײלעכדיקן טיש פאַר סטאַבילע געסט זענען געזעסן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן און האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. איינער פון זיי, אורטיילנדיק לויט די שטערנדלעך און אָפּצייכענונגען אויף זיין קראַגן, האָט געמוזט אַפילו זיין אַ העכערע שישקע. אין אויך דער... — ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער הינטער זיך. — דער דאָזיקער פאַרריסענער אייזל, אייער נאָכפאָלגער, איז אויך דאָרט געזעסן.

בײַ פּאַביאַנען האָט דעם אַרכיטעקטס באַצייכענונג אַרויסגערופן אַ געלעכטער, דער אַרכיטעקט האָט יענעם אַזוי אָנגערופן, ווי ער, פּאַביאַן, האָט אים פריער באַצייכנט אין געדאַנק.

— שילינג הייסט ער, — האָט פּאַביאַן געזאָגט.

— יאָ, אויך דער הער שילינג איז דערבײַ געווען, — האָט קריג ווייטער גערעדט. — מיר האָבן געהאַט אַ שווערע מערכה וואָלפגאַנגן צו באַרויקן, — האָט ער מיט גרויס לעבהאַפטיקייט דערציילט, אַז ער האָט אַזש געבראָכן די פינגער. — אויב איר וועט היינט זיין בײַ אים, טאָ בעט אים, באַשווערט אים, אַז ער זאָל זיך צוגעווינען צו זיין מער צוריקגעהאַלטן. זיינע ווערטער קאָנען נאָך אַמאָל פאַלש אויסגעטייטשט ווערן. די געהיים־פּאָליציי האָט זיך איצטער ווידער שטאַרק גענומען צו דער אַרבעט.

פּאַביאַן האָט אים צוגעזאָגט צו וואָרענען דעם ברודער און זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין.

— צי האָט איר שוין געזען דעם נייעם בירגערמייסטער? דעם הער טאַובענהאַוז? — האָט פּאַביאַן געפרעגט, בעת ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט.

דער אַרכיטעקט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— נאַטירלעך, כ'בין מיט אים אָפט אין קאָנטאַקט, — האָט ער געענטפערט. — ער איז אַן עלעגאַנטער מאַן מיט פיינע מאַניערן. וועגן זיינע פעיקייטן קאָן נאָך, פאַרשטייט זיך, קיינער קיין מיינונג נישט אַרויסזאָגן. ער שטאַמט פון אַ קליינער שטאָט אין פּאָמערן, וווּ אויפן מאַרקפּלאַץ לויפן אַרום גענדז און קאָזעס, ווי ער אַליין דערציילט. ער לייגט דער עיקר אַכט אויף פּינקטלעכקייט אין דינסט און אויף מאַקסימאַלער שפּאָרזאַמקייט. אין איצטיקן מאָמענט פיר איך דורך דעם רעמאָנט פון זיין אַמטלעכער וווינונג, און דאָס איז מן־הסתם די סיבה, וואָס איך האָב נאָך ביז היינט נישט באַקומען דעם ברוינעם בריוו. — קריג האָט זיך צעלאַכט. — אָבער בײַם רעמאַנטירן זיין וווינונג איז ער שוין לגמרי נישט קיין קמצן, אָ, ניין! אַלץ איז בײַ אים נישט גענוג פיין, ס'איז נישטאָ אַזעלכעס, ס'זאָל

זיין צו טייער! די קליאמקעס פון די טירן מוזן זיין דורכוים נייע און פון שווערן בראָנז, איצט דאָס שלאָף־צימער! — אזא פירשטלעך שלאָף־צימער האָט איר נאָך, מיין פריינד, אין אייער לעבן נישט געזען. אונדזער גוטער קריגער וואָלט זיין אַלטע אַמטלעכע וווינונג זיכער נישט דערקענט!

— קריגערס אַוועקגיין איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער שטאָט, — האָט געזאָגט פאַביאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן, וואָס מען האָט קריגערן אָפּגעזאָגט.

דער אַרכיטעקט האָט אים באַגלייט צו דער טיר.

— אַ שווערער, זייער אַ שווערער פאַרלוסט, — האָט ער אויפריכטיק פאַר־זיכערט. — אויך פאַר מיר איז דאָס אַ שווערער פאַרלוסט, וואָס איך קאָן אייך אַלס פריינד אָנפאַרטרויען. במשך פון דער צייט איז מיר געלונגען צו פאַראינטע־רעסירן קריגערן מיט מיין ליבלינגס־פּלאַן. ווען ער האָט באַמערקט פון פאַביאַנס פנים, אַז אָט דער ליבלינגס־פּלאַן איז אים אומבאַקאַנט, האָט ער אים אָנגעכאַפּט ביים קנאָפּ פון מאַנטל. — כ'האָב דעם איינדרוק, חשובער פריינד, אַז איר קענט בכלל נישט מיין ליבלינגס־פּלאַן! — האָט ער פאַרגעזעצט מיט ברען. — ניין? באמת נישט? זינט לאַנגע יאָרן טרוים איך וועגן איבערבויען דעם פּלאַץ, וואָס געפינט זיך פאַר דער פאַרחושכטער אַלטער רייטער־שולע. די אַרומיקע געביידעס וואָלטן געשאַפן אַ קאָלאָנאַדע, אַ געוועלב נעבן אַ געוועלב, איר פאַרשטייט? דער מאַרק־האַנדל און די אַלע בודעס וואָלטן אַהין אַריבערגעטראָגן געוואָרן, אַזוי אַז דער ראָטהויז־פּלאַץ וואָלט פריי געוואָרן, און מ'וואָלט אים געקאָנט באַצירן מיט גערטנדלעך. אויך אייער ברודערס ברונעם וואָלט זיך געפונען אויף אַ פּאַסיקערן אָרט.

— דער איינפאַל שיינט באמת צו זיין אָריגינעל, — האָט געזאָגט פאַביאַן, וואָס האָט נאָך לפנים ווי זיך צוגעהערט צו קריגס רייד.

דער אַרכיטעקט האָט געשטראַלט פון באַגייסטערונג.

— קומט אַקאָרשט, קומט! — האָט ער אויסגערופן און געצויגן אים ביים קנאָפּ פון מאַנטל. — כ'וועל אייך תיכף ווייזן מיינע שקיצן, פון וועלכע איר וועט זיך זיכער באַגייסטערן. קריגער איז געווען ממש אַנטציקט פון זיי און האָט שוין מסכים געווען צו בויען די קאָלאָנאַדן. דערביי איז דער פּראָיעקט נישט קיין טייע־רער. בלויז דאָס דירה־געלט פון די געוועלבער פאַרזיכערט די רענטאַבלקייט. איר פאַרשטייט?

פאַביאַן האָט אים איבערגעבעטן, דערקלערנדיק, אַז ער האָט נאָך אַ סך ענינים צו דערלעדיקן.

— אַן אַנדער מאָל, מיין ליבער אַרכיטעקט. היינט בין איך געוואַלדיק פאַר־נומען.

— אַלזאָ, אין די נאָענטסטע טעג? איר וועט שטענדיק זיין אַ ליבער גאַסט! — האָט דער אַרכיטעקט געזאָגט. — צו דער אַרבעט, צו דער אַרבעט! — האָט ער אויסגערופן האַלב זינגענדיק און איז מיט טענצלדיקע טריט צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש, בעת פּאַביאַן האָט פאַרלאָזט דאָס צימער.

## VI

די קורצע אונטערהאַלטונג מיטן אַרכיטעקט האָט פּאַביאַנען אָנגעפּולט מיט בטחון. ער איז געווען כמעט ווי איבערצייגט, אז עס וואַרט אויף אים אַ פּרעכטי־קער פּאָסטן. גערנער פון אַלץ וואָלט ער אַוועק צום הער טאַובענהאַוז און וואָלט אים ראַפּאָרטירט: „אַדוואָקאַט פּאַביאַן מעלדעט זיך געהאָרכזאַם צוריק פון אור־לויב. אַלס זיבעצניעריקער פרייוויליקער בעתן וועלט־קריג געדינט אין דער אַרטי־לעריע, אויפן פראָנט אַוואַנסירט אויף אָפיצער, געוואָרן אויסגעצייכנט מיטן אייזער־נעם קרייץ פון ערשטער מדרגה. אַ דייטש פון קאָפּ ביז די פיס". ער האָט צופרידן געשמייכלט, גייענדיק איבערן ראַטהויז־פּלאַץ.

די זון האָט געוואָרעמט כמעט ווי אין זומער, און דער גלאַנץ פון בלויען הימל האָט פּאַביאַנען אָנגעפּולט מיט פרייד. אויפן פּלאַץ האָט זיך אָקאָרשט גע־ענדיקט דער מאַרק. פויערישע פורן, אָנגעפּאַקט מיט ליידיקע קוישן און דאָרפס־לייט, האָבן אָפּפאָרנדיק געסקריפּעט. די גאַסן־קערער זענען מיט בעזעמס און גומענע קישקעס שוין געווען ביי דער אַרבעט און געגומען אָפּרוימען אויף אַ זייט די בערג קרויטבלעטער.

פּאַביאַן איז ווידער געבליבן אייניקע סעקונדן שטיין ביים נאַרציז־ברונעם. „אַ שאָד, — האָט ער געטראַכט אַוועקגייענדיק, — וואָס וואָלפגאַנג האָט אַזוי ווייניק אַמביציע. מיט אַ יאָר צוריק האָט מען אים פאָרגעלייגט צו ווערן פּראָפע־סאָר אין בערלין, ער האָט אָבער ליבערשט געוואָלט בלייבן דאָ אַלס לערער אין דער צווייטראַנגיקער קונסט־שול. ער ציטערט פּשוט פאַר בערלין און האָט מורא, אַז די הויפּטשטאָט וועט האַמעווען זיין קינסטלערישע שעפערישקייט. אַ שאָד, אַ שאָד! ווי ווייט וואָלט ער שוין היינט דערגאַנגען".

זיין ברודער וואָלפגאַנג האָט געוווינט אין יאַקאָבסביל, אַן אַלט דאָרף, אַ האַל־בע שעה ווייט פון שטאָט. פאָרן געלט, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דעם נאַרציז־ברונעם, האָט ער זיך דאָרטן געקויפט אַן אַלט פויעריש הויז, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן פון אַ סאָד. קיין יאַקאָבסביל האָט מען געקאָנט צופאָרן מיט אַ טראַמוויי, אָבער דער שיינער האַרבסט־וועטער האָט פּאַביאַנען צוגעגעבן חשק איבערצושפּאַצירן זיך צופוס.

ער איז דורכגעגאַנגען דעם צפון־טייל פון שטאָט, ווו ס'האָבן געוווינט מערסטנטייל אַרבעטער, און פאַרבייגעגאַנגען די פאַנאַנדערגעשפּרייטע מאָדערנע פאַבריקן פון די שעלהאַמערס, ווו ס'האָבן געאַרבעט בערך פינף טויזנט אַרבעטער. די דאָזיקע פאַבריקן זענען געווען דער יסוד פאַרן וווילשטאַנד פון דער שטאָט. דערנאָך איז פאַביאַן אַרויס אויפן אָפענעם פעלד און אויף דער טאָפּאָלן־אַלייע, וועלכע האָט געפירט קיין יאַקאָבסביל.

אין די לעצטע יאָרן זענען אין דעם אוראַלטן דאָרף אויפגעבויט געוואָרן אייניקע נייע ווילעס און הייזער, וואָס עס האָט וואָלפגאַנגען פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. פונדעסטוועגן האָט נאָך אַלץ דאָס דאָרף אויסגעזען, ווי מיט הונ־דערטער יאָרן צוריק. אויך וואָלפגאַנגס פויעריש הייזל האָט קוים געענדערט דעם דאָרפישן כאַראַקטער, און ביי דער גאָרטן־פורטקע, נעבן אַ שמאָלער בייט אַלט־מאָדישע פיאָלעטע אסטערס, האָט נאָך אַלץ געסקריפּעט דער ברונעם מיט דער פרימיטיווער הילצערנער קאָריטע.

ווען פאַביאַן האָט געעפנט די קליינע הילצערנע גאָרטן־פורטקע, האָט שוין וואָלפגאַנגס באַלעבאָסטע, אַן אַלטע פויערטע, געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ, אַרויסקוקנדיק פונעם נידעריקן קיך־פענצטער. דורך אַ קליינעם פאָדערצימער איז ער אַריין אין וואָלפגאַנגס גערוימען אַרבעטס־צימער, וועלכער איז אַזוי גע־דיכט געווען אָנגעפולט מיט ציגאַרן־רויך, אַז פאַביאַן האָט לכתחילה גאָרנישט געקאָנט אונטערשיידן. דערנאָך ערשט האָט ער דערזען, אַז ביים הויכן אַטעליע־פענצטער, וואָס איז אַריינגעבויט געוואָרן אין דער פראָנט־וואַנט פונעם פויערישן הייזל, זיצן צוויי מענער אויף נידעריקע פאָטעלן און פירן אַ לעבהאַפטן שמועס, רויכערנדיק ציגאַרן. זיי זענען געזעסן נעבן אַ סקולפּטור פון נאַטירלעכער גרייס, וואָס האָט נאָך געגלאַנצט פון פייכטקייט. אויף אַ רונדיקן טיש זענען פאַר זיי געשטאַנען צוויי אויף אַ העלפט אָפּגעטרונקענע גלעזער וויין. אין דעם העלן אַר־בעטס־פאַרטעך און דער צעשויבערטער משופּרינע טונקעלע ערטערווייז שוין גרויע האָר און לויט דעם דינעם פּאַפּיראָס „ווירגיניאַ" אין מויל האָט פאַביאַן דערקענט זיין ברודער. אין צווייטן, מיט די געקרייזלטע ברוינע האָר, האָט זיך געלאָזט דערקענען דעם לערער גלייכען, וועלכער איז געווען אַן אָפטער איינגייער ביי וואָלפגאַנגען.

— סקאַנדאַליעז און אומפאַרשעמט! — האָט דער לערער גלייכען, מאַכנדיק אַ לעבהאַפטן זשעסט, אויסגערופן און אויסגעשטרעקט די האַנט צו זיין גלאָז.

וואָלפגאַנג האָט פאַביאַנען דער ערשטער באַמערקט, איז ער אויפגעשפּרונגען און אַ לאָז געטאָן זיך צו אים.

— פראַנק! — האָט ער מיט פרייד אויסגערופן, — זעט נאָר, ס'איז דאָך פראַנק!

אויך דער לערער גלייכען האָט זיך אויפגעשטעלט, כדי אים צו באַגריסן, און פאַביאַן האָט גלייך ווידער דערפילט דעם צויבער פון זיין ווייכער, שיינער שטימע.

— וואָס פאַר אַן אָנגענעמע איבערראַשונג! — האָט דער סקולפּטאָר פאָרגעזעצט. — ביסט געקומען צו דער ריכטיקער צייט אויף אונדזער קליינער באַראַטונג, און מירן דיך באַגריסן מיט אַ גלעזל וויין.

דערביי האָט ער געעפנט אַ גרויסע, מיט רויזן באַמאָלטע פּויערישע שאַפקע, אין וועלכער ס'זענען געשטאַנען פלעשער און גלעזער פון פאַרשידענער גרייס. עטלעכע גלעזלעך און אַ פלאַש האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף דעם קאַסטן מיט ליים, נעבן דער נאָך פייכטער סקולפּטור.

— איז דאָס אַ סאָרט וויין, זאָג איך דיר, פראַנק! ער קאָן אַ טויטן לעבעדיק מאַכן! — האָט ער אַ דערפרייטער אויסגערופן און אָנגעגאָסן די גלעזלעך, באַטראַכטנדיק גלייכציייטיק דעם ברודער מיט צערטלעכע בליקן. — איך האָב זיך געמלעך היינט אַנטשלאָסן, געגוייער געזאָגט, מיט עטלעכע שעה צוריק, ענדלעך אויסצופּאַרשיקן דעם אַקט און אים אין אָקטאָבער אַרויסשיקן צו דער גרויסער אויסשטעלונג אין מינכען. דאָס איז טאַקע געווען די טעמע פון אונדזער שמועס. גלייכען האָט מיך שטאַרק צוגערעדט, און מיר האָבן תיכף דעם באַשלוס באַנעצט מיט אַ גלעזל וויין. דאָס, וואָס דו ביסט אַקוראַט דערצו געקומען, פראַנק, באַטראַכט איך פּשוט פאַר אַ גליקלעכן צייכן פון הימל.

פאַביאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף דער נאָך פייכטער ליימענער פיגור.

— „דער, וואָס צערייסט די קייטן!“ — האָט ער אויסגערופן. — ענדלעך האָלטסטו שוין אַזוי ווייט!

וואָלפגאַנג האָט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ.

— יאָ, דאָס איז ער! — האָט ער געזאָגט. — כ'האָלט אים ביים פאַרענדיקן. נאַטירלעך, וועל איך נאָך מוזן אַ פאָר וואָכן פעסט אַרבעטן!

— איר קענט דאָך וואָלפגאַנגען, — האָט זיך גלייכען אַריינגעמישט. — ער איז קיינמאָל נישט צופרידן. איך האָלט אָבער, אַז אַפילו די קלענסטע ענדערונג וואָלט געווען אַ פאַרברעכן.

דער סקולפּטאָר האָט זיך צעלאַכט.

— אויפן רוקן איז נאָך געבליבן קלייניקייטן צו פאַרבעסערן, — האָט ער דערווידערט, — ווי זאָל אַ פּעדאַגאָג זיין אַ מבין אויף אַ רוקן? אָבער כ'פאַרזיכער אייך, אַז אָט, נאָך פיר וואָכן, און ס'וועט זיין אינגאַנצן פאַרטיק. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון גלייכענס מבינות.

גלייכען איז געווען זייער געשעצט נישט אַזוי אַלס באַשיידענער לערער, ווי אַלס שרייבער. ער פלעגט אָפט שרייבן אין די צייטשריפטן וועגן קונסט־פראַגן.

פּאַביאַן האָט שוין פון אַ לענגערע צייט געקענט די סקולפּטור „דער, וואָס צערייסט די קייטן". וואָלפגאַנג האָט איבער איר געאַרבעט שוין אַ יאָר צייט. חדשים־לאַנג איז די סקולפּטור געשטאַנען אין אַ ווינקל פון אַטעליע אַ פאַרלאָזטע, איינגעהילט אין פייכטע שמאַטעס. איצטער האָט זיך פּאַביאַן געפרייט, וואָס וואָלפ־גאַנג האָט ענדלעך פאַרענדיקט די אַרבעט, און זי האָט אים אויסגעוויזן צו זיין אויסערגעוויינלעך געלונגען.

דאָס איז געווען אַ געשטאַלט פון אַ צאַרטן יונגטלעכן, וועלכער, מיט אַ פּאָר־שטשעמעטער קראַפט, מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל אויף די פאַרעקשנטע ליפּן, צערייסט איבער די קני די רינגען פון אַ קייט. מער גאָרנישט. דער לייכט פאַרויסגענייגטער קערפּער, דאָס טיפע אָטעמען און אויסברייטערונג פון זיין ברוסט, די קאָנצענטרירטע אָנגעשטרענגטקייט פון אַלע כוחות — דאָס אַלץ האָט פּאַביאַנען אויסגעוויזן צו זיין פשוט אָט די שלימות אַליין. וואָלפגאַנג האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז איבערגעטריבן, אויפגעצווונגען און ברוטאַל. „מיט מוסקולן מאַכט מען נישט קיין פּלאַסטיק" — פלעגט ער זאָגן.

פּאַביאַן האָט אויסגעדריקט זיין התפעלות:

— הערלעך! אַזוי האָט אפשר געקאָנט פילן נאָר איין מענ'יע ! *

פּאַביאַן האָט ליב געהאַט אַרויסצווייזן זיך אַלס גייסטרייכער מענטש מיט אַלזייטיקן וויסן.

— רעד נישט, איך בעט דיך! — האָט אים וואָלפגאַנג איבערגעריסן, — ווערטער האָבן נאָך קיינמאָל נישט געשאַפן קיין קונסטווערק, האָבן אָבער נישט איין קונסטווערק צעשטערט.

ער האָט געפּיפּקעט זיין „ווירגיניאַ", געקוקט נאָכפאָרשעריש אויף דער פיגור, פאַרזשמורענדיק די אויגן.

ערשט איצט האָט פּאַביאַן באַמערקט, אַז די פיגור שטייט אויף אַ פּאָסטו־מענט, אויף וועלכן ס'זענען אויסגעקריצט די ווערטער: „ליבערשט דעם טויט, איידער אַ שקלאַף".

— כ'זע, אַז „דער, וואָס רייסט די קייטן" האָט באַקומען אַ נייעם דעוויז, — האָט ער געזאָגט, — אפשר האָב איך דאָס פריער נישט באַמערקט?

וואָלפגאַנג האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך זיך צעלאַכט.

— אָט וועגן דעם גייט עס! — האָט ער אויסגערופן. — דער דאָזיקער דעוויז איז, אין דער ערשטער ריי, די סיבה, צוליב וועלכער איך וויל די סקולפּטור אויס־שטעלן, און דווקא איצט. נישט אמת, גלייכען? מיר האָבן וועגן דעם לאַנג דיסקו־טירט.

---

* קאָנסטאַנטין מענ'יע (1831—1905) — באַדייטנדיקער בעלגישער סקולפּטאָר, מאָ־לער און גראַפיקער.

דער לערער גלייכען האָט באַשטעטיקנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דאָס איז אַ פּראָטעסט! — האָט ער דערקלערט, און רויטע פלעקן האָבן זיך באַוויזן אויף זיינע בלאַסע, איינגעפאַלענע באַקן. -- עס איז א פּראָטעסט קעגן דער אומווירדיקער פאַרקנעכטונג פונעם מענטש.

— צי וועט מען דעם פּראָטעסט נישט באַטראַכטן ווי אַ פּראָוואָקאַציע? — האָט פאַביאַן געפרעגט.

וואָלפגאַנג האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען.

— ס'איז נאָך אַ פראַגע, צי דער פּראָטעסט וועט בכלל פאַרשטאַנען ווערן. אויב מ'וועט אים פאַרשטיין ווי אַ פּראָוואָקאַציע, איז נאָך בעסער. מיר איז דאָס אַלציינס. יעדנפאַלס וועלן טויזנטער מענטשן דעם פּראָטעסט פאַרשטיין, און דערמיט וועל איך האָבן מיין ציל דערגרייכט. דערווייל אָבער לאָמיר דעם אַקט ווידער צודעקן.

ער האָט אַרומגעוויקלט די פיגור מיט פייכטע שמאַטעס, און די סקולפּטור האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ העסלעך־פאָרמלאָזע ברילע. דערנאָך האָט ער אויך פאַרדעקט דעם פּאָסטומענט מיטן דרעווין.

— און אַציגד, פאַביאַן, וועסטו אזוי גוט זיין און אונדז דערציילן, וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט, — האָט ער זיך געווענדעט צום ברודער. — נאַטירלעך, וועסטו בלייבן ביי מיר אויף מיטאָג, דאָס איז זעלבסטפארשטענדלעך. גלייכען האָט שוין צוגעזאָגט. ס'וועלן זיין בליגצעס, וועלכע מיין רעטא מאַכט אויסגעצייכנט. לאָמיר זיך אַוועקזעצן צום טיש ביים פענצטער.

וואָלפגאַנג איז כמעט שטענדיק געווען אין א באַשטענדיקער הייטערער שטימונג, א הייטערקייט פון שעפערישע מענטשן. ער איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פונעם ברודער, קלענער און קרעמפּער פון אים און געהאַט מער מענערישע און שטרענגע געזיכטס־שטריכן. זיינע האָר זענען געווען ווי צעשויבערט און צע־פּאַטלט, און אין זיי זענען שוין גאַנץ שטאַרק געווען קענטיק די זילבערנע פעדעם. זיינע העל־ברוינע אויגן, מיט די טונקעלע פינטעלעך, זענען אויך געווען פול מיט הייטערקייט — האָבן אָבער געהאט א מערקווירדיק געהיימנישפולן אויסדרוק, וועלכן ס'איז שווער געווען גלייך צו דערגרונטעווען. להיפוך צו זיין ברודער, האָט ער נישט געלייגט קיין גרויס אכט אויף זיין אויסערלעכקייט. זיין העלער ארבעטס־קיטל איז געווען צעקנייטשט, פארפּאַטשקעט מיט שטויב און פארטריקנט ליים. ס'איז געווען קענטיק, אז ער איז פארטאָן אין זיין ארבעט מיט אלע זיינע געדאנקען און שעפערישער טעטיקייט. ער פלעגט אָפט לאַכן, און גערעדט האָט ער שוין ווייט נישט אַזוי פליסיק, גלאַטיק און קאָרעקט, ווי זיין ברודער.

דער לערער גלייכען איז געווען העכער פון זייביידע. ער האָט געהאט גע־קרייזלטע, כמעט אינגאנצן גרויע האָר, אַ קאנטיק, געשטופּלט פּנים און טריבע, גליווערנדיקע, גרויסע אויגן. ער איז בכלל געווען א שוייגער. אָבער קוים האָט ער

שוין געערדט, פלעגט מען ווערן דערשטוינט פון דער ראפינירטקייט און שיינקייט פון זיין שפראך.

וואָלפגאנג האָט פארדרייכערט א נייעם „ווירגיניא" און אויפמערקזאַם געמאכט דעם ברודער אויף דער גלאזור פון דער וואזע, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש.

— דאָס איז אן עכט אלט־כינעזישע וואזע. קוק זיך גוט צו, פראנק. כ'וואָלט וועלן דערגרונטעווען דעם סוד פון דער דאָזיקער גלאזור.

זיי האָבן געשמועסט וועגן גלאזורן און וועגן וואָלפגאַנגס טיגל־אויוון, מיט וועלכן ער האָט באזונדערס שטאָלצירט.

בעת דעם שמועס איז אריינגעקומען וואָלפגאַנגס באַלעבאָסטע, וועלכע האָט געהייסן מארגארעטא, אָבער גערופן האָט מען זי רעטא. וואָלפגאַנג איז נאָך געווען אַ בחור. ער האָט געהאלטן, אז פרויען און קינדער ברענגען אריין אין הויז צופיל אומרואיקייט, און א קינסטלער דארף לעבן בלויז פאר זיין קונסט. ער האָט זיך, ווייזט אויס, ווייניק אינטערעסירט מיט פרויען, און בלויז וועגן איין פרוי האָט פאַביאַן פון אים איינמאָל געהערט רעדן מיט באגייסטערונג. דאָס איז געווען די פרוי בעאטע לערכע־שעלהאַמער, וועלכע זיי האָבן געקענט נאָך פון די קינדער־יאָרן.

רעטאַ איז געווען אן עלטערע, איינגעהויקערטע פויערטע, א זעלטענע מיאוס־קייט, ווי עפעס א מכשפה. זי איז אריינגעקומען אין אטעליע און שנעל צוגע־גאַנגען צו וואָלפגאַנגען, דערביי האָט זי זיך ווי צונויפגעשרומפן, און איר אָפּגע־צערט פנים האָט אויסגעדריקט אומרואיקייט און מבולבלקייט.

— פארן הויז פונעם וועטערינאר שוברינג שטייט אן אויטאָ, — האָט זי אן אויפגערעגטע געזאָגט.—דאָס איז עפעס נישט אין אָרדענונג! די פארשוינען האַלטן אין איין אָנווייזן אויף אונדזער הויז.

— דער אויטאָ זעט אויס פאַרדעכטיק? — האָט וואָלפגאַנג געפרעגט און געלאכט.

טאַקע פאַרדעכטיק. צוויי מונדירטע פארשוינען זיצן אינעווייניק, און דעם שאָפער קען זי. דאָס איז דער זעלביקער שאָפער, וואָס דעמלט, ווען מ'האָט פארנו־מען דעם פאסטאָר רעכטלאנג נאָך זיין פרעדיקן אינעם טאָג פון גרינעם יום־טוב.

— די הערן קאָנען זיי אליין זען, — האָט רעטא פארענדיקט און זיך צוגע־שלייכט צו איינעם פון די קליינע פענצטער, וואָס זענען ארויסגעגאנגען צו דער גאס.

פאַר דעם הויז פון דעם וועטערינאַר שוברינג, וואָס האָט געוווינט אין איינער פון די געשמאַקלאָזע ווילעס, וועלכע וואָלפגאַנג האָט אזוי געהאסט, איז געשטאַנען אַ געווייגלעכער, גאַנץ גרויסער אויטאָ. דער שאָפער האָט זיך אַקוראַט איצט געפּאָ־רעט אַרום דער מאַשין און אויפגעשטעלט דעם צודעק. ער איז געווען אַ קליינער און אַ ביסל איינגעהויקערט, און לויט דעם האָט רעטאַ געגלייבט, אַז זי דערקענט אים. צוויי פארשוינען אין ברוינע מונדירן זענען געשטאַנען נעבן א גידעריקן דיקן

ציווילן, דעם ווטעריגאר שובריגג, ווע‏מענם ליסער קאָפּ האָט געגלאַנצט פונדער־ווייטנס. ס׳האָט אויסגעזען, ווי דער נידעריקער, גראָבער פאַרשוין זאָל האָבן זיי עפּעס דעריקלערט און דערביי כסדר געטייטלט אויפן סקולפּטאָרס הויז.

— זיי ווייזן כסדר אָן אויף אונדז! — האָט די אלטע רעטאַ איבערגעחזרט אָן אויפגערעגטע, אָפּטרעטנדיק פון פענצטער. — זיי זענען אוודאי געקומען צו אייך, הער פּראָפעסאָר.

דער שאָפער האָט געעפנט די טירלעך פון אויטאָ, און די צוויי מענער אין ברוינע מונדירן זענען אריין אינעווייניק.

— זיי פאָרן אהער, הער פּראָפעסאָר, — האָט די אלטע רעטא אין גרויס שרעק איבערגעחזרט. איר פּנים איז געל געוואָרן, — מיר איז דאָס גלייך געוועזן אויפ־פאַלנד.

— נו גוט, רעטאַ, צו וואָס איז די שרעק? אפשר וועלן זיי באַשטעלן ביי מיר אַ דענקמאָל? — האָט וואָלפגאַנג געשפּאַסט.

דערווייל איז דער אויטאָ צוגעפאָרן צום הויז און זיך האַסטיק פאַרהאַלטן.

רעטאַ איז פאַרציטערט געוואָרן.

— וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט זי געפּליסטערט און האָט זיך נאָכמער צונויפגעקאָרטשעט.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ צי פאַרן גלאָק און אַ הייזעריקער קלאַנג.

— זאָל דער הער פּראָפעסאָר אַרויסגיין אויפן פעלד, — האָט רעטאַ ציטערנ־דיק געשעפּטשעט, — איך וועל זיי זאָגן, אַז איר זענט אַוועקגעגאַנגען, אנישט וועט איר האָבן נאָר אומאָנגענעמלעכקייטן.

זי האָט געוואָלט צוגיין צו דער טיר, אָבער וואָלפגאַנג האָט זי פאַרהאַלטן.

דער לערער גלייכען האָט זיך אַ פאַרזאָרגטער געווענדעט צום סקולפּטאָר:

— האָב איך אייך דען שוין גלייך דעמאָלט נישט געזאָגט אין „גלאָבוס“? איר זענט געווען צו אומפאָרזיכטיק. דאָס זענען פאַרשוינען פון דער גאַס פון הייליקן גייסט, איך קען זיי.

ווידער האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קלינגען פון גלאָק, אָבער דאָסמאָל האָט מען שוין געהערט אַ שטאַרקן קלינגען. דער דראָט האָט שטאַרק געסקריפּעט. צו־גלייך האָט זיך געהערט אַ העפטיק קלאַפּן אין טיר.

איצט האָט אויך פאַביאַנען באַהערשט אַן אומרואיקייט.

— רעטאַ איז גערעכט, גיי ארויס אויפן פעלד, — האָט ער אייליק געזאָגט, — וועסט זיך פאַרשפּאָרן אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן. איך וועל עפענען.

אָבער אָנשטאָט צו ענטפערן איז וואָלפגאַנג שנעל צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— מאַכט אייך נישט לעכערלעך, — האָט ער דערווידערט און געעפנט די טיר. — ווער איז דאָרט? — האָט ער הויך אויסגערופן און איז ארויס פון אטעליע.

אלע דריי האָבן פאַרטייעט זיך אונטערגעהערט.

פונעם קליינעם פּאָדערציממער האָט מען געהערט שטימען, דערנאָך האָט זיך פאַרמאַכט די טיר און קולות האָבן זיך שוין דערטראָגן פון הינטער דער וואַנט. ס'זענען אַריבער עטלעכע מינוט, די שטימען זענען אַלץ נאָך דערגאַנגען דורך דער וואַנט, דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער איבערגעטראָגן אין פּאָדערציממער.

— איר זאָלט זיין פּינקטלעך! — האָט איינער גראָב אַ זאָג געטאָן.

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט.

וואָלפגאַנג האָט זיך צוריקגעקערט אין אַטעליע. ער איז געווען בלאַס און צע־טראָגן. די האַנט האָט ביי אים געציטערט, ווען ער האָט געוואָלט נעמען די שווע־בעלעך אָנצוצינדן זיין פאַרלאָשענעם ציגאַר.

— דאָס זענען באמת געמיינע יונגען! — האָט ער געברומט מיט שוים אויף די ליפּן.

רעטאַ איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט געהאַט די דרייסטקייט זיך אָנצורופן.

— ליבער גאָט! ווי בלייך איר זענט, הער פּראָפעסאָר! — האָט זי אויסגערופן.

ענדלעך האָט זיך וואָלפגאַנגען איינגעגעבן צו פאַררויכערן זיין ציגאַר. דאָס בלוט האָט אים צוריק אַ שלאָג געטאָן אין פּנים.

— גיי אין דיין קיך אַריין, רעטאַ, און גיב אַכטונג, אַז דאָס עסן זאָל פאַרטיק ווערן! — האָט ער באַפוילן, קוקנדיק אויף איר פון אונטערן שטערן.

רעטאַ איז תיכף פאַרשוווּנדן. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם פּראָפע־סאָר, אַז ער זאָל אַזוי זיין אויסער זיך.

— געלויבט צו גאָט, וואָס דו האָסט זיך אומגעקערט, וואָלפגאַנג! — האָט פאַביאַן געזאָגט, — וואָס איינגנטלעך האָבן זיי געוואָלט?

וואָלפגאַנג האָט אַן אויפגעבראַכטער געצוקט מיט די אַקסלען.

— די דאָזיקע יונגען האָבן זיך פאַרהאַלטן אומדערהערט! — האָט ער גע־זאָגט קוים פאַרשטענדלעך, פּיפּקענדיק דעם ציגאַר. — וואָסער גרענעצלאָזע אומ־פאַרשעמטקייט! זיי האָבן מיר געברענגט אַן אויפפאָדערונג.

— אַן אויפפאָדערונג? — האָט גלייכן אַ דערשראָקענער געפרעגט, און זיין מאָגערער האַלדז האָט זיך אויסגעצויגן אין דער הייך, בשעת די אויגן האָבן אויפ־געפלאַמט. — צו קומען אויף דער גאַס פון הייליקן גייסט?

גלייכען איז אין די דאָזיקע ענינים געווען באַהאַוונט.

— יאָ, אויף דער גאַס פון הייליקן גייסט נומער זיבן, האָבן זיי געזאָגט, — האָט וואָלפגאַנג געענטפערט שוין אַ ביסל אַ באַרואיקטער. — מאָרגן אין דער פרי, ניין אזייגער דאַרף איך זיך מעלדן.

— מיט די דאָזיקע יונגען איז נישט צו שפּאַסן, פּראָפעסאָר! — האָט גלייכען אויסגערופן. — איך קען זיי שוין גוט! דאָסמאָל איז עס נאָך אַדורך מיט חסד. צי האָבן זיי עפּעס דערמאָנט וועגן רעסטאָראַן „גלאָבוס“?

— יאָ, — האָט וואָלפגאַנג געברומט, — זיי פארלאנגען אויפקלערונגען וועגן די באַמערקונגען, וועלכע איך האָב מיט איניקע טעג צוריק געלאָזט פאַלן אין „גלאָבום“.

גלייכען האָט אַ לייכטן פייף געטאָן דורך די ציין.

— זעט איר? — האָט ער אויסגערופן. — שוין דעמלט האָב איך געזאָגט: פּאָרזיכטיק, דאָס זענען פאַרדעכטיקטע טיפּן!

דער סקולפּטאָר האָט אוועקגעוואָרפן דעם האַלב אויסגעריכערטן „ווירגיניא“ אויפן דיל און אים צעטראָטן מיטן פוס. דערמיט האָט ער, זעט אויס, גובר געווען זיין קלעמעניש. ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע א נייעם פּאַפּיראָס און געזאָגט שוין מיט זיין געוויינלעכער שטימע:

— זאָל זיין גענוג שוין וועגן דער דאָזיקער נבלה, איך בעט אייך!

ס'האָט זיך אַפילו צו אים צוריקגעקערט זיין פריערדיקע גוטע שטימונג.

— קומט, מיינע הערן! — האָט ער זיי איינגעלאדן. — לאָמיר זיך נישט קאַליע מאַכן דעם אפּעטיט צוליב די עקלדיקע גראָבע יונגען. און ער האָט געעפנט די טיר אין דער באַשיידענער עסשטוב.

# VII

— און אַצינד בעט איך אייך נעמען אין מויל אריין, מיינע הערן! — האָט דער סקולפּטאָר מיט א הייטערער שטימע זיך געווענדעט צו זיינע געסט, — איר וועט אַליין זען, אז קיינער קאָן נישט מאַכן אַזעלכע הערלעכע בלינצעס, ווי רעטא. ביי אַ גלעזל מאָזעל-וויין וועלן מיר פארגעסן וועגן די אלע מיאוסקייטן, וועלכע ווערן שוין אומדערטרעגלעך. לאָמיר טרינקען פאר בעסערע צייטן!

פּאַביאַן האָט געמוזט אָפּגעבן אַן אויספירלעכן באריכט וועגן זיין גאַנצער קוראַציע. באַזונדערס האָט וואָלפגאַנג געגוי געוואָלט וויסן, וויאַזוי מ'קאָן די צייט פארטרייבן אין אזא לאַנגווייליקער סאַנאַטאָריע.

בשעת דעם באַשיידענעם מאָלצייט האָט וואָלפגאַנג אינגאַנצן פארגעסן וועגן דעם אומאָנגענעמען אינצידענט. ער האָט ארויסגענומען פון א קופערט צוויי קאַנדעליאברעס, וועלכע ער האָט פּראָיעקטירט פאר א פּאָרצעלאַן-פאבריק. די פאבריק האָט געוואָלט ארויסלאָזן א סעריע אזעלכע קאנדעליאברעס מיט זעקס לייכטער, וואָס דער הויפּט-מאָטיוו אויף זיי האָט געזאָלט זיין פאַרביקע, ווי לעבעדיקע, פּאַפּוגייען און קאקאדוען. וואָלפגאַנג האָט זיי אויסגעברענט אין זיין אייגענעם טיגל-אויוון.

די לייכטערס זענען געווען פּרעכטיקע און האָבן דערמאנט אין דער מייסנער-פּאָרצעליי. פּאַביאַן און גלייכען זענען געווען אנטציקט. פּאַביאַן האָט געבעטן, אז

ער זאָל פאַר אים רעזערווירן די ערשטע סעריע, גלייכען האָט נישט אויפגעהערט צו באַטאָנען, וואָסער גרויס פאַרדינסט עס וואָלט זיין, אַז מען וואָלט צוריק אויפגע־לעבט די פאַבריקאַציע פון קונסטווערק, וועלכע איז זייער געפאַלן.

— נאַטירלעך, ווייס איך זייער גוט, גלייכען, — האָט וואָלפגאַנג געזאָגט, — אַז צוליבן שווידערלעכן שונד אין אונדזער לאַנד איז א גוטע פאַבריקאַציע פון קונסטווערק פונקט אזוי נייטיק, ווי דאָס טעגלעכע ברויט. אָבער טראָץ דעם אלעם פרעג איך מיך אליין, צי מעג איך אָננעמען דעם אויפטראג? צייט, צייט, פון וואַנען זאָל איך נעמען צייט אויף דעם?

— אָבער קודם־כל דאַרפט איר נישט פאַרגעסן וועגן דער סקולפּטור „דער, וואָס רייסט די קייטן", — האָט גלייכען דערמאָנט, — איך וואָלט אויך אן אמת ברוגז געוואָרן, ווען איר וואָלט נישט געהאַלטן וואָרט.

באַלד נאָכן מאָלצייט האָבן פאַביאַן און גלייכען פאַרלאָזט דעם סקולפּטאָרס הויז. פאַביאַן האָט געמוזט זיך אומקערן אין שטאָט, גלייכען דאַקעגן, וועלכער האָט נאָך בדעה געהאַט עמעצן צו באַזוכן אין שכנות, האָט אים געוואָלט אַ שטיקל וועגס באַגלייטן.

אַ ווײַלע זענען זיי שטילשווייגנדיק געגאַנגען נעבן אַנאַנדער אויפן טראָטואַר, וואָס איז געווען באַשאָטנט מיט מעכטיקע טאָפּאָלן פון ביידע זייטן. פון די פעלדער איז שוין געווען אראָפּגענומען דאָס געטרעטעניש, דאָ און דאָרט זענען נאָך געלעגן רעשטלעך, וואָס זענען געווען דורכגעווייקט און געהאַט א נעבעכדיקן אויסזען. אין דער צייט פון זייער מאָלצייט האָט געמוזט שטאַרק רעגענען. די טאָפּאָלן האָבן נאָך געגלאַנצט פון נאַסקייט, און אויף א סך בלעטער זענען געהאָנגען פאַראייַנצלטע טראָפּנס.

לסוף האָט גלייכען אָנגעהויבן אויף זיין ראַפינירטן אופן פון רעדן:

— עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז אייער ברודער טוט גרינגשעצן די אויפפאָ־דערונג. אינדערמאָנטן זאָגט זי נישט אָן קיין שום גוטס.

— וואָס וווּנדערט איר זיך, הער גלייכען. וואָלפגאַנג איז שטענדיק אַ זאָרג־לאָזע נאַטור, — האָט פאַביאַן אַ צעשטרייטער געענטפערט.

— כ'האָב אייער ברודער אָפט אָנגעוויזן דערויף, אַז זיינע ווערטער, ווי אומ־שולדיק זיי זאָלן נישט זיין, קאָנען פאַלש אויסגעטייטשט ווערן. אַלץ איז אָפּהענ־גיק פון דער אינטערפּרעטאַציע. די געסטאַפּאָ איז אַצינד ווידעראַמאָל שרעקלעך אייפעריק געוואָרן. מ'האָט, צום ביישפּיל, אַרעסטירט א יונגע פאַרקויפערין, ווייל זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול בעת עפּעס א רעדע פונעם פירער. פון דעמלט אָן איז זי פאַרשוונדן אָן א שפּור.

פאַביאַן האָט זיך שטיל פאַנאַנדערגעלאַכט.

— איר מוזט מודה זיין, — האָט ער געזאָגט, — אַז דער פירער פון דער מלוכה קאָן נישט דערלויבן, מ'זאָל אים אויסלאַכן.

דער טריבער גלי אין גלייכענס גרויע אויגן האָט אויף אַ רגע אויפגעפלאַמט. פאַביאַנס לייכט לאַכן, וואָס האָט אַזוי אומשולדיק געקלונגען, איז אים נישט געפעלן געוואָרן. מ'דאַרף היינט זיין זייער פאָרזיכטיק מיט אַרויסזאָגן אָפן אַ מיינונג.

פאַביאַן האָט אַ ביסל פאַרשנעלערט די טריט און געשוויגן, פאַרטאָן אין זיינע אייגענע געדאַנקען. „וואָלפגאַנג מיינט נאָך אַלץ, — האָט ער געטראַכט, — אַז די צייטן וועלן זיך גיך ענדערן. ניין, ניין, מיין טייערער! איך האָב אויך אַמאָל אַזוי געטראַכט. היינט ווייס איך, אַז איך האָב מיך אָפּגענאַרט. דאָס וועט נאָך דויערן לאַנגע יאָרן".

גלייכען האָט אויך פאַרשנעלערט זיינע טריט און געוואָרפן אומרואיקע בליקן אויף די אָפּגעשניטענע פעלדער. ער האָט אַ ווילע געוואַרט, צי זיין באַגלייטער וועט נאָך עפּעס וועלן זאָגן, דערנאָך איז ער אויך אַנטשוויגן געוואָרן און פון דער זייט אָבסערווירט פאַביאַנען, וועלכער איז אַ צעשטרייטער, קנייטשענדיק דעם שטערן, געגאַנגען מיט פאַרלייגטע הענט אויפן רוקן. ער האָט באַטראַכט זיין גאַנג, זיין עלעגאַנטן אָנצוג, דעם קורצן מאַנטל פון ענגלישן שטאָף, זיינע גוט אויסגעפּרעסטע הויזן און פיינע שיך. פאַביאַנס גלאַט ראַזירט פּנים איז אים פּלוצים נישט געפעלן געוואָרן. עפּעס ווי אַ מין גאווה איז געלעגן אין די ווינקלען פון זיינע האַלב אָפענע פרויען־ליפּן. גלייכען איז וואָלפגאַנגען געווען גרענעצלאָז איבערגעגעבן, ער וואָלט פאַר אים געשוואוירן, אָבער פאַביאַן האָט ביי אים שטענדיק אַרויסגערופן עפּעס אַ געפיל פון מורא. פאַר אים וואָלט ער נישט געשוואוירן. מ'קאָן קיינמאָל נישט וויסן, וואָס פאַביאַן טראַכט.

„עלעגאַנטע מענער זענען געניגט צו אויבערפלעכלעכקייט", — איז אים דורך אַ געדאַנק. — געוויס איז ער אַ צו שיינער און גלאַטיקער, ער זאָל קאָנען זיין טיף און אויפריכטיק.

אין אַ ווילע אַרום האָט גלייכען דערפילט אַ באַדערפעניש אויפסניי אַ שמועס צו טאָן.

— געזעצלעכקייט איז דער בעסטער פונדאַמענט, פון וועלכן ס'איז אָפּהענגיק דאָס לעבן אָדער אומקום פון פאָלק, — האָט ער אָנגעהויבן, — צי איר אַלס יוריסט האַלט נישט פאַר געפערלעך דאָס איינפירן אַזעלכע איינריכטונגען, וואָס קאָנען אַרונטעררייסן די רעכטלעכע זיכערקייט פונעם פאָלק?

ס'האָט געדויערט אַ לענגערע ווילע, ביז פאַביאַן האָט געענטפערט. ער האָט געצוקט מיט די אַקסלען.

— קודם־כל דאַרף מען דעם פאָלק קלאָר מאַכן, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן צייטווייליקע דערשיינונגען, — האָט ער הערווידערט.

— צייטווייליקע דערשיינונגען? — גלייכען האָט זיך צעלאַכט. — יאָ, ווען מיר וואָלטן געוווסט, אַז ס'האַנדלט זיך בלויז וועגן צייטווייליקע פאַראָרדענונגען. פונוואַנען נעמט מען אָבער די דאָזיקע זיכערקייט?

דערויף האָט אים פֿאַביאַן געקאָנט בלויז געבן אַן אומפֿאַרשטענדלעכן, קורצן ענטפֿער. זיין בפירושער ווילן אויסמיידן צו פֿירן אַן ערנסטן שמועס האָט גלייכענען באַוויגן צו זיין פֿאַרזיכטיק.

ער האָט פֿאַרקנייטשט דעם שטערן און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט אויפֿסניי באַטראַכט פֿאַביאַנען, און אין זיינע טריבע גליענדיקע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פֿונק פֿון אומצוטרוי. „ער מיידט אויס צו רעדן, — איז אים דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק, — און ס'קאָן זיין, אַז עס איז איינגאַנצן אַן אומזין אזוי צו טראַכטן: מ'קאָן זיין שיין און מאַגירלעך, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, אַפֿילו אַ פֿראַנט, און פֿונדעסטוועגן אויך טיף און אויפֿריכטיק. און אפֿשר נישט?"

ער איז שווייגנדיק געגאַנגען ווייטער, אָבער פֿון דעם מאָמענט אָן האָט ער זיך געפֿילט פֿרעמד אין פֿאַביאַנס געזעלשאַפֿט.

נאָך עטלעכע מינוטן זענען זיי דערגאַנגען צו אַ סטעזשקע, ביי וועלכער גלייכען האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרקערעווען אין אַ זייט.

— איך דאַרף דאָ אַהער, — האָט ער געזאָגט, אַראָפּנעמענדיק דעם קאַפּע־ליוש. — כ'גיי צו אַ קאָלעגע אין שכנותדיקן דאָרף. ער איז קראַנק, און איך באַזוך אים, ווען כ'האָב נאָר פֿרייע צייט.

ער האָט אָנגעוויזן אויף די רויטע דעכער, וועלכע מ'האָט געזען פֿונדערווייטנס, נאָך די געלע אָפּגעשניטענע פֿעלדער.

ווען ער האָט פֿאַביאַנען געגעבן די האַנט, האָט ער אים אָנגעקוקט מיט זיינע טריבע אויגן, וועלכע האָבן געהאַט עפּעס אַ פֿרעגנדיקן און פֿאַרשנדיקן אויסדרוק.

אַ ביסל צעמישט פֿון גלייכענס פֿאַרשעריש בליק, האָט פֿאַביאַן פֿאַרגעזעצט זיין וועג צו דער שטאָט. פֿון איבער די ווייטע בונטע דעכער האָט זיך אויפֿן הימל אָנגערוקט אים אַנטקעגן אַ גרויסער בלויער פֿלעק.

פֿאַביאַן איז וואָס אַן אמת געווען צופֿרידן, אַז זיין באַגלייטער האָט אים פֿאַר־לאָזט. ענדלעך האָט ער אומגעשטערט געקאָנט בלייבן אליין מיט זיינע געדאַנקען. אַליץ, וואָס ער האָט היינט איבערגעלעבט זינט דעם שמועס מיט די ביידע דאַמען אין קלאָטילדעס צימער, איז אים איצט געקומען אויפֿן רעיון און אים אָנגעפֿילט מיט אומרו. די לופֿט איז געווען אַ מילדע, ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט, כדי צו דערפֿרישן זיך מיטן לייכטן ווינטל, וואָס האָט געבלאָזן אויף די פֿעלדער.

„צי איז דאָס נישט מאָדנע, — האָט ער געטראַכט, — אַז די דאָזיקע פֿאַר־שאָלטענע פֿאַרטיי פֿאַרפֿאָלגט מיך היינט אויף טריט און שריט? ס'דאַכט זיך, אַז זי איז אומעטום דאָ און וועט אַזוי שנעל נישט פֿאַרשווינדן, ווי עס מיינט וואָלפֿגאַנג און אַ סך אַנדערע. זי וועט אָנהאַלטן אַ סך יאָרן, אַ סך יאָרן און אפֿשר אַפֿילו גאַנצע דורות".

„יאָ, מען דאַרף זיך פֿון דעם אָפּגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — שוין איצינד קאָן מען דייטלעך פֿאָרויסזען די אַנטוויקלונג פֿון די

געשעענישן. יעדנפאַלס איז שוין איצטער די העכסטע צייט זיך צו דערצײלן, ווי איך האָב שוין אין סאַנאַטאָריע וועגן דעם נישט איינמאָל געטראַכט. אויף קיין פאַל וועט מיר קיינער נישט פאָרוואַרפן, אַז כ'בין לייכט אויף דעם איינגעגאַנגען, ווי עס האָבן דאָס אַנדערע געטאָן".

אַ פּאָרטראַכטער איז ער געבליבן שטיין ביי אַ קאַלוזשע, וועלכע האָט אויסגעזען העל און בלוי, און ער האָט געקוקט אין דער הייך. פון צווישן די טאָפּאָלן האָט ער דערזען אַ גרויסן טונקעלן פלעק, וועלכער איז גיך אָנגעוואַקסן איבער דער שטאָט און אַלץ מער זיך דערנענטערט. „פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, האָב איך זיך לאַנג צוגעקוקט און אָבסערווירט, מעגלעך, אַז אַ סך וועלן זאָגן — צו לאַנג. זאָלן זיי זאָגן, האָב איך אַ דאגה. לכתחילה האָבן מיך אָפּגעשראָקן אַ סך פאָראורטיילן. נישט איין זאַך האָט זיך מיר אויסגעוויזן ביליק, נישט עכט און עפּעס צו ראַשיק. איך האָב געהאַלטן, אַז דער טעמפּ פון די געשעענישן איז צו געוואַלדיק. די ראַסן־פראַגע האָב איך געהאַלטן, אָפן געזאָגט, פאַר אַ קאַפּריז, פאַר אַ צייטווייליקע שטימונג, פאַר לגמרי אַן אומנייטיקע זאַך. הייַנט אָבער פאַרשטיי איך, אַז די דאָזיקע אויבערפלעכלעכע פאָראורטיילן האָבן מיך אָפּגעשראָקן".

„יאָ, אויף אַן אמת אָפּגעשראָקן, — האָט ער איבערגעחזרט זיין געדאַנק. — דער ראַסן־באַוווסטזיין האָט געדאַרפט ווערן באַפעסטיקט און אויפגעהויבן אויף אַ העכערער מדרגה. די אָנהענגער פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי זענען בפירוש פּריווילעגירט, איבעריקנס, אַזוי ווי אין די אַנדערע לענדער, למשל, אין אַמעריקע, אָבער דאָס איז ריכטיק און באַרעכטיקט. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט קודם־כּל געוואָלט דערציען די דאָזיקע פּריווילעגירטע לויט די פּאַרטיי־אידעאַלן און דערנאָך די דאָזיקע אידעאַלן פאַרשפּרייטן אינעם פאָלק. נאַטירלעך, קאָן מען דאָס נישט דערגרייכן פון הייַנט אויף מאָרגן. אָבער ביסלעכווייז וועט אויף דעם אופן אויפשטיין אַ נייער דור, אָנגעזאַפּט מיט די אידעען, וועלכע עס פּרעדיקט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. פאַר דעם פאַרוואָרלאָזטן, אומזיכער געוואָרענעם פאָלק, מיט אַ טיילווייז שוין צעטרייסלטער זיכלעכקייט, דאַרף געשאַפן ווערן אַ פולשטענדיק נייע עטישע באַזע. די דאָזיקע אַלע זאַכן האָבן מיך צעחושט, פּונקט ווי זיי האָבן אַ סך אַנדערע צעחושט. אָבער איך האָב קיינמאָל נישט פאַרגעסן וועגן גרעסטן אויפטו פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי: וועגן דער ליקווידאַציע פון דער אַרבעטסלאָזיקייט! די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויף דעם אופן פאַרהיט דאָס דייטשישע פאָלק פונעם פולשטענדיקן צוזאַמענברוך".

די פאַרגאַסענע זשלאָבּיגעס פון אַקס־וועג זענען מיטאַמאָל טונקל געוואָרן, און פּיצינקע פאָנטאַנדלעך האָבן זיך אָפּגעשלאָגן פונעם וואַסער. פּאַביאַן איז געבליבן שטיין. ס'רעגנט טאַקע. נישט קוקנדיק אויפן רעגן, האָט ער דאָך ווייטער געשפּאַנט, אַ צופרידענער מיט זיך, וואָס ער האָט הייַנט אַלץ געזען מיט אַזאַ פולער קלאָרקייט.

אַנטקעגן אים איז אָנגעפּאָרן אַ פור, אויף וועלכער ס'זענען געזעסן לויטער פּוי־ערטעס מיט זעק און טײלווייז אויך מיט פּאַרטעכער פאַרוואָרפן איבער די קעפּ. זיי האָבן לוסטיק געשמועסט. נאָך דער פור האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי העל־גרויע לאַסט־אויטאָס. דער געררויש פון די שטאַרקע מאָטאָרן האָט אויפגעציטערט די לופט. דאָס זענען געווען נייע אויטאָס פון שעלהאַמערס פאַבריק, און זיי האָבן גע־מאַכט זייערע ערשטע פּראָבע־אַרויספאָרן. די בלאָטע האָט זיך ברייט צעשפּריצט איבער דעם וועג, און פּאַביאַן איז אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, כדי דורכצולאָזן דעם טראַנספּאָרט. דערנאָך האָט ער צוגעאײלט דעם טראָט.

„יאָ, נאַטירלעך, — האָט ער ווייטער געצויגן זיין געדאַנק, — עס זענען פאָר־געקומען געוויסע זאַכן, וואָס האָבן דעם דאָזיקן גרויסן אויפטו פאַרטונקלט. אַ סך איז געווען אויסגעטראַכט, אַ סך אמת, מען האָט דאָך צו טאָן מיט מענטשן. אָבער סוף כל סוף איז עס דאָך געווען אַ רעוואָלוציע, און פאַר אַ רעוואָלוציע, וועלכע דרינגט אַריין אין די טיפענישן פון פאָלק, האָבן אַזעלכע זאַכן קיין באַדייטונג נישט, לחלוטין קיין שום באַדייטונג. בשעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, למשל, האָט מען די מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין די נייע אידעען, פּשוט געקעפּט. וואָס זשע איז דיר ליבער? מ'זאָל דיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ, אָדער אַז מ'זאָל דיך אַ ביסל צעבויקערן אין אַ לאַגער? די פראַנצויזן האָבן געשיקט אויף דער גילאָ־טינע די אַריסטאָקראַטן, ווייל יענע האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז אויך פּשוטע בירגער דאַרפן האָבן רעכט. זיי האָבן דאָס פּשוט נישט פאַרשטאַנען".

פּאַביאַן האָט אויסגעצויגן די האַנט פאַר זיך. דער רעגן האָט אויפגעהערט.

„אַן אמתער אַפּריל־וועטער", — האָט ער געטראַכט.

„אָבער לאָמיר ווייטער טראַכטן. יעדנפאַלס האָט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי אין איר רשות וועררטפולע אידעען, וועלכע קאָנען דערציען דאָס פאָלק, דאָס איז אָן שום ספק. נאַטירלעך, קאָנען אַ סך מענטשן די דאָזיקע אידעען נישט פאַרשטיין. אַפילו וואָלפגאַנג, וועלכער איז דאָך אַ קלוגער, קאָן זיי נישט באַגרייפן. אויך איך אַליין קאָן זיי אין זייער גאַנצער באַדייטונג ביז היינט צו טאָג נישט תופס זיין. דאָס איז אַ רעוואָלוציע פון אידעען, מיין ליבער וואָלפגאַנג, וועל איך אים זאָגן. אַ רעוואָלוציע, פאַרשטייסט? מ'האַקט דיר נישט אָפּ דעם קאָפּ, ניין, נאָר מען גיט דיר אַן עצה, מער אָדער ווייניקער העפלעך, צו האַלטן ס'מויל אַ געוויסע צייט, לאָמיר זאָגן אַ יאָר, צוויי, ביז דאָס פאָלק וועט דערגרייכן אַ געוויסע רייפקייט. דאַן וועט מען דיר געוויס ווידער דערלויבן אַרויסצוזאָגן דיין פּריוואַטע מיינונג, אָבער דעמלט וועסטו שוין אפשר נישט לייגן אַזוי דערויף קיין אַכט, ווי?"

פּאַביאַן האָט געלאַכט צו זיך אַליין.

„איין זאַך איז שוין אָבער היינט פולשטענדיק קלאָר: די נייע אידעען דרינ־גען אַריין אין פאָלק, זיי זענען איבעראַל און אומעטום. די מענטשן מיט די נייע אידעען שטייען אויף דער וואַך, אַז די קעגנזעצלעכע אידעען זאָלן זיך נישט מער

פאַרשפּרייטן. זיי האָבן שוין היינט איינגעפירט אַ סיסטעם פון אויפזיכט און קאָנטראָל, צו וואָס זיי זענען פולשטענדיק באַרעכטיקט, אמת? זיי וואָלטן געווען קורצזיכטיק, ווען זיי וואָלטן דאָס נישט געטאָן, אָדער?...“

„די באַראָנעסע קאָן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב זיך ביז היינט נישט געשטעלט אין רשות פון די נייע אידעען, אַזוי ווי אַלע אַנדערע. זי איז געווען פון מיר זייער אומצופרידן און האָט דאָס גאַנץ אָפט געזאָגט. סוף כל סוף ליגט דאָך טאַקע אויף מיר אַ חוב, אַלס דערוואַקסענער מענטש און פאָטער פון צוויי זין, צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס ס׳וועט זיין ווייטער. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרטיי ווערט פון טאָג צו טאָג מעכטיקער, דאָס זעט אַפילו אַ בלינדער. און זי וועט נאָך לאַנג אַזעלכע זיין. אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועט זי וואַרשיינלעך בלייבן, און אפשר נאָך אַ סך לענגער. יאַ, נאַטירלעך, נעי און מוראַט וואָלטן אויף אייביק געבליבן געוויינלעכע קאַפראַלן, ווען זיי וואָלטן געוואַרט, ביז נאַפּאָלעאָן וועט ווערן קייסער. דאָס האָט די באַראָנעסע גאַנץ טרעפלעך געזאָגט. מ׳דאַרף זעלבסטפאַרשטענדלעך — אָפן גערעדט — נישט וואַרטן, ביז אַלע איינפלוסרייכע פאָסטנס וועלן שוין זיין פאַרנומען דורך אַנדערע. ס׳וואָלט געהייסן זיין אַ קורצזיכטיקער נאַר! קלאָטילדע וויל פאַר זיך גאָרנישט — ווי איידל זי איז! — אַבסאָלוט גאָרנישט. אָבער זי האַלט, אַז איך מוז טראַכטן וועגן גורל פון די יינגלעך. מיינע יינגלעך! ווען נעי און מוראַט וואָלטן אַזוי לאַנג זיך מישב געווען, וואָס וואָלט פון זייערע קינדער געוואָרן? דאָס איז זייער אַ וויכטיקער שטאַנדפּונקט, וועלכע מען דאַרף גוט נעמען אין באַטראַכט פאַרן אָננעמען אַ באַשלוס“.

אַזוי טראַכטנדיק, איז ער אָנגעקומען צו די ערשטע הייזער פון שטאָט. ערשט ווען ער האָט דערזען די מענטשן און די טראַמווייען, האָט ער זיך אויפגעוועקט פון זיינע רעיונות, וועלכע האָבן אים ווי פון זיך אַליין באַהערשט. ער איז ווי ניכטער געוואָרן און געמאַכט זיך פאָרוואָרפן, וואָס ער האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרהאַלטן ביים ברודער. זיין גאַנצער פּראָגראַם פון טאָג איז צוליב דעם צעשטערט געוואָרן. פאַר אַ סך פּראָיעקטירטע וויזיטן איז שוין צו שפּעט. נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער באַשלאָסן צו באַזוכן די פרוי לערכע שעלהאַמער, זיין לאַנגיעריקע קליענטין, וועלכע האָט אים געשריבן, אַז ער זאָל גלייך נאָכן קומען פון אורלויב זיך מיט איר זען וועגן אַ דרינגענדיקער אָנגעלעגנהייט. אומאָפּהענגיק דערפון האָט ער געוווסט, אַז ביי דער פרוי לערכע שעלהאַמער איז ער אַלס הויזפריינד שטענדיק אַן אָנגעלייגטער גאַסט. צו דעם דאָזיקן באַזוך האָט אים באַוויגן נאָך אַ געוויסער מאָטיוו, אָבער וועגן אים האָט ער זיך קוים אַליין אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון.

# VIII

די פרוי בעאַטע לערכע שעלהאַמער האָט געוווינט מיט איר טאָכטער קריסטע אינעם אַלטן הויז פון די שעלהאַמערס, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַרג נעבן פאַלאַץ פון גאָרטן. יעדער האָט געקענט דאָס הויז. דאָס איז געווען אַן אַלטמאָדישע פשוטע, ברייטע געביידע, וואָס דער אַלטער שעלהאַמער האָט געלאָזט אויפבויען מיט פופציק יאָר צוריק, בעת ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס געוויינלעכער שלאָסער. דער גאָרטן, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס הויז, האָט געכער אויסגעזען, ווי אַ פאַרוואָרלאָזט שטיק פעלד, אויף וועלכן כ'זענען געוואַקסן עטלעכע קוסטעס בעז. ווי ס'פלעגט זיך ווער דערנענטערן צום הויז, פלעגט פון זיין בודע, וועלכע האָט זיך געפונען הינטערן הויז, אַרויסקריכן נעראָ, אַ גרויזאַמער בערנאַרדינער מיט גלאַנצנדיקע בורשטין-געלע אויגן, און אָן אַ שאָרך האָט ער זיך געשלייכט לענגוים די אייזערנע שטאַכעטן, אָפנעמענדיק ביי יעדן דורכגייער דעם חשק צו פאַרהאַלטן זיך. וויי איז געווען צו דעם, וואָס האָט אָנגערירט די פאַרצאַמונג! ווען די טריט האָבן זיך דערווייטערט, איז נעראָ פאַרשוווּנדן צוריק אין זיין בודע.

פאַביאַן איז אָנגעקומען פון אַ זייטן-וועג, וואָס האָט געפירט פונעם פאַרק. ווי נאָר ער האָט איבערגעשריטן דעם שמאָלן שאָסיי-וועג, איז נעראָ שוין געשטאַנען ביים טויער. דער הונט האָט אים געקענט שוין פון זיינע אַמאָליקע באַזוכן און אים באַגריסט מיט אַ פריידיק בילן. תיכף האָט זיך באַוויזן איינע פון די שיינע דינסטמיידלעך, כדי אים צו עפענען.

פון הויז האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען פון קלאַוויר. עמעצער האָט פלייסיק געאיבט איינע פון קעלערס שווערע עטיודן און באַלד איבערגעריסן, ווען דער הונט האָט אָנגעהויבן בילן. דאָס איז געווען דער זעלבער עטיוד, וועלכן פאַביאַן האָט אָפט געהערט, בעת ער איז נאָך געווען קלאָטילדעס חתן, אָבער נאָך דער חתונה האָט זי זיך זעלטן צוגערירט צום קלאַוויר. אינעם הויז האָבן זיך געלאָזט הערן שנעלע טריט, און אין דער זעלבער מינוט האָט ער דערזען אין דער אָפענער טיר קריסטע לערכע שעלהאַמער. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, איז זי שנעל אַראָפ פון די עטלעכע טרעפ און אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. אירע מילדע, וואַרעמע אויגן האָבן אויפגעשטראַלט און געשמייכלט.

— ווי גוט דאָס איז, וואָס איר זענט שוין צוריקגעקומען פון אורלויב! — האָט זי אים באַגריסט. — איר האָט נישט קיין אַנונג, ווי לאַנגווייליק דאָ איז! די מענטשן זענען דאָ אַזוי נישט אינטערעסאַנט!

שוין וואָכנלאַנג האָט פאַביאַן זיך געפרייט מיטן געדאַנק וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש, וועלכע ער האָט דערוואַרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג. זינט ס'האָבן זיך אין זיין צוזאַמענלעבן מיט קלאָטילדען באַוויזן די ערשטע רייבונגען, האָט ער

זיך באַצויגן צו פרויען מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט. צו קריסטען האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג, און אין די טיפענישן פון זיין נשמה האָט ער זיך געווונטשן, אַז זי זאָל אים, נאָך דער לאַנגער צעשיידונג, מיט עפּעס אַנטוישן. מיט אַ פאַרדראָס צו זיך אַליין האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז זי איז פאַר אים נישט אין קיין קלענערער מאָס צוציעוודיקער ווי פריער.

— כ'בין גליקלעך, וואָס כ'זע אייך ווידער, — האָט ער אויפריכטיק געזאָגט. און באמת, פון אַלע זיינע באַקאַנטע האָט ער אַממייסטן געטראַכט וועגן איר. זי האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ צעשמייכלטן בליק.

קריסטע לערכע שעלהאַמער איז געווען אַן אינטערעסאַנטע יונגע דאַמע מיט ברוינע אויגן, וואָס האָבן געגלעט ווי סאַמעט. אירע רעגלמעסיקע, פּשוטע, דייטש־לעכע געזיכטס־שטריכן האָבן אַ סך מענטשן געהאַלטן פאַר אויסערגעוויינלעך שיין, בעת אַנדערע האָבן די דאָזיקע שיינקייט נישט דערזען. קיינער האָט אָבער נישט געקאָנט ביישטיין דעם רייץ פון איר שמייכל, וועלכער האָט ווי אַ גרויס ליכט געשטראַלט פון איר אינערלעכקייט און באַהעלט איר גאַנץ וועזן.

אויך היינט איז פאַביאַן געווען ווידער פאַרכישופט פון איר שמייכל.

„וואָס פאַר אַ חנעוודיקן שמייכל זי האָט! — האָט ער געטראַכט, בעת ער איז, פלוידערנדיק מיט איר, אַריין אין הויז. — צי איז דאָס נישט מערקווירדיק, אַז איך האָב אַפילו בעת מיין לאַנגער אָפּוועזנהייט נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם דאָזיקן שמייכל? און ווי וווּנדערבאַר איז דער קלאַנג פון איר שטים? ניין, מ'קאָן זאָגן, וואָס מע וויל, זי איז באמת אַן אויסערגעוויינלעך רייצנדיק וועזן!“

— איר קומט אַקוראַט צום טיי־טרינקען. די מוטער דערוואַרט אייך שוין זינט אייניקע טעג, — האָט קריסטע געזאָגט און געעפנט די טירן צום אויפנעם־צימער.

אויך די דאָזיקע פּשוטע ווערטער זענען אים געפעלן געוואָרן. „אייגנטלעך איז נישט וויכטיק דאָס, וואָס זי זאָגט, — האָט ער געטראַכט, — דער כישוף ליגט אין איר ווייכער שטימע“.

דער אויפנעם־צימער איז געווען אַ גרויסער, אַלטפרענקיש מעבלירטער זאַל מיט העלע מעבל, אין בידערמייער־סטיל. איבער דער סאָפע זענען געהאָנגען צוויי פאַרטונקלטע אייל־בילדער, וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט דעם אַלטן שעלהאַמער מיט זיין פרוי. די פרוי שעלהאַמער אַלס יונגע מוטער, אין גלאַט־פאַרקעמטע ברוינע האָר, איז געווען אויפפאַלנדיק ענלעך צו קריסטען.

— איך בעט אייך האַרציק צו באַרואיקן די מוטער, — האָט קריסטע אָנגע־הויבן, אַנווייזנדיק אים אויף אַ פאָטעל. — די לעצטע טעג איז זי געווען אויסער־געוויינלעך אויפגערעגט.

— אויפגערעגט, זאָגט זי? — האָט אין דעם מאָמענט מיט אַן אויפגערעגטער שטימע זיך אָפּגערופן פרוי בעאַטע לערכע־שעלהאַמער, וועלכע האָט זיך

מיט אַ צעפּלאָמטן פּנים באַוויזן אין דער אָפענער טיר. — איך ווער צעפּלאַצט פון צאָרן! גזלנים און לאָבוזעס — אָט וואָס ס'זענען מיינע חשובע ברידער, באַנ־דיטן! — זי האָט זיך ביז צעלאַכט און צוגעגאַנגען צו פּאַביאַנען. — ענדלעך צוריק פון דער רייזע, ליבער פריינד! — האָט זי שוין רואיק צוגעגעבן, דער־לאַנגט אים די האַנט און די רויטקייט איז ביסלעכווייז פאַרגאַנגען פון איר פּנים.

פּאַביאַן האָט זי האַרציק געגריסט, ווי אַן אַלטע באַקאַנטע.

— זעצט אייך, מיין חשובער פריינד! — האָט זי פאַרגעזעצט. — ווי אַלע־מאָל, דאַרף איך שוין ווידער דרינגענדיק אייער עצה. כ'וועל אייך באַלד ווייזן דעם בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון מיינע איידעלע ברידער. דאָס איז שוין איינמאָל אַ בריוועלע! ווו האָב איך דאָס אַוועקגעלייגט דעם בריוו פון די דאָזיקע שווינדלער, קריסטע?

פרוי בעאַטע לערכע־שעלהאַמער איז געווען אַ שווערוואָגיקע גרויספּאַרנעמיקע פרוי מיט קרעפטיקע פלייצעס און אַ רויט אָנגעגאָסן פּנים. זי האָט געהאַט אַזעלכע ברוינע אויגן, ווי קריסטע, נאָר מיט אַ טונקעלערער שאַטירונג און אַן אַזאַ סאַמע־טענער ווייכקייט, ווי ביי יענער. ווען מ'האָט זיי ביידע געטראָפן אויף דער גאַס, האָט מען אויף קיין סעקונדע נישט געקאָנט צווייפלען, אַז דאָס זענען מוטער און טאָכטער.

ענדלעך האָט פרוי בעאַטע געפינען דעם בריוו ערגעץ אין אַ ווינקל אויף דער קאָמאָדע און דערלאַנגט פּאַביאַנען.

— לייענט אויפמערקזאַם דעם בריוו, — האָט זי געזאָגט, — און גיט מיר צו פאַרשטיין, וואָס זענען זיי אויסן, מיינע ברידער. עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן ענדלעך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקעס. אויב איך האָב זיי גוט פאַרשטאַנען, ווילן זיי, איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער שעלהאַמער פאַבריק, קורץ גערעדט, זיי ווילן פון מיר פטור ווערן, ווייל איך שטיי זיי אין וועג! אָט, איר וועט עס אַליין זען. — איר פּנים האָט זיך ווידער צעפּלאַמט. זי האָט אַרויסגענומען פון אַ שאַכטל אַ שוואַרצן ציגאַר, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין באַקוועמען פאָטעל און אָנגעהויבן אויפגערעגט צו פּיפקען, נישט אַראָפּלאָזנדיק קיין אויג פון פּאַביאַנען.

ווי נאָר ער האָט פאַרצויגן די ברעמען, פלעגט זי זיך אויסגלייכן אויפן פאָטעל און פרעגן:

— נו וואָס, בין איך נישט גערעכט?

— דאָקטאָר פּאַביאַן מוז דאָך ערשט דעם בריוו איבערלייענען, — האָט קריסטע באַמערקט.

פּאַביאַן האָט נאָכדענקענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— זעט אויס, אַז איר זענט גערעכט, גנעדיקע פרוי, — האָט ער אָפּגעענט־פערט.

פרוי בעאַטע האָט אַרויסגעלאָזט אַ וואָלקן רויך ביז צום סופיט און האָט זיך צאָרנדיק צעלאַכט.

— קלאָר, אַז כ'פאַרשטיי זייער גוט מיינע איידעלע ברידער, — האָט זי פונדאַסניי אָנגעהויבן. — וואָס ווילן זיי דען? העלפן קאָן איך זיי שוין איצטער מער נישט. און שאַדן ברענגען קאָן איך זיי נאָך ווייניקער. וואָס זשע גיי איך זיי שוין איצט אָן? נישט איך בין אימשטאַנד זיי צו געבן ערן=דאָקטאָראַטן, נישט קיין גלאַנציקע אָרדנס, וואָס זייערע ווייבער האָבן אַזוי ליב, נישט קיין יחוס=טיטלען, פאַר וועלכע זייער דינערשאַפט בוקט זיך צו די פיס. איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז די ווייבער זענען זיי נענטער, ווי די שוועסטער.

דאָס שטובמיידל האָט אַריינגעטראָגן טיי. פרוי בעאַטע האָט איבערגעריסן. קריסטע האָט צוגעהאָלפן דעקן דעם טיש.

פאַביאַן האָט איבערגעלייענט דעם בריוו ביזן סוף און נאָכאַמאָל געפרווט צו שאַפן זיך אַ בילד וועגן דעם גאַנצן ענין.

די שעלהאַמער=פאַבריקן ווערן איצט געשאַצט אויף עטלעכע מיליאָן. בעתן וועלט=קריג האָט דער אַלטער שעלהאַמער אויפגעבויט די ערשטע גרויסע האַלע. היינט זענען עס צען ריזיקע פאַבריקס=בנינים. ערשט היינט טאַקע האָט ער זיי פאַרבייגייענדיק באַוווּנדערט. די פאַבריקן האָבן אין דער ערשטער ריי פראָדוצירט לאַסט=אויטאָס, אויטאָבוסן און צוטשעפ=וועגענער. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן זיי אויך אָנגעהויבן פראָדוצירן לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. דער אַלטער שעלהאַמער האָט די פאַבריקן איבערגעלאָזן זיינע קינדער: צוויי זין און איין טאָכטער. דער עלטערער זון אָטאָ האָט אָנגעפירט מיטן האַנדלס=טייל, און דער ייִנגערער, הוגאָ, וועלכער האָט געשמט אַלס גוטער אינזשיניער, האָט איבערגענומען די טעכנישע ליטונג. די בת=יחידה איז געווען פרוי בעאַטע לערכע=שעלהאַמער.

פאַביאַן איז יאָרן לאַנג געווען מאַדאַם בעאַטעס פריוואַטער אַדוואָקאַט. נישט איינמאָל האָט זי זיך פאַר אים געקלאָגט אויף די הכנסות, וועלכע די ברידער האָבן איר צוגעטיילט. ס'האָט אַפילו שוין אַ סך מאָל געהאַלטן ביי אַ פראָצעס. ביז היינט אָבער האָבן די משפחה=געפילן גענומען די אויבערהאַנט ביי די ברידער, וועלכע פאַביאַן האָט געקענט אַלס גרויסמוטיקע מענטשן. אַפילו אין דעם היינטיקן בריוו איז פאַראַן אַ געוויסער אָפּזאַץ, וועלכער באַווייזט, אַז די ברידער זענען נוטה צו אַ פאַרשטענדיקונג, וואָס זאָל זיין דערטרעגלעך פאַר ביידע צדדים.

ווען דאָס שטובמיידל איז אַרויס פון צימער, איז פאַביאַן אויפגעשטאַנען, כדי אַוועקצולייגן דעם בריוו אויפן טיש.

— נישטאָ קיין שום צווייפל, גנעדיקע פרוי, — האָט ער געזאָגט צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, — אייערע ברידער וואָלטן זיך געוווּנטשן, איר זאָלט אַרויסטרעטן פון דער פירמע. דאָס דרינגט גאַנץ קלאָר פון בריוו.

די פרוי בעאַטע איז אויפגעשפרונגען, און אויפסניי האָט זיך איר פּנים צע־פלאַמט פון צאָרן. זי האָט צעקוועטשט דעם שוואַרצן ציגאַר אין דער אַש־שאָל.

— גאַנץ קלאָר! אמת, אמת! — האָט זי מיט אַן אויפגערעגטער שטימע געשריען. — אָבער, צי קאָנט איר מיר נישט דערקלערן די סיבה דערפון? וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטן?

פאַביאַן האָט געצוקט מיט די אַקסלען.

— מיר מוזן צוערשט זיך קלאָר מאַכן.

— איך בעט דיך, מאַמע, רעג זיך ווידער נישט אויף, — האָט קריסטע גע־בעטן.

— כ'רעג זיך דאָך נישט אויף, — האָט זי די מוטער באַרואיקט. — איך וויל נאָר וויסן, וואָס דאָס אַלץ באַדייט? — זי האָט האַסטיק א קלאַפּ געטאָן אויפן אָנלען פון פאָטעל. — וואָס איז אַזוינס פּלוצים געשען מיט מיינע איידעלע ברי־דער? איר וועט טרינקען אַ גלעזל?

פרוי בעאַטע האָט זיך פון דער קאַראַפקע אָנגעגאָסן קאָניאַק.

— אייערע ברידער שרייבן, — האָט פאַביאַן דערקלערט, — אַז מיר דער־נענטערן זיך צו אויסערגעוויינלעכע צייטן, וועלכע וועלן אָפּט פאָדערן אָנצונעמען בליצשנעלע באַשלוסן. אין דעם איז דאָ עפּעס אַן אָנדייטונג.

פרוי בעאַטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך קען דאָך מיינע ברידער! — האָט זי געזאָגט. — ס'האָבן דאָ געמוזט פּאַרקומען אויסערגעוויינלעכע זאַכן.

זי האָט נאָכדענקענדיק אָנגעהויבן גיין איבערן צימער. פון אירע טריט האָט דער שטיי־זייגער אין ווינקל אָפּגעקלונגען.

— ס'האָט געמוזט פּאַרקומען עפּעס אויסערגעוויינלעכס, — האָט זי פון צייט צו צייט איבערגעחזרט.

— דער בריוו שיינט מיר אַפילו צו פּאַראַטן אַ שוואַך פאַרמאַסקירטע אײ־לעניש, — האָט פאַביאַן צוגעוואָרפן.

— אמת?

די פרוי בעאַטע האָט אַ קוק געטאָן פאַביאַנען גלייך אין פּנים אַריין, און צום ערשטן מאָל האָט ער דערזען די פיינע שטריכן אַרום איר מויל.

— ס'זעט אויס, אַז ס'איז פאַר זיי זייער דרינגענד, פאַר די גזלנים. און דער־פאַר זעט מיר אויס די גאַנצע געשיכטע נאָך מער אומפאַרשטענדלעך.

זי האָט אַרויסגענומען פונעם שאַכטל אַ נייעם ציגאַר און פאַררויכערט.

— אַ, איך וועל שוין קומען אויף אייערע שפּורן, גנבים! — האָט זי אויס־גערופן, זעצנדיק זיך אויף אַ פאָטעל ביים טיש.

זי האָט געשוויגן, נאָכדענקענדיק, און אַרויסגעלאָזן אין דער לופט אַ גרויסן וואָלקן רויך.

— און דאָך איז מיר שווער צו טראַכטן, אַז די צוויי גנבים זאָלן אַזוי האַנדלען בלויז צוליב גיריקייט נאָך רווחים, — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין. — איבעריקנס, דאָס איז אויך מעגלעך, פֿאַרוואָס נישט? אפשר האָבן זיי זיך געלאָזט באַאיינפֿלוסן פֿון די ווייבער, פֿאַר וועמען ס'איז אַלץ נאָך צו ווייניק זייער רייכטקייט, פֿון די ביידע „דורכלויכטן" צעציליע און אַנזשעליקאַ, כאַ־כאַ־כאַ!

פֿרוי בעאַטע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיק געלעכטער, וואָס האָט אָבער געקלונגען גוטמוטיק. איר פֿאַרדראָסיקע שטימונג איז פּלוצים ווי פֿאַרשוווּנדן, און זי איז ווידער געוואָרן אויפֿגעהייטערט.

— איר וועט דאָך טרינקען מיט אונדז אַ גלאָז טיי, — האָט זי זיך געווענדעט צו פֿאַביאַנען און צוגערופֿן קריסטען צו זעצן זיך צום טיש.

נאָכדעם ווי זי האָט פֿון דער קאַראַפֿקע זיך אָנגעגאָסן נאָך צוויי גלעזלעך קאָניאַק, האָט זי אין אַ הייטערער שטימונג גענומען דערציילן וועגן אירע שוועגערינס און ברידער. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אין איר צאָרן אינגאַנצן פֿאַרגעסן.

— וואָס איז דאַרט די קעניגין וויקטאָריע אַקעגן די ביידע „דורכלויכטן" צעציליע און אַנזשעליקאַ, כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זי לאַכנדיק אויסגערופֿן.

ניין, אַז זי האָט נישט געקאָנט זאָגן קיין גוטס וועגן אירע צוויי שוועגערינס, דאָס איז קלאָר. זי האָט זיי נאָך מער פֿאַראַכט, ווי אירע ברידער, וועלכע זי האָט מיט חוזק אָנגערופֿן פֿאַנטאָפֿל־מענער און הולטייעס. קוים איז זי אַרויף אויף דער דאָזיקער טעמע, איז שוין שווער געווען זי אָפּצוהאַלטן.

— לאָמיר זאָגן, צעציליע — די פֿרוי פֿון אינזשעניער הוגאָ — וואָס איז זי פֿריער געווען? אַן אומבאַקאַנטע זינגערין מיט אַ דינער שטימע, ווי אַ בלעכן פֿייפֿל. איבער איר פֿאַרגאַנגענהייט וועל איך ליבערשט נישט רעדן. ניין, איך וויל קריסטען נישט קאַליע מאַכן דעם הומאָר. אָדער אַנזשעליקאַ — אָטטאָס ווייב. פֿריער האָט זי געהייסן אַנגע און געווען אַ פּראָסטע בוכהאַלטערין, איר פֿאָטער איז געווען אַ שניידער, וואָס איז, וואָס אַן אמת, נישט קיין שאַנדע. און הײַנט מאַכן ביידע ווייבער דעם אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן געווען, גאָט ווייסט וואָס, פֿ׳ן קעניגלעכן אָפּשטאַם. און ס'זענען נאָך דאָ קינדער: הוגאָס דריי יינגלעך און אָטאָס צוויי מיידלעך — צוזאַמען פֿינף. אָבער — איר מוזט מיר דערלויבן אייך צו באַמערקן — דאָס זענען סאַמע וווּנדער־קינדער! נישט אַנדערש נאָר אמתע וווּנדער־קינדער! זיי האָבן געהאַט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע דערציערינס און לערערינס, באָנעס און גוווערנאַנטינס. דאָס אַלץ, נאַטירלעך, קאָסט געלט, גראָב געלט, און זייערע מענער מיט די שטרוי־קעפּ האָבן דאָס אַלץ באַצאָלט! — האָט מאַדאַם בעאַטע פֿאַרענדיקט. — דאָס אַלץ, מיין פֿריינד, דאַרף אייך, אַלס אַדוואָקאַט, אינטערעסירן.

— גערויס, דאָס איז פאַר מיר אַן אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל, גנעדיקע פרוי, — האָט פאַביאַן שמייכלענדיק געענטפערט, — כאָטש ער האָט שוין גע־הערט מיט איין אויער, ווייל ער האָט שוין פון לאַנג געקענט כמעט אַלע אירע גע־שיכטעס. קריסטע האָט אים אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז טיי, און מיט אַ שטילער שטי־מע האָט זי אים פאָרגעלייגט קוכן. פאַביאַן האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אויף איר ליבלעכע בליקן.

„אייגנטלעך, וואָס האָט זי אַזוינס אין איר שמייכל? — האָט ער זיך ווידער געפרעגט. — ס'זענען פאַראַן טויזנטער מינים שמייכלען, אָבער איר שמייכל באַ־צויבערט, און ווי פאַרשווענדעריש זי איז לגבי מיר. וואָס אייגנטלעך שמייכלט ביי איר? די ליפּן, די חן־גריבעלעך אין די באַקן, דער שטערן, די אויגן, וואָס נאָך? ס'איז ווי אַ סודותפולע שפּראַך, וועלכע נאָר איך פאַרשטיי אין די רגעס, ווען איך בין נעבן איר. יעדנפאַלס איז דאָס אַ געהיימנישפולער שמייכל, נישט צו דערגרונטעוועון". ער האָט זיך באַמיט אויסצומיידן קריסטעס בליק. „איר שמייכל דרינגט אַריין אין די טיפענישן פון מיין נשמה, וווּ קיינער האָט נישט קיין צו־טריט", — האָט ער ווייטער געטראַכט.

„אַקוראַט דאָס האָט נאָך געפעלט, אַז כ'זאָל זיך אין איר פאַרליבן", — איז אים אַדורך אין געדאַנק, און ער האָט זיך פאַררויטלט. זיינע געדאַנקען האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט, און ער האָט זיך ווידער אָנגעשטרענגט צו הערן, וואָס פרוי בעאַטע דערציילט.

די פרוי בעאַטע איז שוין דערגאַנגען צו אירע ברידער און געחוזקט פון זייער פאַרשווענדעריש לעבן. זי האָט דערציילט וועגן זייערע אויטאָמאָבילן, גאַראַזשן, פרעטענסיאָנעלע ווילעס, וועלכע יעדער האָט זיי געקענט. אָבער פאַר זייער שווע־טער האָבן זיי גרויסמוטיק באַוויליקט איבערצולאָזן דאָס אַלטפרענקישע ירושה־הויז! אָטטאָס קינדער האָבן אַפילו געהאַט אַ פאָר קוציקעס. און זייערע ווייבער באַהענגען זיך מיט בריליאַנטן, פערל און פוטערס. פאַראַיאָרן האָבן זיי געקויפט אַ גוט אין דער שווייץ. אין פאַל פון אַ נייע וועלט־מלחמה זאָלן זייערע דיקע ווייבער נישט דאַרפן הונגערן.

זי האָט זיך ווידער הייטער צעלאַכט.

פּלוצים האָט זי איבערגעריסן די רייד.

— אַ סוף, — האָט זי העפטיק אויסגערופן, — אַ סוף מיט די נאַרישקייטן! איר ווייסט, מיין ליבער פריינד, צונויפנעמען אין שטאָט די געהעריקע ידיעות און דערנאָך וועלן מיר זיך באַראַטן, וואָס מיר זאָלן די צוויי גנבים ענטפערן.

זי האָט גענומען אַ נייעם ציגאַר.

— און אַצינד וועלן מיר אַ שמועס טאָן וועגן אַנדערע זאַכן. דער דאָקטאָר דאַרף אונדז דערציילן וועגן זיין רייזע. איך האָף, אַז איר האָט נאָך צייט אַ פערטל שעה?

פּאַביאַן האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— אַ פערטל שעה איז נאָך מעגלעך! — האָט ער געענטפערט. — ליידער, מוז איך נאָך היינט זיין אין מיין ביוראָ.

ער איז פונדעסטוועגן געבליבן נאָך אַ גאַנצע שעה.

## IX

קריסטעס מילדער שמייכל האָט פּאַביאַנען באַגלייט, בעת ער איז צוריקגעגאַנגען דורכן שטילן פּאַרק. „כ׳פיל מיך לייכטער און זאָרגלאָז אין איר נאָענטקייט“, — האָט ער געטראַכט. אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען די העל־באַלויכטענע שויפענצטער אין שטאָט, האָבן זיך אויפסניי צוריקגעקערט יענע געדאַנקען, וועלכע האָבן אים באַהערשט, ווען ער איז אַהיימגעגאַנגען פון וואָלפגאַנגען.

נו, גוט, ער האָט זיך שוין אַנטשלאָסן. ער זעט נישט פאַר זיך קיין אַנדערן וועג. אָבער נאָך נישט אינגאַנצן קלאָר זעט ער דעם דאָזיקן וועג. ווי אַ גאַס אין מאָרגן־נעפּל, ליגט ער פאַר אים. ער האָט אָבער געוווסט, אַז דער דאָזיקער וועג וועט אים פירן צום ציל.

דאָס געשעפט פונעם שניידער מעריץ איז געווען פולשטענדיק ליידיק. צופרידן, וואָס קיינער וועט אים נישט זען, איז ער דאָרט אַריינגעגאַנגען. ס׳איז שוין צייט, ער זאָל אַ טראַכט טאָן וועגן זיינע ווינטער־מלבושים. במשך פון אורלויב איז דערצו נישט געווען קיין געלעגנהייט. דער גרויער, מאָגערער שניידער־מייסטער מעריץ, מיטן דורכזיכטיקן פּנים, וועלכער האָט פּאַביאַנען געהאַלטן פאַר איינעם פון די בעסטע קליענטן, האָט אים באַגריסט מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט און גלייך אַרויסגענומען דעם נייעם ווינטער־מאַנטל פון שאַנק.

— מיט דעם דאָזיקן מאַנטל קאָן איך זיך אומעטום באַווייזן, — האָט פּאַביאַן געזאָגט און אַ צופרידענער זיך באַטראַכט אינעם שפּיגל.

— אומעטום! — האָט מעריץ פּאַטאַקעוועט מיט דער הייזעריקלעכער שטימע פון אַ זקן. — אין אים קאָנט איר דרייסט שפּאַצירן געאָרעמט איבער דער וועלט־העלם־גאַס מיט דער שענסטער יונגער דאַמע פון שטאָט.

פּאַביאַן האָט זיך צעלאַכט. ער האָט ליב געהאַט, מ׳זאָל אים אונטערהנפענען, אַפילו ווען ס׳פלעגט אַרויסקומען נישט אַזוי געשיקט. ער האָט נאָך געוואָלט זען מוסטערן אויף אַ ווינטער־אַנצוג. דער שניידער האָט אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע עטלעכע ראָלן שטאָף און זיי אָנגעוואָרפן אויף דער לאַדע. פּאַביאַן האָט זיך געוואָלט אויסקלייבן אַזאַ שטאָף, וואָס נישט יעדער באַאַמטער אָדער עקספּעדיענט טראָגט אים. לסוף האָט ער אויסגעקליבן געגנוג עקסצענטרישע מוסטערן.

בשעת ער האָט געקליבן פאַר זיך די שטאָפן, האָט ער געוואָרפן זיין בליק אויף די גראָבע באַלן ברוינע סחורה, וואָס ווערט באַנוצט אויף פּאַרטיי־מונדירן.

— שיינער שטאָף! — האָט ער געלויבט און געטאַפּט דעם מאַטעריאַל.

— ערשטקלאַסיקע סחורה, פּשוט נישט צום צערייסן! — האָט פאַרזיכערט דער שניידער, וואָס איז געשטאַנען מיט דער מאָס אויפן האַלדז. — זענט איר שוין געווען ביי האַביכטן זיך רעגיסטרירן?

פאַביאַן האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַלס האַרץ־ליידנדער געווען פיר חדשים אויף אורלויב.

— יאָ, דאָס ווייס איך. אָבער איצט בלייבט איר דאָך דערווייל ביי אונדז? איר קענט דאָך האַביכטן, דעם לייטער פון דער שטאָטישער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער אָרגאַניזאַציע?

— אַוודאי קען איך אים, — האָט פאַביאַן געענטפערט. — ער האָט מיר אַמאָל פאַרריכט מיינע רייט־שטיוול.

— פאַרריכט? — דער שניידער האָט זיך צעלאַכט. — היינט פאַרריכט ער שוין נישט מער. ער קאָן זיך נישט געבן קיין עצה מיט דער גרויסער צאָל באַשטעל־לונגען, און ער באַשעפטיקט היינט פופציק געזעלן. ער האָט דאָס באמת פאַרדינט. טאָג און נאַכט איז ער געווען טעטיק אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אין אַ צייט, ווען מ'האָט נאָך נישט געלייגט קיין גרויס אַכט אויף די מענטשן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער דאָזיקער פּאַרטיי. האַביכט און איך זענען כמעט געווען די ערשטע דאָ אין שטאָט! האַביכט האָט אַחוץ דעם גלאַט געהאַט מזל. ער האָט אָפּגעקויפט דאָס גרויסע הויז פון דער אלמנה קירש און זיך איינגעשאַפט אַ סך מאַשינען. דעם לייטער פון דער שטאָטישער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע וועט יעדע באַנק געבן אַ הלוואה. ער וועט אַוודאי בקרוב עפענען אַ פאַבריק. דער דאָזיקער שטאָף וועט אייך הערלעך קליידן, איר זעט? כ'וועט זיך מיט אייך, אַז איר וועט קומען צו אונדז.

— כ'ווייס נאָך נישט, — האָט פאַביאַן אויסמיידנדיק געענטפערט. — אַלס געוועזענער מיליטערמאַן וואָלט איך גיכער געדאַרפט זיך אָנשליסן צו אַ מיליטע־רישער פאָרמאַציע.

— אומבאַדינגט! אויף וויפל איך ווייס, זענט איר געווען קאַפּיטאַן. איר וועט זיכער שנעל באַקומען אַ הויכן פּאָסטן.

פאַביאַן האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין התפּעלות. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ.

— דאָס טאַקע וויל איך אויסמיידן, — האָט ער געענטפערט. — איר האָט נישט קיין אָנונג, ווי ווייניק צייט כ'האָב.

— אָ, איר מיינט דעם פּאָסטן? — האָט דער שניידער אונטערגעכאַפּט. — אויב איר האָט קיין צייט נישט, האָט איר אַ ברירה נישט אָנצונעמען קיין פּאָסטן.

אַזוי טוען אַ סך. אַ מענטש, וואָס קאָן אַזוי רעדן, ווי איר, געהערט צו אונדז. איך פלעג אָפט זאָגן צו מיינע קאָלעגן: פאַרוואָס איז דאָקטאָר פאַביאַן נישט מיט אונדז? אַזאַ מענטש מוזן מיר האָבן, אַזאַ רעדנער! איך געדענק נאָך היינט אויס־געצייכנט אייער רעדע אין זאַל פון ראַטהויז. דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ רעדע! ס'ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער שטאָף געפעלט אייך נישט ספּעציעל? כ'וועל אייך ווייזן נאָך אַנדערע שאַטירונגען.

פאַביאַן האָט באַטראַכט נאָך אייניקע שטאָפן, וועלכע מערץ האָט מיט גרויס געשיקטקייט געוואָרפן אויפן טיש. דערביי האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן טיש און טעלעפאָנירט אין זיין ביוראָ.

ער האָט געבעטן זיין סעקרעטאַרין, פרוילין צימערמאַן, זי זאָל נאָך צוואַרטן אַ פערטל שעה, אין עטלעכע מינוט אַרום וועט ער זיין אין ביוראָ.

ענדלעך האָט זיך מערצן איינגעגעבן צו געפינען אַ שטאָף לויט פאַביאַנס געשמאַק. פאַביאַן האָט מיט צופרידנקייט געקוקט אויפן שטאָף, וואָס איז געווען אַ ביסל העלער, אין אַ שאַטירונג פון אַ צימערינג־קאָליר, וואָס האָט אויסגעזען ווי פליוש.

— דעם דאָזיקן שטאָף וואָלט איך גענומען, — האָט ער געזאָגט. — אין די ערשטע טעג האָב איך נאָך צו דערלייזיקן דרינגענדיקע ענינים, פונדעסטוועגן קאָנען מיר אָנהייבן מיטן אַנצוג, אמת, הער מערץ? ווי מיינט איר?

דער קליינער ווייסהאָריקער שניידער האָט זיך פאַרנייגט.

— זייער גערן, זייער גערן! — האָט ער מיט הכנעה אויסגערופן. — ס'וואָלט אָבער געווען געוווּנטשן, אַז איר זאָלט אייך תיכף דעצידירן. מחמת דאָס אָנגעמען אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי קאָן צו יעדער צייט ווערן איבערגעריסן. אַציגד וויל יעדער אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי. בלויז היינטיקע וואָך האָבן זיך פאַרשריבן דריי פּראָפעסאָרן פון גימנאַזיע, דער העקטאָר מילער, רעדאַקטאָר שיל, דאָקטאָר מיטמאַן פון היסטאָריקער־פאַריין. די גאַנצע שטאָטישע אינטעליגענץ. האַביכט דרייט זיך שוין דער קאָפּ.

— גוט, אָבער מיט איין באַדינג, — האָט פאַביאַן געזאָגט און שטיל צוגע־געבן, — קיינער דאַרף דערפון נישט וויסן. איר הערט, קיינער נישט, אין קיין פאַל נישט.

דער שניידער האָט אויפגעהויבן ביידע הענט אין דער הייך, ווי צו אַ שבועה, און געענטפערט:

— קיין שום לעבעדיקער נפש, איך גיב אייך מיין וואָרט!

פאַביאַן האָט נאָכאַמאָל אַ טאַפּ געטאָן דעם ברוינעם שטאָף.

— גוט, אָט דעם שטאָף נעם איך, — האָט ער געזאָגט. — דעם אַנצוג וועל איך אָפּנעמען, ווען ער וועט מיר נייטיק זיין. און צו האַביכטן קאָן איך אַריינגיין צו יעדער צייט, ער וועט זוכער דעם ענין שנעל דערלייזיקן.

— נאַטירלעך! בפרט פאַר אייך, וועט ער זיך ספּעציעל באַמיען. — דער שניידער האָט זיך הייזעריקלעך צעלאַכט און פאַר אים געעפנט די טיר.

פונעם שניידער איז פאַביאַן געגאַנגען גלייך צו זיך אין ביוראָ. דאָקטאָר האַמערשמידט, אַן אַלטער יוריסט און קראַנקער מענטש, וואָס האָט פאַביאַנען פאַרטראָטן בעת זיין אַפּוועזנהייט, איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, ווי אויך דער גאַנצער ביוראָ־פּערסאָנאַל. אָבער זיין סעקרעטאַרין, פריילין צימערמאַן, אַן עלטער, נישט אָנזעעוודיק מיידל, האָט נאָך אויף אים געוואַרט, שוין מיטן הוט אויפן קאָפּ.

— די גאַנצע שטאָט ווייסט שוין, ווייזט אויס, אַז איר זענט צוריקגעקומען פון אורלויב, — האָט זי אים געזאָגט באַגעגענענדיק. — איך האָב פאַרנאָטירט אַלע טעלעפאָנען. דער דאָקטאָר פאַלע האָט היינט שוין דריי מאָל אָנגעקלונגען און געבעטן, אויב ס׳איז מעגלעך, זאָלט איר צו אים נאָך היינט אָנקלינגען קיין אַמזעלוויז.

פאַביאַן האָט געבעטן, אַז זי זאָל אים תיכף פאַרבינדן מיטן דאָקטער פאַלע. דער געזונטהייטס־ראַטגעבער פאַלע איז געווען במשך פון לאַנגע יאָרן פאַביאַנס הויז־דאָקטער. פאַביאַן האָט זיך געפילט פאַרפליכטעט לגבי אים און האָט אים, ווי די גאַנצע שטאָט, אויפריכטיק פאַרערט.

דאָקטער פאַלע האָט גערעדט מיט א מידער שטימע און זייער מטושטש. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּריוואַטער אָנגעלעגנהייט, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן דורכן טעלעפאָן. יאָ, ער וווינט שוין אַ געוויסע צייט אין זיין ווילע הינ־טער דער שטאָט און איז פון די אַלע איבערפרעגונגען קראַנק געוואָרן.

פאַביאַן האָט צוגעזאָגט אים מאָרגן צו באַזוכן. דערנאָך האָט ער געהייסן דער פריילין צימערמאַן צוגרייטן אַלע אַקטועלע אַקטן, ווייל ער וויל היינט אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

— כ׳בעט אייך אויך ברענגען די יערלעכע באַריכטן פון די שלהאַמער־פאַבריקן, — האָט ער צוגעגעבן.

— די באַריכטן פון די שלהאַמער־פאַבריקן וועל איך גלייך אויסזוכן. די אַקטן זענען שוין צוגעגרייט, — האָט די סעקרעטאַרין געענטפערט. — איבע־ריקנס, ווי איר ווייסט, זענען דאָ ווייניק נייע ענינים. פאָרלויפיק איז די פּראַקטיק גאַנץ שוואַך, — האָט זי צוגעגעבן.

היות פאַביאַן האָט איר גאָרנישט געענטפערט, האָט זי אים געווונטשן אַ גוטע נאַכט און איז אַוועקגעגאַנגען.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט פאַביאַן איר געענטפערט.

ער איז געבליבן אַליין און האָט זיך פאַרטיפט אין דעם שטויס אַקטן. זיין פּראַקטיק אַלס אַדוואָקאַט, וועלכע איז פריער געווען אַ גאָר גרויסע, איז אין די לעצטע חדשים שרעקלעך געפאַלן און האָט קוים געקאָנט דעקן די הוצאות.

— „פֿאַרלויפֿיק איז די פּראַקטיק גאַנץ שוואַך“! — האָט ער זיך צעלאַכט. — איר ווילט נאָך אַלץ נישט פֿאַרשטיין, פֿרײַלין ציממערמאַן, אַז מיר ווערן פּשוט באַיקאָטירט! — האָט ער געזאָגט צו זײַן סעקרעטאַרין און גלײַך זיך דערמאָנט, אַז זי איז שוין אַוועקגעגאַנגען. — איר גיט זיך נאָך אַלץ נישט אָפּ קיין חשבון פֿון דער ווירקלעכער לאַגע, מײַן חשובֿע פֿרײַלין! — האָט ער סאַרקאַסטיש פֿאַרגעזעצט. און מיט אַ געפֿיל פֿון העכערקייט האָט ער צוגעגעבן: — איך קאָן אײַך אָבער פֿאַרזיכערן, מײַן טײַערע, אַז דאָס וועט זיך בקרובֿ ענדערן, גאָר בקרובֿ.

ער האָט גענומען אַ טעטשקע אַקטן און זיך פֿאַרטיפֿט אין לייענען.

„צי מיינט איר, פֿרײַלין, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס האָט דעם מינדסטן פֿאַרלאַנג אונטערצוגיין, ווי? מיר קענען דאָך די געשיכטע, חשובֿע פֿרײַלין. מוראַט און נעי וואָלטן זייער גאַנץ לעבן געבליבן געוויינלעכע קאַפּראַלן, ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט קיין שׂכל און מוט אָנצונעמען אַ געהעריקן באַשלוס.“

X

צומאָרגנס בעתן פֿרישטיק האָט פֿאַביאַן זיך גוט געפֿילט, זייענדיק צופֿרידן מיט זיך. ער האָט דאָס זייניקע געטאָן. נאַטירלעך, עס זענען נאָך דאָ זאַכן, מיט וועלכע ער איז נישט מסכּים געווען. ס'האָט אים אָבער געטרייסט דאָס, וואָס ער האָט זיך אַנטשלאָסן. „נאָר אַ שוטה קאָן אויף דער דאָזיקער וועלט דערוואַרטן שלימות“, — האָט ער צו זיך געזאָגט. די אינטערעסן פֿון זײַן פֿאַמיליע, פֿון זײַנע צוויי ייִנגלעך, האָבן געפֿאָדערט פֿון אים דעם באַשלוס. במשך פֿון עטלעכע וואָכן וואָלט מען אים פֿאַרמאַכט זײַן ביוראָ, און דאַן וואָלט ער געבליבן אויף דער גאַס. ער איז אָבער בשום אופֿן נישט גענייגט צוליב אַ פֿאָרמאַליטעט אַראָפּצונידערן פֿון זײַן לעבנס־ניוואָ, כּל־זמן ס'איז נאָך פֿאַראַן אַן אַנדערע מעגלעכקייט. דאָס קאָן באמת קיינער פֿון אים נישט פֿאַרלאַנגען.

און נאָך עפּעס האָט דאָ געשפּילט אַ ראָל, עפּעס זייער וועזנטלעכס! קוים וועט ער זײַן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַזוי לאָזט מען אים צורו, און ער וועט נישט דאַרפֿן לעבן אין פּחד, אַז די פֿאַרשוינען פֿון דער גאַס פֿון הייליקן גייסט קאָנען אים צונעמען, ווען ס'וועט זיך זיי פֿאַרגלוסטן.

יענעם פֿאַרמיטאָג האָט ער זיך לענגער אויפֿגעהאַלטן אין ביוראָ. ער האָט באַדאַנקט זײַנע מיטאַרבעטער און אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז זיי וועלן אים בלײַבן טרײַ, ווען אַפֿילו די אַרבעט וועט זיך פֿאַרטאָפּלען און פֿאַרדרײַפֿאַכן. ער האָט זיך מער ווייניק אַזוי אויסגעדריקט און געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַ מענטש, וואָס קוקט מיט זיכערקייט אויף דער צוקונפֿט. זײַנע מיטאַרבעטער האָבן פֿעסט=

געשטעלט, אַז ער איז צוריקגעקומען פון אורלוויב אינגאַנצן אַ נייגעבוירענער און פול מיט ענערגיע.

איין מיטאַרבעטער — אַ פּראַקטיקאַנט, מיט אַ קליינעם געהאַלט, האָט זיך צו אים געווענדעט וועגן אַן הוספה. אין קעגנפאַל וואָלט ער זיך געמוזט באַמיען וועגן אַן אַנדערן פּאָסטן, ווייל ער מוז אויסהאַלטן אַן אַלטע מוטער.

— אַן אַנדערן פּאָסטן? — האָט אים פּאַביאַן איבערגעריסן. — און ווען? גראָד איצט, ווען די אַרבעט דאַרף זיך פּאַרגרעסערן? אַ שאָד די רייד, מיין פריינד!

ער איז אָקעגנגעקומען די בקשה פונעם פּראַקטיקאַנט און אים תיכף געגעבן אַ ספּעציעלע אויפגאַבע, ער זאָל זיך גרינטלעך באַקענען מיט דעם שעלהאַמער־עגין. ער מוז האָבן אַ מענטש, צו וועלכן ער זאָל האָבן דעם פולסטן צוטרוי, וועל־כער זאָל זיין באַהאַוונט אין אַלע פּרטים, ווייל ער אַליין האָט דערצו קיין צייט נישט.

במשך פון אייניקע שעה האָט ער דערליידיקט די דרינגענדיקסטע אַרבעטן אין זיין ביוראָ. דערנאָך האָט ער געבעטן די פריילין צימערמאַן, זי זאָל אים טעלע־פאָניש פאַרבינדן מיטן ברודער וואָלפגאַנג אין יאַקאָבסביל.

וואָלפגאַנג איז געווען אין אַן אויפגערעגטער שטימונג. ער האָט געשליידערט זידל־ווערטער אין טעלעפאָן־טרייבל, גערעדט וועגן נידערטרעכטיקייט, באַליידיקונג, אומפאַרשעמטקייט, חוצפה, אַזוי אַז פּאַביאַן האָט זיך געמוזט צעלאַכן.

— בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וואָלט מען דיר גאַנץ פּשוט אָפּגע־האַקט דעם קאָפּ! — האָט ער אויסגערופן, וואָס עס האָט וואָלפגאַנגען משמעות געמוזט באַרואיקן.

מ'האָט אים היינט אויף דער גאַס פון הייליקן גייסט געלאָזט וואַרטן אַ גאַנצע שעה, וואָס ער האָלט פאַר סקאַנדאַליעז. דערנאָך האָבן צו אים צוויי שנעקעס גע־האַלטן אַן אומפאַרשעמטע דרשה וועגן די פליכטן לגבי דעם טויזנטיעריקן רייך און נאָך עטלעכע שטותים. דאָס אַליץ איז געזאָגט געוואָרן אין אַ ביסל אַן אויפ־געהויבענעם טאָן. לסוף האָבן זיי אים געדראָט מיט „בירקהאָליץ"! * מיט איין וואָרט: נידערטרעכטיקייט און פרעכקייט! לסוף האָבן זיי אים אַרויסגעלאָזן מיט אַ וואָרענונג.

פּאַביאַן האָט אים געפּרווט באַרואיקן.

— היינט אָדער מאָרגן וועלן מיר ביידע צוזאַמען אויסטרינקען אַ פלאַש וויין אין „שטערן" און באַטראַכטן די וועלט דורך די פולע גלעזער רובין־רויטער פליסיקייט, אמת?

צו מיטאָגצייט האָט פּאַביאַן פאַרלאָזט זיין ביוראָ. פּאַמעלעך האָט ער זיך געשלענדערט איבער די גאַסן. ער האָט בדעה געהאַט צו גיין צום שטאָטישן אַרכי־

* קאָנצענטראַציע־לאַגער.

מעקט קריג, כדי עפעס צו דערוויסן זיך בנוגע דעם שעלהאמער-עניין. אָבער אומגעריכט האָט ער זיך מיט אים צונויפגעטראָפן אויפן מאַרק-פּלאַץ.

מיט דעם ווייכן קאַפּעליוש אין דער האַנט, מיטן פלאַטערנדיקן קראַוואַט איז דער אינזשיניער פאַרבייגעלאָפן דעם גאַרציז-ברונעם, קיינעם נישט באַמערקנדיק, טיף פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען.

— קריג! — האָט זיך פאַביאַן צו אים אָפּגערופן. — איך גיי טאַקע צו אייך.

דער אַרכיטעקט האָט זיך באַקלאָגט, אַז לעצטנס פאַרפאָלגן אים אַ גאַנצע ריי אומגליקן. זיין פרוי און זיינע ביידע טעכטער, דאָס צווילינג, זענען נעכטן אָוונט אָפּגעפאָרן קיין האַמבורג. די מומע אַגאַטע איז פּלוצים געשטאָרבן. זי איז געווען אַ שרעקלעכע רכילותניצע און וועט אַפילו אין קבר נישט אויפהערן צו פּליאַטקעווען. צען אַזייגער זענען זיי אַוועקגעפאָרן, און אַרום צוועלף איז דאָס דינסט-מיידל קראַנק געוואָרן, מן-הסתם אויף דיפטעריט. ער האָט געמוזט אינמיטן נאַכט רופן אַ דאָקטער. אין דער פרי האָט ער אַליין געמוזט זיך קאָכן דעם פרישטיק, און דערמלט איז אָנגעפאָרן די שפּיטאָל-קאַרעטע, וועלכע האָט צוגענומען דאָס שטוב-מיידל. באמת — נישט אויסצוהאַלטן.

פאַביאַן האָט אים געטרייסט אין אַ שפּאַסיקן טאָן און איינגעלאַדן אין „גלאָבוס“ אויף קניידלעך.

ביי א גלאָז פילזנער און קניידלעך האָט קריג געזען זיין פּאַק צרות שוין נישט אין אזא פינצטערן שיין, ווי פריער. און פאַביאַן האָט ארויפגעפירט דעם שמועס אויף די שעלהאַמער-פאַבריקן.

— די שעלהאַמער-פאַבריקן? — קריג האָט באַשטעלט נאָך אַ גלאָז פּילזנער. — די שעלהאַמער-פאַבריקן? — יאָ, ער ווייסט וועגן זיי נישט ווייניק. זיין פריינד שימעלפענג, אַן אַרכיטעקט, אַרבעט שוין צוויי יאָר צייט ביי די שעלהאַמערס. — מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט שימעלפענג געבראַכט אַ פּראָיעקט פון אַ נייער פאַבריק-האַלע, כדי אַרומצורעדן מיט אים אייניקע שוועריקייטן אין די סטאַטישע אויסרעכענונגען. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ ריזיקע פאַבריק-האַלע, אינגאַנצן פון אייזן און גלאָז.

— זיי האַלטן אין איין בויען? — האָט פאַביאַן געפרעגט, פאַרטאָן אין די קניידלעך.

— קריג האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳זעט אַזוי אויס, — האָט ער געלאַכט. — זיי ווילן אויפבויען דריי אַזעלכע ריזיקע האַלעס.

— דריי?

— יאָ, דריי, אינגאַנצן פון אייזן און גלאָז. זיי האָבן שוין אויפן לאַגער הונדערטער אייזן-שטאַבעס. ביידע ברידער שעלהאַמער זענען אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסקייט-שגעון. די פאַבריקן דאַרפן צווייפאַכיק פאַרגרעסערט ווערן. זיגט אַ לענ-

גערע צייט ווערן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן אַלטן באַראָן מעטיע וועגן אָפּ־
קויפן זיין אַלטן גוט, אין דער צפונדיקער אומגעגנט פון שטאָט.

— אונטערהאַנדלונגען? — האָט פאַביאַן געפרעגט. — געפינט איר נישט
איין, אַז די קניידלער זענען וונדערבאַר?

— הערלעך! — האָט קריג באַשטעטיקט. — צי זאָל מען נישט באַשטעלן
נאָך אַ פּאָרציע? — יאָ, עס גייען אונטערהאַנדלונגען, צי ס'איז עפּעס דערפון
אַרויסגעקומען ווייס איך נישט. מעטעס מאַיאָנטעק וואָלט געווען אַן אויסגעצייכנ־
טער פּלאַץ פאַר דער נייער פאַבריק.

— האָבן די ברידער שעלהאַמער אַזעלכע גרויסע באַשטעלונגען? — האָט
פאַביאַן אַ פרעג געטאָן.

דער אינזשיניער האָט זיך צעלאַכט, זיך פאַרזיכטיק און מיט חשד אַרומ־
געקוקט און דערנאָך זיך צוגעבויגן צו פאַביאַנען און אים געשעפּטשעט אויפן אויער.

— מען זאָגט, אַז די שעלהאַמערס האָבן נישט לאַנג מנדב געווען אַ האַלבן
מיליאָן אויף פּאָליטישע צוועקן. אַ האַלבער מיליאָן, יעדנפאַלס איז עס אַ שיינע
מטבע. זיי האָבן ווייזט אוים נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק לגבי דער
גרויס־אינדוסטריע אויף מערב, וועלכע, ווי איר ווייסט מסתמא, האָט דעקלאַרירט
שווערע מיליאָנען. אָבער דאָס וועט בלייבן צווישן אונדז, אמת?

פּלוצים איז דער אַרכיטעקט אויפגעשפּרונגען און אָנגעכאַפּט אַ פאַרבייגיי־
ענדיקן מאַנצפאַרשוין פאַרן רעקל.

— הער ריכטער! — האָט ער לאַכנדיק צו אים געשריען. — ביי אונדזער
טיש איז נאָך דאָ פּלאַץ.

פאַביאַן האָט זיך אויך אויפגעשטעלט.

— אַוודאי, — האָט ער געזאָגט און אָנגעוויזן אויף זיין שטול.

ער האָט זיך מיט זיי געזעגנט, זאָגנדיק, אַז ער מוז תיכף אַוועקגיין.

אויף דער גאַס האָט ער צוגערופן אַ טאַקסי און זיך געהייסן פירן צום נאָ־
ענטן דאָרף אַמזעלוויז.

# XI

אין דעם זוניקן, רחבותדיקן דאָרף אַמזעלוויז, וואָס איז געלעגן אַ האַלבע שעה
רייזע מיטן אויטאָ פון דער שטאָט, האָט זיך געפונען דאָס גוט פון מעדיציניש
ראַטגעבער פאַלע. וועלכער האָט דאָרטן געוווינט זומערצייט. קורץ האָט מען דאָס
דאָרף אָנגערופן: אַמזעל. ווינטערצייט האָט ער געוווינט אין זיין אייגן הויז אויפן
ראָטהויז־פּלאַץ. ער איז געווען אינטערניסט און רענטגענאָלאָג אין שטאָטישן שפּי־
טאָל, אַן אויסגעצייכנטער דאָקטאָר און אַ רענטגענאָלאָג מיט אַ וועלט־נאָמען. זיינע

לונגען=רענטגענאָגראַמען האָבן אים באַרימט געמאַכט אויף דער גאַנצער וועלט. אין זיין הויז האָט ער איינגעאָרדנט און אויסגעשטאַט צוויי זאַלן פֿאַר וויסנשאַפֿטלעכע רענטגענאָלאָגישע פֿאָרשונגען מיט די בעסטע אַפּאַראַטן אין דער וועלט, צום טייל דורך אים אַליין דערפֿונדענע און קאָנסטרואירטע. מיט די וויסנשאַפֿטלעכע קאַבינעטן האָבן זייער אָפֿט זיך באַנוצט באַדייטנדיקע אינגלענדישע און אויסלענדישע דאָקטוירים. ער איז געווען זייער אַ פּאַרמעגלעכער מענטש, און דערצו האָבן אים נאָך אַריינגעבראַכט באַדייטנדיקע סומען זיינע וויסנשאַפֿטלעכע ווערק, באַזונדערס דאָס זייער פּאָפּולערע אין אַמעריקע און ענגלאַנד בוך א. ג. „דזי סעקרעט אָף דזי רעיס“ *. אגב איז ער אויך געווען דער נדבן פֿון וואָלפֿגאַנג פּאַביאַנס „גאַרציז=ברונעם“. לכתחילה האָט ער אים בדעה געהאַט אויפֿצושטעלן אין אַמזעלוויז, שפּעטער אָבער האָט ער באַשלאָסן דעם ברונעם צו שענקען דער שטאָט.

דאָס גוט אַמזעל איז געווען ברייט באַקאַנט אין שטאָט, ווייל פּאָלע איז געווען זייער אַ גאַסטפֿריינדלעכער, און זיינע אויפֿנאַמעס האָבן אים באַרימט געמאַכט. ס'איז פֿונדעסטוועגן נישט אַזוי לייכט געווען צו געפֿינען זיך צווישן די איינגעלאַדענע, וואָרעם דער דאָקטער האָט ליב געהאַט זיך אַרומצורינגלען נאָר מיט מענטשן אָריגינעלע, געוויסנהאַפֿטע און האָט געהאַסט אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט שאַבלאָן. די פֿרוי בעאַטע לערכע=שעלהאַמער האָט קיינמאָל נישט געפֿעלט צווישן די איינגעלאַדענע, ווי אויך קריסטע, וועלכע איז געווען באַפֿריינדעט מיט פּאָלעס טאָכטער מאַריאָן.

דאָקטאָר קריגער, דער פֿריערדיקער בירגערמייסטער, איז דאָ געווען אַן אָפֿטער גאַסט. וואָלפֿגאַנג פּאַביאַן, דער סקולפּטאָר, האָט אויך דאָרט זייער אָפֿט פֿאַרקערט. ער איז אפשר געווען דער איינציקער מאַן אין שטאָט, מיט וועלכן דער דאָקטער איז געווען אויף אַן אמת באַפֿריינדעט. ווען וואָלפֿגאַנגס פֿריינד, דער לערער גלייכען, איז מיט אַ יאָר צוריק דיסציפּלינאַר איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער אַמזעלוויזער שול, האָט וואָלפֿגאַנג אים אַריינגעפֿירט אין פּאָלעס הויז, און ביידע האָבן גלייך געפֿונען אַ געמיינזאַם לשון. — „וואָס פֿאַר אַ זעלטענער מענטש! — האָט דער דאָקטער געזאָגט. — ער באַהערשט מיטאַמאָל מייסטערהאַפֿט צוויי זאַכן: די קונסט פֿון שווייגן און שאַך=שפּילן!“ יעדן מאָנטיק אָוונט האָבן זיי געשפּילט אין שאַך, און קיינער האָט זיי דעם דאָזיקן אָוונט נישט געטאָרט שטערן.

פּאַביאַן אַליין פֿלעגט זייער זעלטן קומען קיין אַמזעל. אַן איינאונאיינציק מאָל איז ער געקומען צוזאַמען מיט קלאָטילדען, וועלכע איז פֿון דערשטוינונג אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

---

* דער טיטל פֿון די „איקס=שטראַלן“ (רעד.).

— פאַרוואָס האָסטו נישט אַזאַ גוט? — האָט זי אַן אויפגערעגטע און בלאַסע געפרעגט, ווען זיי זענען צוריקגעפאָרן. — אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען על כל פּנים מענטשלעך לעבן!

וואָכנלאַנג איז זי אַהין נישט געקומען.

— וואָס פאַר אַ געשמאַק, וואָס פאַר אַ מעבל! אין פאַרגלייך מיט זיי לעבן מיר, ווי אין אַ נאָרע! כ'האָף, אַז בקרוב וועט מיך דאָקטער פאַלע ווידער איינלאַדן.

אָבער דער מעדיצינישער ראַטגעבער פאַלע האָט קיינמאָל מער איר נאָמען נישט דערמאָנט.

ביי זעלטענע געלעגנהייטן האָט פאַלע אויך געמאַכט גרעסערע אויפנאַמעס, אינטימע טיי־אָוונטן, בעת וועלכע ס'פלעגן אים באַזוכן איגלענדישע און אויסלענדישע מעדיקער און געלערנטע. דעמלט פלעגט ער זיי פאָרשטעלן אייניקע פון זיינע פריינד און באַקאַנטע.

זיין הויז איז געווען אַ רחבותדיקע, זייער איינגעפאַך געבויטע ווילע, וואָס פלעגט ביים ערשטן אָנבליק דערשטוינען. נאָכדעם וואָס מ'האָט זיך וועגן דעם הויז אַזויפיל אָנגעהערט, פלעגט מען דערוואַרטן צו דערזען אַ מין פּאַלאַץ. אין דער אמתן איז דאָס אָבער געווען בלויז אַ גרויסע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געצויגן איבער אַלע שטאָקן. אין די איינצלנע זאַלן זענען געשטאַנען לרוב אַלטע, טייערע מעבל, וועלכע דער דאָקטער פאַלע האָט דערוואָרבן במשך פון זיין לאַנגן לעבן. די גאַסט־צימערן זענען געווען מיניאַטור־ווינונגען, אויסגעשטאַט מיט יעדן מעגלעכן קאָמפאָרט. דאָ זענען שוין געווען צוגאַסט במשך פון טעג און וואָכן סיי ענגלישע לאָרדן, סיי לאָורעאַטן פון נאָבל־פּריז און מיטגלידער פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע. מ'האָט געמוזט זיין וועלט־באַרימט, כדי צו באַקומען אַזאַ איינלאַדונג. וועגן די באָד־צימערן האָט מען אין שטאָט לעגענדעס ממש זיך אָנדערציילט. דאָס איז נאַטירלעך געווען שטאַרק איבערטריבן. כמעט קיינער האָט זיי דאָך נישט געזען.

בלויז איינמאָל האָט פרוי רעבעקע, פאַלעס הויז־באַלעבאָסטע, געגעבן אַ מעגלעכקייט פאַביאַנען, וועלכער איז בטבע געווען אַ נייגעריקער, צו כאַפּן אַ בליק אויף די גאַסט־צימערן. פאַביאַן האָט איינגעפונען, אַז זיי שטייגן לחלוטין נישט איבער מיט זייער געשמאַק און קאָמפאָרט די ערשטקלאַסיקע האָטעלן. „קלאָטילדע איז גערעכט. אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען על כל פּנים מענטשלעך לעבן!“ — האָט ער צו זיך געזאָגט.

נאָך שענער און אימפּאָנירנדיקער איז געווען דער פּאַרק, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס הויז. ס'זענען אין אים געוואַקסן דער עיקר עקזאָטישע קוסטעס און ביימער. ער איז נישט געווען גרויס, אָבער, איינגעאָרדנט לויטן מוסטער פון יאַפּאַנישע גערטנער, האָט ער אויסגעזען געגוג רחבותדיק. צו דער ווילע האָט אויך

געהערט אַ גרויסער סאַד מיט איידעלע קולטיווירטע ביימער, אַן אָראַנזשעריע און אַ קליינע פערמע. דאָס איז געווען די וועלט, אין וועלכער דער מעדיצינישער ראַט־געבער האָט זיך צומבעסטן געפילט. זומערצייט פלעגט ער יעדן טאָג פאַרמיטאָג, פון זעקס אַזייגער, פאַרברענגען אין סאַד ביי די ביימער, אויף ביימער־צוכט האָט ער זיך בעסער פאַרשטאַנען, ווי אַ גערטנער. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דער מוסטערהאַפטער פערמע. ער האָט באַשעפטיקט נאָר אויסגעפּרווטע מענטשן און איז געווען שטאָלץ דערפון, וואָס נישט געקוקט אויפן הויכן געהאַלט, דעקט אַמזעל די הוצאות, אויסער קליינע (מינימאַלע, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן) אינוועסטיציעס.

דאָקטער פאַלע האָט זיך נישט געיאָגט נאָך עשירות. מ'האָט אפילו געוווּסט, אַז ער פלעגט באַהאַנדלען אַ סך זיינע פּאַציענטן אָן שום האָנאָראַר. אָרעמע פרויען און קינדער פלעגט ער אָפט אַרויסשיקן אויף אַ לענגערע צייט אַלס רעקאָנוואַ־לעסצענטן אין אַ קוראָרט אויף זיין אייגענעם חשבון.

דער דאָקטער פאַלע, וועלכער איז געווען אַן אַלמן, האָט געלעבט אין אַמזעל מיט זיין טאָכטער מאַריאַן, מיט דער עלטערער הויזבאַלעבאָסטע רעבעקע און אייניקע הויזדינער. רעבעקע איז געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין הויז. זי האָט דערצויגן מאַריאַן פון קינדהייט אָן, ווי אַ מאַמע, און מ'האָט איר גערופן „מאַ־מושקאַ".

ווען פּאַביאַן איז מיטן טאַקסי אָנגעקומען קיין אַמזעל, האָט ער שוין פונדער־ווייטנס דערהערט אַ היימערן, האַרציקן געלעכטער, לויט וועלכן ער האָט תיכּף דערקענט די לעבנסלוסטיקע מאַריאַן. באַלד האָט ער אויך דערזען מאַריאַן. זי איז געזעסן אונטער אַ קוסט אויף אַ שטיינערנער באַנק און זיך געשפּילט מיט אַ קליין ווייס קעצעלע, וואָס האָט זיך געדראַפּעט אויף אירע שוואַרצע געלאָקטע האָר. מאַריאַן האָט גערייצט דאָס קעצל מיט אַ קליין צווייגל. אין גיך נאָכן צווייגל האָט דאָס קעצל זיך אַרויפגעקריגן אויף מאַריאַנס פּלייצעס און געמאַכט קאָמישע אָנשטרענגונגען צוריק זיך אַרויפצודראַפּען אויף מאַריאַנס האָר. דאָס איז געווען די סיבה פון מאַריאַנס הילכיקן געלעכטער. ווען מאַריאַן האָט דערהערט, אַז די טיר פון גאָרטן עפנט זיך, און זי האָט דערזען פּאַביאַנען, איז זי בליצשנעל אויפ־געשפּרינגען און, אַרויסלאָזנדיק פון זינען דאָס קעצל, מיט אַ שטיפערישן שמייכל אויף די ליפּן אים אַנטקעגנגעלאָפן.

— ווי גוט דאָס איז, וואָס איר זענט געקומען, דאָקטאָר! — האָט זי אויס־געמפן און אים דערלאַנגט די האַנט.

דאָס קעצל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אירע פּלייצעס אויף דער ערד און אַנטלאָפן אין די קוסטעס.

מאַריאַן איז געווען אַ יונג מיידל, אַן אויסערגעוויינלעך שיינע, מיט זעלטענער פרישקייט. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טונקל־הויטיקער איטאַליענערין

מיט שוואַרץ־געלאָקטע האָר און טונקעלע אויגן, וועלכע האָבן ווי שטיינקוילן גע־
פינקלט אויפן פאָן פון די בלוילעכע ווייסלען. זי איז אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק
און געווען אַ ליידנשאַפטלעכע ספּאָרטלערין. זי האָט געשמט אַלס איינע פון די
בעסטע טעניס־שפּילער אין שטאָט, און מיט צוויי יאָר צוריק האָט זי געוואונען
דעם גרויסן קלוב־טורניר. אַלע האָבן געקענט איר הייטער, האַרציק געלעכטער,
וואָס האָט טאָג ווי נאַכט זיך געטראָגן אַרום איר, ווי אַ מחנה שטעטערלינגען.
די פרישקייט און הייטערקייט, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן, האָבן זי באַליבט
געמאַכט אין דער גאַנצער שטאָט. באַטירלעך, איז זי אָפט געווען אַרומגערינגלט
פון אַ גאַנצער מחנה פאַרערער און באַוונדערער. אויך דער יונגער אָבערלייטע־
נאַנט וואָלף פאָן טינען האָט פאַראיאָרן געמאַכט נישט קיין צופעליקע באַזוכן
אין איר הויז. ער איז דעמלט אין איר פאַרליבט געווען איבער די אויערן און
דערציילט אַלע זיינע קאָלעגן, אַז ער וועט בקרוב מיט מאַריאָן שרייבן תנאים.
אָבער ס'איז דערין נישט געווען קיין וואָר וואָרט.

— דער פּאַפּאַ וועט זיך זייער דערפרייען, וואָס איר זענט צו אונדז געקומען
צו פאָרן, — האָט מאַריאָן אויסגערופן, אונטערפירנדיק פּאַביאַנען צום הויז.

— אין אוניווערסיטעט האָבן זיך נאָך די לימודים נישט אָנגעהויבן? —
האָט פּאַביאַן איר אַ פרעג געטאָן.

זינט אייניקע חדשים האָט ער זי נישט געזען. מאַריאָן האָט שטודירט מע־
דיצין און געוואָלט שפּעטער אין פּאָטערס אינסטיטוט ספּעציאַליזירן זיך אַלס
רענטגענאָלאָג.

דאָס יונגע מיידל האָט זיך שרעקלעך פאַררויטלט. דאָס בלוט האָט אַרויס־
געשלאָגן אויף אירע באַקן ווי אַ פלאַם. זי איז איצט נאָכמער ענלעך געווען צו
אַן איטאַליענערין, אַן אָפּגעברענטע פון דער גליענדיקער זון.

— אָ, ניין, — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט, — אָ, ניין, דאָסמאָל איז מיט די
לימודים אויף דעם סעמעסטער גאָרנישט געוואָרן.

זי האָט אָפּגעהאַקט און געברענגט אין אָרדענונג אירע שוואַרצע געלאָקטע
האָר, וועלכע דאָס קעצל האָט צעשויבערט.

— איר האָט פאַרגעסן, אַז איצטער בין איך באַשעפטיקט אַלס געהילף־
לערערין אין אונדזער שול, — האָט זי צוגעגעבן.

אינעם זעלביקן אויגנבליק האָט זי זיך האַסטיק אַ קער געטאָן און איז אַריין
פאָרויס אין הויז.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך גיי פאָרויס, — האָט זי אויסגע־
רופן מיט איר קלאָרער שטימע. — ביטע, קומט אַריין, דער פּאָטער קאָן זיך שיין
נישט דערוואַרטן אויף אייך.

אַ צעמישטער איז פּאַביאַן איר פּאַמעלעך נאָכגעגאַנגען. דאָס ראַפּטעמדיקע
רויט ווערן און דאָס אומפאַרשטענדלעכע האַסטיקע אַוועקקערן זיך האָבן אים

דערשראָקן. גלייך איז אים איינגעפאַלן, אַז ער איז באַגאַנגען אַ טאַקטלאָזיקייט, נישט מוחל צו זיין. מאַריאַן איז דאָך געווען אַ יידישקע. ער האָט וועגן דעם אינ־גאַנצן פאַרגעסן.

— וואָס פאַר אַן אומזיניקע טפשות איז געווען דאָס פרעגן איר, צי די לימו־דים אין אוניווערסיטעט האָבן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן! — איז אים דורכגעלאָפן אין געדאַנק. ער האָט זיך פאַררויטלט פון בושה און געווען גליקלעך, וואָס קיינער האָט דאָס נישט געזען.

ער האָט דערהערט מאַריאַנס לויטערן קול, וואָס האָט גערופן אין האָל:

— מאַמושקאַ, מאַמושקאַ!

ער האָט אָפּגעאָטעמט. קיינער האָט נישט באַמערקט זיין צעמישטקייט.

באַלד איז אַריינגעקומען רעבעקע, נאָך וועלכער אַ שטובמיידל האָט געטראָגן אַ פולע שיסל מיט פרעכטיקע באַרנעס.

— וואָסערע פיינע באַרנעס איר האָט! — האָט פאַביאַן אויסגערופן.

— דאָס איז אַן עקסטרע סאָרט „שאַרנע״, — האָט רעבעקע געזאָגט און האַרציק געדריקט פאַביאַנען די האַנט, קוקנדיק דערביי מיט דאַנקבאַרקייט אים אין די אויגן אַריין. זי האָט פעסט געהאַלטן זיין האַנט, גלעטנדיק מיט אירע ווייכע פינגער.

— ס'קומט אייך אַ גרויסן דאַנק, וואָס איר זענט צו אונדז געקומען. מיר זענען דאָ זעלטן עמעצן ביי אונדז. פון צייט צו צייט קומט צו אונדז אייער ברו־דער וואָלפגאַנג, און איין מאָל אין וואָך אויך הער גלייכען. אַחוץ זיי האָבן אַלע וועגן אונדז פאַרגעסן.

רעבעקע איז געווען אַ געזעצטע, קליינוווקסיקע עלטערע פרוי מיט געלאָקטע גרוי־ווייסע האָר, מיט צעשוווּמענע געזיכט־שטריכן, אַראָפּהענגענדיקע באַקן, מיט עטלעכע שוואַרצע האָר אויף דער אייבערשטער ליפּ. פון אונטער די קיילעכדיקע ברילן האָבן אַרויסגעקוקט אירע גוטמוטיקע אויגן.

— איך וועל אָנזאָגן דעם פאָטער, אַז דער דאָקטאָר פאַביאַן איז געקימען, האָט מאַריאַן אויסגערופן און איילִיק געגאַנגען פאָרויס דורכן האָל. — איר קענט דאָך דעם וועג. דער פאָטער איז אויבן, אויף דער טעראַסע.

לייכט איז זי אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ. דאָס ווייסע קעצל איז, פון קיינעם נישט באַמערקט, איר נאָכגעלאָפן. מיט איין שפרונג האָט עס זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף איר רוקן און אויף איר קאָפּ.

— מישקע איז שוין ווידער דאָ, מאַמושקאַ! — האָט מאַריאַן לאַכנדיק אויס־געשריגן. ווען די טיר האָט זיך הינטער איר פאַרמאַכט, האָט זיך נאָך געהערט איר געלעכטער.

— אונדזער מאַריאַן איז נאָך אַלץ אַ גרויסע שטיפערקע, — האָט רעבעקע מיט ליבשאַפט געזאָגט.

פאַביאַן איז נאָכגעגאַנגען מאַריאַן דורכן גרויסן ביבליאָטעק־זאַל, וועלכער האָט פאַרנומען דעם גאַנצן פּאַרטער און האָט געהאַט אויף דריי זייטן גרויסע פענצטער ביז דער פּאָדלאָגע. ס׳האָט דורך זיי אַריינגעשטראָמט דאָס העלע ליכט פונעם גאָרטן. די ווענט זענען געווען ביזן סופיט אָנגעפולט מיט ביכער. ברייטע באַקוועמע טרעפּ, דורך וועלכע מאַריאַן איז אָקאָרשט אַרויפגעלאָפן און פאַרשוונדן, האָבן געפירט אויפן ערשטן שטאָק. קוים האָט מען נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פונעם זאַל, האָט מען זיך תיכף געפילט אַרומגענומען פון דער רואיקייט און פייערלעכקייט, וואָס הערשט אין אַ מוזיי, און פאַביאַנען איז ווידער געקומען אין זינען דער געדאַנק: „ווי וואונדערבאַר עס לאָזט זיך דאָ דענקען״.

פאַרבייגייענדיק, האָט ער ווידעראַמאָל באַטראַכט די פּאַראַיינצלטע מעבל, די שענק, קופערס. זיי זענען אַלע געווען סאָלידע און עלעגאַנטע, הגם נישט קיין לוקסוס. זייער צויבער, פּונקט ווי פון גאַנצן הויז, איז באַשטאַנען אין דער סאָלידקייט און פשטות. אין אַלעם האָט פאַביאַן אויסגעמיטן לוקסוס און גלאַנץ.

די טעראַסע איז געווען ברייט און גרויס; אין אַ ווינקל זענען געשטאַנען פלאַנצן, וואָס האָבן געשאַפן דעם איינדרוק פון אַ קליין גערטנדל. צווישן די גרינע בלעטער־געוויקסן, מירטן און לאָרבער־ביימעלעך איז געשטאַנען אַ ליגשטול, אויף וועלכער פאַלע איז געלעגן. בעת פאַביאַן איז אַריינגעקומען, האָט ער אויסגעדרייט צו אים זיין בלאַס, מאָגער געזיכט מיט די טונקעלע פיבערנדיקע אויגן.

## XII

— איר וועט מיר דערלויבן אייך אויפצונעמען ליגנדיק, ליבער פריינד! — האָט פאַלע געזאָגט מיט אַ שטילער, שוואַכער שטימע, — אויך אין דער דאָזיקער פּאָזיציע קאָן איך אייך האַרציק באַגריסן און דאַנקען פאַרן באַזוכן אַ פאַרשטויסענעם.

ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין האַנט, דורכזיכטיקער האַנט אויף אַ געפלאָכטענער שטול נעבן זיך.

פאַביאַן האָט זיך מיט אים האַרציק באַגריסט. דאָקטאָר פאַלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ווי איר זעט, האָבן מיך די געשעענישן פון די לעצטע חדשים אָוועקגעלייגט, — האָט ער פאָרגעזעצט. — היינט פרוו איך נאָך אַ ביסל גענעסן פון די לעצטע זונען־שטראַלן.

פאַלע האָט שטענדיק געהאַט אַן אַסקעטיש, מאָגער פּנים פון אַ מענטש, וואָס אַרבעט גייסטיק דאָס גאַנצע לעבן. היינט אָבער האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ליידנדיקן זקן. זיין קורץ גרוי בערדל האָט אויסגעזען צו זיין שיטערער

און כמעט ווייס. דער גרויסער קאָפּ איז געווען כמעט איגגאנצן אָן האָר, און אין זיין אָפּגעצערט פּנים האָבן בלויז געלעבט די טונקעלע אויגן מיט די געדיכטע טונקל־גרויע ברעמען, וועלכע האָבן זיך בעתן רעדן לעבהאַפט באַוועגט און פאַר־צויגן דעם בלאַסן שטערן מיט טיפע קנייטשן. אויף זיין רעכטער האַנט האָט ער ווי שטענדיק געטראָגן אַ גרויע הענטשקע, כדי צו פאַרבאַרגן אַן אַלטן שראַם, וואָס איז אים געבליבן פון אַן עקספּערימענט מיט רענטגענשטראַלן.

— איך ליג דאָ אַזוי און טראַכט, ווי שיין דאָס דייטשישע לאַנד איז, — האָט ער אָנגעהויבן, באַטראַכטנדיק מיט די צערפּולע, טונקעלע אויגן דעם קליינעם פּאַרק, וווּ ס'איז געשטאַנען אַן עקזאָטישער בוק אין דער רויטער בלעטער־קרוין, ווי אין פלאַמען. — צי קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, ווי שווער ס'איז צו זיין באַזיי־טיקט, אויסגעשלאָסן פון לעבן פון אַ לאַנד, אין וועלכן מ'איז אויסגעוואַקסן און דערלעבט ביז זיבעציק יאָר? צי קאָנט איר זיך דאָס פאָרשטעלן? איך זע פאַר זיך דעם בנין פון דייטשישן גייסט, אַ קרישטאָלענעם און הערלעכן, פאַר וועלכן די גאַנצע קולטור־וועלט האָט געהאַט דרך־ארץ. איך בין שטאָלץ, אַז אויך איך האָב מיט מיינע באַשיידענע כוחות געקאָנט זיין אַ מיטבויער פון דעם דאָזיקן בנין. איך זע פאַר זיך אַ וועלט פון פאָרשער און וויסנשאַפטלער, די דערהויבענע וועלט פון מוזיק, דיכטונג און פילאָזאָפיע. ס'איז נישט לייכט די אַלע וועלטן צו דער־גרונטעוועון. אַ גאַנץ לעבן האָב איך אין זיי געלעבט, און היינט בין איך געצווונגען אויסשליסלעך אין זיי צו לעבן, וואָרעם מיין ערדיש פאָטערלאַנד האָב איך פאַר־לוירן. צי קאָנט איר זיך פאָרשטעלן די באַפרידיקונג, וואָס פילט אָן מיין געדאַנק, אַז מ'קאָן מיך פון דער דאָזיקער רייכער וועלט נישט פאַרטרייבן, אַפילו נישט מיט פייער פון שרפות? צי פאַרשטייט איר דאָס דאָזיקע געפיל?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, קוקנדיק אויף פאַביאַנען מיט זיין פאַרנעפּלטן בליק, און געגלעט מיט זיין דורכזיכטיקער האַנט דאָס כמעט ווייסע בערדל אַזוי לייכט, אַז זיינע פינגער האָבן עס קוים באַרירט.

— איך פאַרשטיי אייך, — האָט פאַביאַן געענטפערט, דערשיטערט פונעם אַלטנס צער.

אַ שמייכל האָט באַלעבט פאַלעס פּנים.

— באַפרידיקונג? — האָט ער פאַרגעזעצט נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף פאַביאַנס ווערטער. — ווען איך וואָלט זיך אין דער דאָזיקער מינוט נישט געלאָזט באַהערשן פון נידערגעשלאָגנקייט, וואָלט איך געזאָגט: גליק! — קאָנט איר פאַרשטיין דאָס דאָזיקע גליק? דאָס איז מיין טייערסטער אוצר, וועלכן קיינער קאָן ביי מיר נישט צונעמען. קיינער נישט. קיינער!

ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און געשמייכלט צו זיך.

אויף דער טעראַסע האָט זיך באַוויזן מאַריאַן מיט קאַווע, און אַ פריילעכע האָט זי גענומען סערווירן דעם טיש. דאָס ווייסע קעצל איז איר נאָכגעלאָפן, ווי אַ הינטל.

מאַריאַן האָט לוסטיק אַ לאַך געטאָן:

— דו זעסט, פּאַפּאַ, — האָט זי אויסגערופן, — וואָסער דערפאָלג איך האָב? פאַלעס אויגן האָבן אויפגעשטראַלט פון גליק.

— דו דערלאַנגסט נישט נאָר מענטשן, מיין קינד, — האָט ער אויסגערופן.

מאַריאַן האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קעצל און אַרויפגעזעצט עס אויפן אַקסל. מיט אַ קלינגענדיק געלעכטער האָט זי פאַרלאָזט די טעראַסע.

גליק האָט אַרויסגעשיינט פון פאַלעס טונקעלע אויגן, בעת ער האָט זי באַגלייט מיט זיין בליק.

— איך דאַנק גאָט, — האָט ער געזאָגט, — וואָס דער גורל האָט מאַריאַן נישט אַזוי צעשמעטערט, ווי איר אַלטן פאָטער. זי טראָגט דאָס אַלץ איבער מוטיקער, ווי איך: מיטן מוט פון דער יוגנטלעכקייט, וואָס האָט נישט מורא אַפילו פאַרן טויט, ווייל זי טראַכט נישט וועגן אים. איר האַרץ איז פול מיט געמיטלעכקייט און פריילעכקייט. איר ווייסט, אַז מ'האָט איר פאַרווערט דאָס שטודירן אויפן אוניווערסיטעט?

פאַביאַן האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און שטאַרק זיך פאַרדרייטלט, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט זיין טאַקטלאָזע פראַגע, ווען ער איז געקומען.

— וואָס פאַר אַ בזיונדיקער באַשלוס, — האָט פאַלע פאָרגעזעצט. — נישט אַ טראַכט: דאָס איז דער זעלביקער אוניווערסיטעט, אין וועלכן מאַריאַנס זיידע האָט צוואַנציק יאָר צייט פאַרנומען די קאַטעדרע פון אויגן-כירורגיע. — ער האָט אַ ווײַלע איבערגעריסן און ווידער געווענדט זיין טריבן בליק אויפן פּאַרק. — היינט איז זי אַ לערערין אין אַ יידישער שול. דרייסיק שילער ציילט די שול, און דער לימוד קומט פאָר אין אַ לאָקאַל, וואָס איז ענלעך צו אַ קעלער. אָבער דאָס לערנען באַפרידיקט זי, און, ווי מיר דאַכט זיך, פילט זי זיך גליקלעך. ביז היינט האָב איך נישט געהערט, זי זאָל זיך כאָטש אויף עפּעס באַקלאָגן.

— דאָס איז אַ שווערער נסיון פאַר דער גאַנצער וועלט, — האָט פאַביאַן געזאָגט. — איר געדענקט נאָך מן-הסתם מיין מיינונג וועגן די דאָזיקע זינלאָזיקייטן? איך האָב מיין מיינונג וועגן דעם ביז היינט נישט געענדערט און וועל זי קיינמאָל נישט ענדערן. איבעריקנס, בין איך נאָך אַלץ איבערצייגט, אַז די אַלע אומפאַרשטענדלעכע מאָסמיטלען זענען אַ צייטווייליקע דערשייַנונג און וועלן פאַריבערגיין.

פאַלע האָט אויפגעהויבן די האַנט אין דער גרויער הענטשקע און סקעפּטיש מיט איר געדרייט אַהין און צוריק.

— לאָמיר האָפן, יונגער פריינד! — האָט ער אויסגערופן. — אייערע ווערטער גיבן מיר צו מוט, מאַכן מיך ממש גליקלעך. אָבער פאַרגעסט נישט צו טרינקען די קאַווע.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז פאַביאַנען געלונגען צו געבן דעם שמועס אַן אַנדער ווענדונג. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיין קוראַציע, וועגן דער סאַנאַטאָריע, די דאָקטוירים, בעדער, וועגן שפּאַציר-פּאַרק, דער באַשפּייזונג. פאַלע האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם געשפּרעך. ער האָט גענומען שטעלן קורצע פראַגן, געבעטן דערגענצונגען און נענטערע פּרטים וועגן דאָס און יענץ, געלויבט און געטאַדלט. באַלד האָט ער זיין נידערגעשלאָגענע שטימונג לגמרי גובר געווען און מיילוויין האָט זיך צו אים צוריקגעקערט זיין פריערדיקע שטענדיקע לעבעדיקייט.

— ס'פרייט מיך, אַז אייער געזונט האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט, — האָט ער לסוף געזאָגט. — איצטער וועט איר מיר דערלויבן אַ שמועס טאָן וועגן מיינע אייגענע דאגות און וועגן דעם ענין, אין וועלכן ס'איז מיר נייטיק אייער הילף און עצה.

פאַביאַן האָט פייערלעך פאַרזיכערט, אַז ער וועט טאָן אַלץ, וואָס ער וועט נאָר זיין ביכולת.

— איך בעט אייך מיט מיר צו דיספּוטירן, — האָט ער פאַרזיכערט.

— איך האָב געוווסט, אַז איך קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזן, ליבער פריינד! — האָט פאַלע פאַרגעזעצט מיט דאַנקבאַרקייט. — אייער ברודער וואָלפגאַנג איז נישט לאַנג צוריק ביי מיר געווען און מיר געראָטן צו וואַרטן אויף אייער צוריקקומען. — „מיין ברודער, — האָט ער געזאָגט, — מיט זיין אָפן האַרץ און קלאָרן קאָפּ וועט זיכער געפינען אַן עצה“.

אויפן סמך פונעם ראַסן-געזעץ האָט מען דעם מעדיציניש ראַטגעבער פאַלע באַזייטיקט פון זיין פּאָסטן אין אָרטיקן שפּיטאָל, און נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אים אויך זיין פּריוואַטע פּראַקטיק דערלויבט אויסשליסלעך צווישן יידן. שפּעטער אָבער האָט זיך שוין געהאַנדלט וועגן רענטגען-אינסטיטוט, אין וועלכן ער איז נאָך געבליבן דער לייטער, ווי פריער. צוערשט האָט מען באַפרייט זיינע צוויי אַסיסטענטן, יידן, זייער טיכטיקע מענטשן, און זיי פאַרטראָטן מיט נייע. צום סוף איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער אינסטיטוט-דירעקטאָר, אגב אַ זעלטן טיכטיקער מענטש. מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט דער נייער דירעקטאָר פאַרבאָטן פאַלען צו באַטרעטן די שוועל פון אינסטיטוט. סוף כל סוף איז דאָך דער אינסטיטוט פאַלעס אייגנטום, אויפגעבויט און אויסגעהאַלטן פון זיינע אייגענע מיטלען, און אַ סך זעלטענע אַפּאַראַטן זענען אַפילו פון זיין אייגענער דערפינדונג. דער נייער דירעקטאָר האָט אים אָבער קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז דער דאָזיקער אומשאַצבאַרער אינסטיטוט מיט זיינע אומפאַרטרעטלעכע איינריכטונגען קאָן בשום אופן נישט אויסגעשטעלט ווערן אויף דער סכנה פון סאַבאָטאַזש.

פאַביאַן האָט זיך אױש אַ הײב געטאָן פון פאָטעל.

— יאָ, — האָט דער דאָקטער באַשטעטיקט.

זײן פּנים איז זיך װי צעשװומען, און פאַביאַן האָט נאָר געזען זײנע גרױסע טונקעלע אױגן פול מיט צער און זײנע געדיכטע טונקעלע ברעמען.

באַלד אָבער האָט זיך פאַביאַן באַהערשט.

— אומגעלער! — האָט ער אױסגערופן. — דאָס איז די העכסטע מדרגה פון אומפאַרשעמטקײט, מעדיציניִשער ראַטגעבער!

ער האָט זיך װידער אַ הײב געטאָן פון אָרט און געריבן מיטן קאָפּ.

— זיכער, גאַנץ זיכער האַנדלט זיך דאָ בלױז אין אַ װילקיר־אַקט פון עפּעס אַ נידעריקן באַאַמטן, — האָט ער לסוף געזאָגט. — יעדנפאַלס װעל איך גלײך מאָרגן פאַרמיטאָג רעדן מיטן שפּיטאָל־דירעקטאָר. דאָקטער פראַנקע איז מײַנער אַ גוטער באַקאַנטער.

פאַלע האָט ביטער אַ שמײכל געטאָן.

— דאָקטער פראַנקע? — האָט ער געזאָגט. — איר װעט דעם דאָקטער פראַנקע שױן דאָרט מער ניִשט טרעפן. ער איז שױן מיט עטלעכע חדשים צוריק באַזײטיקט געװאָרן.

פאַביאַן האָט אױף אים געקוקט אַ דערשטױנטער.

— איך קען זײער גוט דעם דאָקטער פראַנקע! — האָט ער אױסגערופן. — דאָס איז אַ זעלטן גוטער און באַגאַבטער מענטש. איר װײסט ניִשט, צוליב װאָסערע סיבות מ'האָט אים באַפרײט פון אַמט?

פאַלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— יאָ, כ'װײס. אַלע װײסן עס, — האָט ער געענטפערט מיט אַ מידער שטימע. — אַ לאַנגע צײט האָט מען קעגן אים געפירט אַן אױספאָרשונג, דערנאָך האָט דער פּראָקוראָר איבערגענומען דעם ענין אין זײנע הענט. אַ קראַנקנשװעסטער, װאָס איז אַמאָל בײ אים געװען באַשעפטיקט, האָט אים אָנגעקלאָגט, אַז מיט פינף יאָר צוריק האָט ער איר געמאַכט אַן אומדערלױבטן אַבאָרט.

— דער אַבאָרט האָט דאָך ניִשט געקאָנט זײן אָן איר הסכמה?

— אױף איר אײגענעם װונטש. זי איז דעמלט אַלט געװען זיבעצן יאָר. אָבער װאָס קומט אַרױס? מ'האָט געװאָלט דעם דאָקטער פראַנקע פאַרניכטן און מ'האָט אים פאַרניכטעט. דאַקעגן די קראַנקנשװעסטער, װעלכע איז אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטײ, איז געװאָרן באַפרײט און האָט באַקומען אַ פײנעם פּאָסטן.

פאַלע האָט אַ לאַך געטאָן, ס'האָט אױסגעזען, װי ער װאָלט אַ שמײכל געטאָן מיט די צײן.

פאַביאַן האָט געשװיגן און מיט אומרואיקײט געקוקט אױפן פּאַרק, ניִשט זעענדיק גאָרניִשט.

— דירעקטאָר פון שפּיטאָל איז היינט אַ געוויסער דאָקטער זאַנדקול, נאָך זייער אַ יונגער און לגמרי אַן אומצופרידנלעכער מענטש, — האָט פּאַלע נאָך אַ העפּטיקן אָפּהוסטן פאָרגעזעצט. — ס'וועט מן־הסתם זיין שווער אים צו באַוועגן, ער זאָל ענדערן די נייע פאַראָרדענונגען וועגן אינסטיטוט, וועלכע זענען, וואַרשיינלעך, דורך אים אַליין אַרויסגעגעבן געוואָרן.

— דער אינסטיטוט איז קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן, — האָט פּאַלע נאָך אַ קורצן שווייגן פאָרגעזעצט, אָבער פּאַביאַן איז געווען פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען, און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט קוים צוגעהערט זיך צו די רייד פון אַלטן דאָקטער.

„פּאַלע האָט דאָך שטענדיק געדינט געזעלשאַפטלעכע צוועקן, גאַנצע צוואַנציק יאָר, אַפילו ווען ער האָט גלייכצייטיק געפירט דאָרט ריין וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. ער האָט חוץ דעם בדעה געהאַט צו פאַרשרייבן פאַר זיין טויט דעם אינסטיטוט לטובת דער שטאָט". — האָט פּאַביאַן אַן אויפגערעגטער געטראַכט.

— זינט וואָכן באַשעפטיקט מיך אַן אייגנאַרטיקע אידעע, — האָט פּאַלע פאָרגעזעצט, און פּאַביאַן האָט זיך ווי אויפגעוועקט פון זיינע רעיונות. פון זיינע אויגן האָט מען געקאָנט באַמערקן, אַז ער הערט זיך ווידער צו, — אַן אייגנאַרטיקע אידעע, וועלכע כ'וואָלט אָבער געקאָנט אויספּרוון נאָר אינעם אינסטיטוט, מיט מיינע בעסטע אַפּאַראַטן. איר פאַרשטייט? דאָס איז אַ וויכטיק־ענדיקע אידעע. צו דעם דאָזיקן צוועק וואָלט איך געמוזט צוביסלעך אַרבעטן אינעם אינסטיטוט, מעגלעך זונטיק, ווען ס'איז דאָרט קיינער נישטאָ, דאָס וועט דאָך געוויס קיינעם נישט שטערן. מ'דאַרף נאָר פון דאָקטער זאַנדקול באַקומען אַזאַ דערלויבעניש. ווי מיינט איר, ס'וואָלט זיך אייך איינגעגעבן די דאָזיקע זאַך צו דערליידיקן. דאָס איז אייגנטלעך מיין בקשה, צוליב וועלכער כ'האָב אייך צו מיר פאַרבעטן.

פּאַביאַן האָט זיך אויפגעשטעלט מיט אַן אַנטשלאָסענעם אויסדרוק אויפן פּנים:

—איך בין איבערצייגט, אַז איך וועל נישט אָנטרעפן קיין שום שוועריקייטן. יעדנפאַלס וועל איך אַלץ טאָן, וואָס כ'בין בכוח, — האָט ער פאַרזיכערט. — סוף־כל־סוף מעג מען דאָך אויף אַן אויגנבליק פאַרגעסן די פּאָליטישע קאַפּריזן, בעת ס'האַנדלט זיך וועגן אַ וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג?

— כ'דאַנק אייך, ליבער פריינד! — פּאַלע האָט אָנגענומען פּאַביאַנס האַנט, און מיט אַ ביטערן שמייכל האָט ער צוגעגעבן: — מיט אייניקע יאָרן צוריק האָט מיר דער קעמברידזשער אוניווערסיטעט אָנגעבאָטן אַ קאַטעדרע. ליידער האָב איך די אָפּערטע נישט אָנגענומען. אונדזער פריינד קריגער האָט מיך אויף קיין פאַל נישט געלאָזט אַוועקגיין און זיך באַשווירן, אַז ער וועט צו יעדער צייט, ווען ס'וועט נאָר זיין נייטיק, שטיין ווי אַ מלאך־הגואל אין מיין שוץ! היינט מוז איך בעטלען אַ דערלויבעניש צו אַרבעטן אייניקע שעה אין מיין אייגענעם אינסטיטוט!

ער האָט אָפּגעהאַקט. ווידער האָט זי געשטערט מאַריאַן, וועלכע איז אַריינגעקומען, זיך אַנטשולדיקט און געבעטן, אַז זיי זאָלן אַריינגיין אין שטוב, וואָרעם ס'ווערט קיל.

— אַלס דאָקטער וואָלסטו, פּאַפּאַ, געדאַרפֿט זיין ווייניקער לייכטזיניק, — האָט זי דעם פֿאָטער געמוסרט. — דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צו פּאַביאַנען: כ'האָף, אַז איר וועט אונדז פֿאַרשאַפֿן דאָס פֿאַרגעניגן און עסן מיט אונדז אָוונטברויט?

פּאַביאַן האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן. ער האָט צוגעזאָגט דעם ברודער, אַז ער וועט כמעט אויף זיכער פֿאַרברענגען מיט אים דעם היינטיקן אָוונט.

— כמעט אויף זיכער? — האָט מאַריאַן לאַכנדיק אויסגערופֿן און צוגעלאָפֿן צום טעלעפֿאָן. — איר וועט באַלד זען, ווי שנעל מיר באַקומען די פֿולע זיכערקייט.

זי האָט זיך תּיכּף פֿאַרבונדן מיט וואָלפֿגאַנגען און מיט הייטערע ווערטער פֿאַרבעטן אים אויף אָוונטברויט. אָבער וואָלפֿגאַנג האָט אָפּגעזאָגט. ער קאָן שוין אויך נישט טרעפֿן זיך היינט מיטן ברודער אין „שטערן“, ס'האָט אים פּלוצים באַהערשט אַ ליידנשאַפֿטלעכער באַגער צו אַרבעטן.

אין איין רגע איז אַלץ געוואָרן דערליידיקט.

— נישט פֿאַראַן אַלזאָ מער קיין שום שטערונגען! — האָט זי טריומפֿירנדיק געזאָגט צו פּאַביאַנען, העלפֿנדיק דעם פֿאָטער אויפֿצוהייבן זיך פֿונעם ליגשטול. — איבעריקנס, וועלן אויך פֿרוי בעאַטע לערכע־שעלהאַמער און קריסטע זיין אויפֿן אָוונטברויט. די דאַמען וועלן אייך זיכער גערן מיטנעמען מיט זייער אויטאָ צוריק אין שטאָט.

קריסטע? פּאַביאַן האָט דערהערנדיק איר נאָמען תּיכּף דערזען פֿאַר זיך איר מילדן שמייכל און זיך געפֿרייט, אַז אינגאַנצן אומדערוואַרט וועט ער זי ווידער זען.

## XIII

פּאַביאַן איז אויפֿריכטיק געווען אַנטשלאָסן צו פֿאַרנעמען זיך מיט פּאַלעס־ענין. ער איז געווען איבערגעבראַכט, וואָס מ'האָט אַ געלערנטן פֿון אַזאַ אינטערנאַציאָנעלן רום אַזוי דערנידעריקנדיק און אומפֿאַרשעמט באַהאַנדלט. נישט אַנדערש, נאָר קליינקעפּלדיקייט פֿון קליינע באַאַמטע, — האָט ער ביי זיך געטראַכט.

איצטער האָט זיך קודם־כּל געהאַנדלט וועגן אויסגעפֿינען אַ וועג צום נייעם שפּיטאָל־דירעקטאָר — דאָקטאָר זאַנדקול, און ער האָט איינגעפֿונען, אַז צום בעסטן וואָלט דאָ געקאָנט העלפֿן דער יורידישער ראַטגעבער שוואַבאַך, וועלכער האָט גרויסע איינפֿלוסן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. שוואַבאַך

איז געווען פאַרזיצער אין דער שטאָטישער אַדוואָקאַטן=קאַמער, און אַחוץ דעם האָט ער געפירט פאַביאַנס גט=פּראָצעס. אַן אויסגעצייכנטער צופאַל: ער האָט סיי ווי געדאַרפט זיך דורכשמועסן מיט שוואַבאַכן. ווען ער האָט זיך מיט אים טעלעפאָניש פאַרבונדן און אָפּגעשמועסט זיך אויפצומאָרגנס, האָט ער זיך געפילט באַרואיקט.

אַדוואָקאַט שוואַבאַכס קאַנצעלאַריע האָט זיך געפונען אויף דער הויפּט=גאַס פונעם האַנדלס=קוואַרטאַל אינעם ניי=אויפגעפרישטן הויז פון יובילער ניקאָלאַי. דער טרעפּן = אַרויפגאַנג האָט באמת געמאַכט א גרויסשטאָטישן איינדרוק, און פונקט אַזוי איינדרוקספול איז געווען דאָס מעשענע טעוועלע מיטן אויפשריפט: „ערלער פאָן שוואַבאַך“.

פאַביאַן האָט א שמייכל געטאָן. „ערלער פאָן שוואַבאַך“! דאָס קלינגט עפעקטפול, און אין די האָזיקע טעג איז אַזא נאָמען מיט גאָלד גלייך. דער יורידישער ראַטגעבער שוואַבאַך געהערט צו דעם סאָרט מענטשן, וואָס אַלץ פאַרענדיקט זיך ביי זיי גוט, — האָט ער געטראַכט. שוואַבאַך האָט, ווי אַלע אַדוואָקאַטן, געמוזט צושטעלן א ריי דאָקומענטן, וועלכע האָבן געדאַרפט פעסטשטעלן זיין אַרישן אָפּשטאַם. און אָט אין זיין געבורטס=אָרט, אין א קליינעם ווירטעמבערגער דאָרף, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז ער שטאַמט פון אַן אַלטער אַדל=משפּחה. ער איז אַהינגעפאָרן אַלס געוויינלעכער בירגער און איז צוריקגעקומען אַלס אַדלמאַן. זיינע בריוו=בויגנס האָבן איצט געטראָגן א הערב: א פויגל, וואָס טראָגט א פיש אין שנאָבל.

דער וואַרט=צימער, וועלכער איז געווען איינגעאָרדנט ווי א סאַלאָן, איז געווען פול מיט קליענטן, וואָס עס האָט דערוועקט ביי פאַביאַנען א געפיל פון קנאה. שוואַבאַך האָט געשמט אַלס איינער פון די בעסטע אַדוואָקאַטן פון שטאָט, און איצטער האָט ער ביי א סך קליענטן געהאַט א באַזונדערס גוטן נאָמען אַלס איינפלוסרייכער מיטגליד פון דער נאַצי=פּאַרטיי. דער סעקרעטאַר האָט פונדעסטוועגן פאַביאַנען תיכף אָנגעמאָלדן, און אים איז אויסגעקומען צו וואַרטן קוים א פּאָר מינוט.

— ווי איך האָב געהערט, זענט איר באַפרייט פון אייער פּאָסטן אין דער שטאָט=פאַרוואַלטונג, ליבער קאָלעגע? — האָט שוואַבאַך געפרעגט, בעת ער האָט אים באַגריסט. — ביירגערמייסטער טאַובענהאַוז האָט מיר וועגן דעם געזאָגט אויף דער נעכטיקער פאַרזאַמלונג.

שוואַבאַך איז געווען א קרעמפּער, דיקלעכער פאַרשוין און האָט אויסגעזען ווי א פודעל, ווי א גוטמוטיקער גרויער פודעל. יעדנפאַלס האָבן זיין צעשויבערטע גרויע טשופּרינע און זיינע אויסגעשפּיצטע וואָנצעס שטענדיק פאַביאַנען דערמאָנט א פודעל. דערצו האָט ער געהאַט גראָבע ליפּן, און איינציקע טיפע שראַמען האָבן

זיך ווי אײַנגעשניטן אין זײַנע פלײשיקע באַקן און קײַלעכדיקער גומבע. ער איז געווען אין די יונגע יאָרן אַ גרויסער הולטײַ.

— איך האָב, אַז נישט אויף לאַנג, — האָט פאַביאַן האַפערדיק געענטפערט און אַ שמייכל געטאָן, באַטראַכטנדיק די טיפֿע שראַמען אויף שוואַבאַכס פּנים. — גרויסער גאָט! — האָט ער געטראַכט, — זיי האָבן פּונעם פּודעל ממש געמאַכט אַ קאָטלעט.

— יאָ, לאָמיר האָפֿן, — האָט שוואַבאַך געזאָגט. — סוף כל סוף איז עס דאָך אָפּהענגיק פֿון אײַך אַליין. ווי טאָובענהאַוז האָט מיר דערציילט, האָט איר שוין געמאַכט די ערשטע שריט.

פאַביאַן איז געווען דערשטוינט.

— איך האָב האָך געבעטן, אַז קיינער זאָל דערפֿון נישט וויסן! — האָט ער געזאָגט.

שוואַבאַך האָט זיך צעלאַכט.

— קיינער זאָל דערפֿון נישט וויסן? — האָט ער אויסגערופֿן. — מיר לעבן דאָך אין אַ געאָרדנטער מלוכה, און געוויסע זאַכן קאָנען נישט בלײַבן בסוד. אַלגעמאַלס האָט זיך טאָובענהאַוז וועגן אַלעם דערוווּסט. אַלס דער הויפּט פֿון שטאָט מוז ער דאָך סוף כל סוף וויסן וועגן אַלץ, וואָס ס'קומט פֿאָר אין שטאָט, אמת?

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַן אײַנגעזעסענעם, באַקוועמען פֿאָטעל הינטער זײַן שרײַבטיש. מיט דער געשעפֿטלעכער שנעלקייט פֿון אַ באַהאַווטן אַדוואָקאַט האָט ער אָן הקדמות גלײַך גענומען רעדן וועגן גט-פּראָצעס.

— דער צד שכנגד האָט תיכף נאָך אײַער צוריקקומען אַרויסגעוויזן מיט אַ פֿאַרדעכטיקער איילעוודיקייט די פֿריערדיקע אַקטיווקייט. איך בין זיך משער, אַז דער מאָטאָר איז — אײַער פֿרוי.

פאַביאַן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— האָס איז זייער וואַרשײַנלעך, — האָט ער מסכים געווען.

יאָ, ער קען קלאָטילדעס אויגן צו גוט, אַז זיי זאָלן אים קאָנען אָפּנאַרן. זינט זײַן צוריקקער האָבן די האַזיקע אויגן אויסגעזען האַרטער און גלייכגילטיקער, און צײַטנווײַז — כמעט ווי גלעזערנע. זי פֿאַראַכט אים, ווײַל ער ווײַזט נישט אַרויס, ווי זי מיינט, גענוג אַנטשלאָסנקייט אין יענע פּאָליטישע ענינים, וואָס ליגן איר צום האַרצן.

שוואַבאַך האָט זיך אָנגעהויבן גריבלען אין אַ שטויס פּאַפּירן, וואָס זענען געלעגן אויף זײַן שרײַבטיש, און אויפֿגעבלאָזן די פֿלײשיקע ליפּן, מורמלענדיק:

— איר אַדוואָקאַט האָט מיר צוגעשיקט אַ נײַעם בריוו, אַ בריוו, פֿון וועלכן מ'קאָן אַרויסדרינגען, אַז די לאַגע האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרשאַרפֿט.

שוואַבאַך איז געווען זייער קורצזיכטיק, אַזוי, אַז ער איז געווען געצוווּנגען אויפֿצוהייבן די ברילן בשעתן לייענען און דערנענטערן דעם בריוו צו די אויגן. פֿאַביאַן האָט איצט נאָר געזען זיין פּודעל־קאָפּ און זיין גרויסע ליסינע, וועלכע האָבן אַרויסגעבלאַנקט פֿון זיינע צעפּאַטלטע גרויע האָר.

פּלוצים האָט דער אַדוואָקאַט פֿאַרטייעט א קוק געטאָן אין דער הויך, כדי צו וואַרפֿן א בליק אויף פֿאַביאַנס פּנים.

— ווען אייערע באַציִונגען מיט דער זינגערין לוצי אַלענשלעגער האָט איך דאָך קיינמאָל נישט געלייקנט? — האָט ער א פֿרעג געטאָן.

פֿאַביאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך וואָלט זיך אַפֿילו געשעמט דאָס צו טאָן, — האָט ער געענטפֿערט, בעת ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער דאָזיקער אומגליקלעכער פֿרוי, מיט וועלכער ער האָט אַמאָל געפֿירט א פֿאַריבערגייענדיקע ליבע. זי האָט כמעט שטענדיק געוויינט און האָט אין א יאָר אַרום זיך פֿאַרסמט אין א האַמבורגער האָטעל. איינציקע טעג פֿאַרן אָנהייב פֿון דעם דאָזיקן פּליִרט האָט זיך קלאָטילדע פֿון אים אָפּגעשפּעטערט, איבערטראַגנדיק איר שלאָפֿצימער אינעם סאַלאָן. באַלד דערנאָך האָט זי דאָרט איינגעאָרדנט איר אייגענעם „בודואַר".

— הגם ס'איז שוין אַריבער א שפּאַר ביסל צייט נאָך דער דאָזיקער געשיכטע, — האָט דער פּודעל־קאָפּ פֿאָרגעזעצט, דרייענדיק מיטן קאָפּ, — שטעלט אָבער דער בריוו פֿון קעגנערישן צד פֿעסט, אַז פֿרוי פֿאַביאַן האָט געהאַלטן פֿאַר א באַזונדערן בזיון דאָס, וואָס די פֿרוי לוצע אַלענשלעגער איז געווען א יידישקע. דאָס איז א באַשווערנדיקער אומשטאַנד.

פֿאַביאַן האָט צונויפֿגעצויגן די ליפּן.

— די פֿרוי פֿאַביאַן, — האָט ער געזאָגט, — האָט דערמאָלט פּונקט אַזוי נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז פֿרוי אַלענשלעגער איז געווען א יידישקע, ווי איך.

שוואַבאַך האָט א שויבער געטאָן זיינע גרויע האָר.

— יעדנפֿאַלס וואָלט געווען זייער געווינטשן, — האָט ער פֿונדאַסניי אָנגעהויבן, — אַז מיר זאָלן אויפֿן דאָזיקן אָנגריף קאָנען אָפּענטפֿערן מיט א קעגן־אָנגריף. מיינט איר נישט, אַז אייער צוזאַמענלעבן איז צערוסן געוואָרן דערפֿאַר, ווייל אייער פֿרוי האָט נישט געוואָלט האָבן קיין קינדער? האָט איר נישט געזאָגט, אַז זי האָט מורא געהאַט קאַליע צו מאַכן זיך איר שלאַנקע פֿיגור? נישט אַזוי איז עס געווען? ווען איך זאָל נאָר קענען האָבן אין די הענט דעם לייכטסטן באַווייז — א בריוו, א נאָטיץ.

— קלאָטילדע האָט איר קענטיק צו א נייער שוואַנגערשאַפֿט אויסגעדריקט נאָך שאַרפֿער, — האָט פֿאַביאַן געענטפֿערט. — ליידער, האָב איך נישט אין די הענט קיין שריפֿטלעכן באַווייז.

— א שאָד, א שאָד! — האָט דער אדוואָקאט אויסגערופן, שאָקלענדיק מיט דעם גרויען פודעל־קאָפּ אהין און אהער. — קיין שום שריפט? קיין שום בריוו? דאָס וואָלט נעמאכט דעם שטארקסטן איינדרוק! א דייטשישע פרוי, וואָס וויל שוינען איר פיגור! א שאָד, א שאָד! — ווידער האָט ער געשאָקלט מיטן גרויען פודעל־קאָפּ אהין און אהער. — אויף יעדן פאל וועלן מיר די דאָזיקע שטעלונג אירע צומשטארקסטן באַלויכטן, אפילו ווען יענע וועלן דאָס אָפּלייקענען.

זיי האָבן נאָך גערעדט וועגן דאָס און יענץ. אָבער פאביאן האָט אלץ גע־טראכט וועגן זיין פאמיליענלעבן.

אן אומעט האָט אים באהערשט ביי דעם געדאנק, אז זיין חתונה פון ריינער ליבע זאָל זיך אויסלאָזן מיט אזא מיאוסן סוף.

ער האָט זיך דערמאָנט קלאָטילדען אלס מיידל, אינעם שניי־ווייסן קאפּעליוש פון פלאָרענטינער שטרוי אויף די בלאָנדע האָר, מיט דעם טונקל־בלויען שלייף, פון וועלכן אירע בלויע אויגן האָבן אויסגעזען נאָך העלער. זי איז געווען פריש און רייצנדיק, ווי אלע יונגע מיידלעך, אמביציעז, פול מיט פאראינטערעסירונג פאר קונסט און ליטעראטור, מיט דורשט צו וויסן, פלייסיק פלעגט זי שעהנלאנג שפּילן אויפן קלאוויר און האָט געלערנט פרעמדע שפּראכן. זי פלעגט דעמלט א סך ארומ־רייזן מיט איר מוטער, א קאפּריזנע און גאוודיקע פרוי, וועלכע האָט געשפּילט די ראָל פון א גרויסוועלטיקער דאמע. אין יענער צייט איז קלאָטילדע אָנגעגאנגען פאר א פארמעגלעכע, ווייל איר מוטער האָט געהאט פיר געמויערטע הייזער. פא־ביאן קאָן נישט לייקענען, אז די דאָזיקע פיר הייזער האָבן אים באזונדערס בא־ווויגן, ער זאָל בעטן די האנט פון דעם יונגן מיידל.

נאטירלעך, איז וועגן גדן נישט געווען קיין רייד, מחמת קלאָטילדע איז אלס בת־יחידה געווען די איינציקע יורשטע. ווען די מוטער איז אָבער געשטאָרבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פיר הייזער זענען געווען אַזוי באַלאַסטעט מיט היפּאָטעקן און אזוי שטארק פארנאכלעסיקט, אז פאביאן איז געווען א גליקלעכער, ווען אים איז געלונגען וואָס גיכער פון זיי פּטור צו ווערן.

דאָס אלץ איז אים געקומען אויפן רעיון, בשעת שוואבאך האָט שטיל גע־לייענט פארשיידענע פונקטן פונעם בריוו פון קעגנערישן צד. ער האָט די אלע פרטים שוין אָפּט געהערט, און זיי האָבן אים קנאפּ וואָס אינטערעסירט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען א פרעמדער ענין.

פאר זיינע אויגן האָט זיך איצט אוועקגעשטעלט דער גאנצער אומגליקלעכער פארלויף פון זיין צוזאמענלעבן מיט קלאָטילדען. אפשר ענדערן זיך אזוי אלע פרויען נאָך דער חתונה? — האָט ער געטראכט. — אפשר אנטפּלעקט זיך ערשט דעמלט זייער אמתע נאטור, ווען זיי דערגרייכן שוין זייער ציל? אפשר ווערן די

לייכטזיניקע פרויען אינעם פאמיליענלעבן פארשווענדעריש, און די היימזיצער־סעס פארוואנדלען זיך אין שטוביקע מכשפות? ווער ווייסט?

קלאָטילדע האָט פּרעכטיק געשפּילט אויפן קלאַוויר, און ער, וועלכער האָט ליב געהאַט מוזיק מער ווי אַלץ, האָט זיך שוין לכתחילה געפרייט פונעם געדאַנק, אַז ביי זיי אין שטוב וועלן פאָרקומען מוזיקאַלישע אָוונטן. אַזאַ קליינער קרייז פון מוזיק־ענטוזיאַסטן, וואָלט דאָס נישט געווען הערלעך? ווי אָפט ער האָט געטרוימט דערפון! אָבער נאָך דער חתונה האָט קלאָטילדע כמעט זיך נישט צוגערירט צום קלאַוויר. זי האָט אויך זעלטן גענומען אַ בוך אין האַנט, און אַלע שמועסן וועגן ביכער און ליטעראַטור האָט זי געהאַלטן פאַר שרעקלעך לאַנגווייליק. איר האַרץ האָט אַלץ מער געצויגן צו אויסערלעכע זאַכן.

הגם די פיר הייזער, וועלכע זי האָט אים געבראַכט אין נדן, האָבן זיך אַרויס־געוויזן לגמרי ווערטלאָז, האָט זי זיך פונדעסטוועגן געפירט ווי אַ רייכע יורשטע. זי האָט געמוזט האָבן אַן אויטאָ און דווקא אַזאַ, אַז אירע חברטעס „זאָלן פּלאַצן פון קנאה". שפּעטער האָט זי אַנטדעקט אין זיך אַ ליבע צו פערד און אויסגעהאַלטן אייגענע רייט־פערד. זי האָט ליב געהאַט עלעגאַנטע קליידער און היט, ערשטקלאַ־סיקע קורערטער, ווי, למשל, אָסטענדע, און האָטעלן, ווי „סטעפאַניע" אין באַדען־באַדען. זי האָט געטרוימט וועגן אַ געזעלשאַפט פון באַראָנען, אויב מעגלעך — גראַפן, קיינער איז נישט געווען פאַר איר גענוג עלעגאַנט. אויך איר פריינדשאַפט מיט דער באַראָנעסע פאָן טינען לאָזט זיך דערקלערן מיט דער זעלביקער נייגונג. איר ליבע איז פאַרביי, איר לייכטזיניקייט איז פאַרבליבן.

ער האָט דעמלט פאַרדינט אַ סך געלט. אָבער ווען ער האָט נאָר געוואַגט צו באַמערקן, אַז מ'וואָלט געדאַרפט אַ ביסל באַשרענקען די הוצאות, פלעגט זי צוקן מיט די אַקסלען און לאַכן: „מיין גאָט! ווען איך גיב אַ טראַכט, וואָסערע סומעס ס'פאַרדינען אַנדערע מענער!" רייכטום — דאָס איז געווען איר טרוים!

זייערע אָנשויונגען איבערן זין און ציל פון לעבן זענען זיך וואָסאַמאָל מער פאַנאַנדערגעגאַנגען, און ווען ער האָט זיך דאָס קלאָר געמאַכט, איז שוין געווען צו שפּעט — זענען זיי שוין געווען האָפענונגסלאָז דערווייטערט איינער פון אַנדערן.

ער האָט זיך געקאָנט צופרידנשטעלן מיט אַ גוט בוך, אַ פלאַש וויין און אַ גוטן ציגאַר. קלאָטילדעס זענען אָבער געלעגן אין קאָפּ נאָר טייערע זאַכן: מאַנט־לען, פוטערס, האָטעלן, רייזעס, אויטאָס, פערד; אַלע אַנדערע זאַכן האָבן פאַר איר נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. צו וואָס אייגנטלעך לעבט אַ מענטש אויף דער דאָזיקער וועלט? ביסלעכווייז איז זייער פאַמיליענלעבן אַריינגעטראָטן אין דער סטאַדיע פון שווייגן, אין איינער פון די געפערלעכע סטאַדיעס, פון וועלכע ס'איז כמעט נישטאָ קיין צוריקוועג.

„מיר לעבן אין צוויי פאַרשידענע גייסטיקע וועלטן“, — האָט פאַביאַן אָפּגעטראַכט. — ענדלעך איז ער געקומען צו דעם דאָזיקן אויספיר, און איז שטאָלץ געווען פון זיין דערקענטעניש. אָפט פלעגט אים קומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס ערנסטע, וואָס ס'קאָן טרעפן אַ מאַנצפאַרשוין, איז דאָס צוזאַמענלעבן מיט אַ פרוי פון אַן אַנדער גייסטיקער וועלט.

## XIV

ס'וואָלט נאַטירלעך געווען אַן אומזין צו וועלן פונדאַסניי צוזאַמענקלעפן אַזאַ מין קרישלדיק פאַמיליע־לעבן. פאַביאַן האָט שוין דאָס פאַרשטאַנען. אַציינד האָט זיך געהאַנדלט נאָר אין דערפירן קלאָטילדעס אָן ספק נישט באַשיידענע פאָדערונגען צו אַ שכלדיקער מאָס. אויף קיין פאַל אָבער — האָט ער שוואַכן דערקלערט — וועט ער נישט איבערלאָזן די דערציִונג פון ביידע יינגלעך דער מוטער. אַלם פאָטער און קריסט האַלט ער דאָס פאַר אוממעגלעך.

שוואַבאַך האָט פאַרנאָטירט אייניקע פּרטים אויפן פּאַפּיר, דערנאָך אוועקגעלייגט דעם בריוו אין אַ זייט, אויפגעהויבן זיך, אויסגעגלייכט די גלידער און געשטרייכלט מיטן פודעל־קאָפּ.

איצטער איז פאַביאַן צוגעטראָטן צום שמועס וועגן מעדיצינישן ראַטגעבער פאַלע. שוואַבאַך האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט אויף זיין שטול.

— איך בין צו אייער דיספּאָזיציע, קאָלעגע!

שוואַבאַך, אין וועמענס גוטמוטיקייט קיינער האָט נישט געצווייפלט, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, אָבער ביסלעכווייז זענען זיינע געזיכטס־שטריכן פאַרגליווערט געוואָרן, אַפילו די דיקע ליפּן זיינע האָבן זיך אויפגעהערט צו באַוועגן.

פאַלע? פאַלע? — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, ווי ער וואָלט ס'ערשטע מאָל געהערט דעם נאָמען. — איך בין שטענדיק געווען פאַלעס גרויסער פאַרערער.

שוואַבאַך האָט אָנגעהויבן רעדן מיט אַ געדעמפּטער שטימע, הגם אַלע טירן פון זיין קאַבינעט זענען געווען דיק אויסגעבעט.

— ס'האַנדלט זיך וועגן אַ נייער אַנטדעקונג, וואָס קאָן האָבן אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע באַדייטונג, הער יוסטיץ־ראַט, — האָט פאַביאַן מיט גרויס וואַרעמקייט פאַרענדיקט זיין בקשה.

אויף שוואַבאַכס שטערן האָבן זיך באַוויזן טיפע קנייטשן, גלייך ווי ער וואָלט אויך אויפן שטערן געהאַט טיפע שראַמען. מיט זיין פליישיקער האַנט האָט ער אָנגענומען פאַביאַנס פאַרן אָרעם.

— ס'ווילט זיך גערן באהילפיק זיין אזא באדייטנדיקן און פראכטפולן מאן ווי פאלע! פון גאנצן הארצן, איר פארשטייט? איך זע אבער נישט קיין שום מעגלעכקייט, אפילו די קלענסטע! — האט ער פארענדיקט.

— אבער ווען איך, אדער נאך בעסער, ווען איר וואלט מיט דעם נייעם שפיטאל־דירעקטאר א שמועס געטאן? — האט פאביאן ווידער פארגעלייגט.

— דירעקטאר זאנדקול איז א פאנאטיקער, — האט שוואבאך געשעפטשעט אזוי שטיל און געהיים, ווי ער וואלט מורא געהאט, אז עמעצער הערט אים אונטער דורך דער טיר. — ווארשיינלעך האט ער מורא, אז פאלע, אלס פאנאטישער ייד, קאן פארניכטן די ווערטפולע אינסטרומענטן. שמייכלט נישט! ווי א פרומער קאטאליק, וואס גלייבט קריטיקלאז אין זיינע דאגמעס, אזוי גלייבט ער אין דעם, אז די העכסטע נאציאנאל־סאציאליסטישע אינסטאנצן זענען זיך נישט טועה. מיר קענען נישט דעם געדאנקענגאנג פון די העכסטע פאקטארן. אפשר האלטן זיי, אז די יידן זענען שעדלעך פאר דער דייטשישער מענטאליטעט? אפשר גלויבן זיי, אז דער איינפלוס פון יידנטום וועט אין הונדערט יאר ארום צעשטערן און פארניכטן די דייטשישע מענטאליטעט? ווער קאן דען וויסן? נאר א העלזעער און א נביא וואלט דאס געקאנט וויסן! זאנדקול וואגט נישט צו האבן קיין אייגענע מיינונג, ער איז א געוועזענער מיליטערמאן און איז געוווינט בליגד אויסצופירן באפעלן.

פאביאן האט זיך אויפגעהויבן.

— איר וועט דערלויבן, אז איך וועל טראץ אלעם פרובירן, — האט ער געזאגט. — אפשר וועט מיר געלינגען איבערצייגן זאנדקולן צו מאכן אן אויסנאם פאר אזא פערזענלעכקייט ווי פאלע, וואס ווערט פון דער גאנצער שטאט געשעצט, און פאר זיינע וויסנשאפטלעכע פארשונגען.

שוואבאך האט זיך אויך אויפגעשטעלט און געטרייסלט מיטן קאפ.

— איר וועט גארנישט דערגרייכן, ליבער פריינד! גארנישט און ביי קיינעם נישט! — האט ער מיט א געפרעסטער שטימע פארגעזעצט. — איך וויים, וואס מען טראכט אין די העכערע פענצטער, גלייבט מיר. אלס קאלעגע, וועלכן איך שעץ, גיב איך אייך א גוטע עצה: מישט אייך נישט אין די דאזיקע ענינים.

פאביאן האט פארשנדיק געקוקט אויף שוואבאכן און אפגעצויגן מיטן ענטפער.

שוואבאך האט ארויפגעלייגט זיין פליישיקע האנט אויף פאביאנס אקסל און צוגעגעבן:

— דאס איז מיין פריינדלעכע עצה. איר לאזט זיך אוועק אויף א גליטשיקן געביט. יא, אויף א געפערלעכן געביט, הערט מיך!

ער האט פאביאנען באגלייט ביז צום פארערצימער און געזאגט שוין מיט זיין געוויינלעכער שטימע:

— און באַמיט אייך צו רעגולירן דעם ענין מיט דער שטאָט=פאַרוואַלטונג. טאָוביענהאַוז איז אַ גרויסמוטיקער מענטש און האָט אַ גוט האַרץ.

הירת פאַביאַן האָט אים תיכף נישט געענטפערט, האָט ער צוגעגעבן:

— אַלע מוזן מיר דאָך ברענגען אונדזער בײַטראַג אויפן מזבח פון פאָטערלאַנד, נישט אמת? און איך ווייס דאָך, אַז איר זענט שטענדיק געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט און אידעאַליסט.

— אַ פּאַטריאָט וועל איך אַוודאי שטענדיק בלייבן, — האָט פאַביאַן געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איך בין נאָך אויך אַן אידעאַליסט, צום באַדויערן, וואָלט איך געזאָגט.

שוואַבאַך האָט זיך צעלאַכט.

— לאָמיר ליבערשט זאָגן: גאָט צו דאַנקען! — האָט ער אויסגערופן און דערלאַנגט פאַביאַנען די האַנט. — מיר האָבן אין דער אַדוואָקאַטן=קאַמער אָפט גערעדט וועגן אייך, און געמענדיק אין באַטראַכט אייערע פעיקייטן, האָבן מיר זייער באַדויערט, וואָס איר האָט זיך ביז איצטער אָפּגעהאַלטן מיט אייער באַשלום. אין דער אמתן קאָנען מיר שוין אַ סך לענגער נישט וואַרטן, מוז איך אייך זאָגן בסוד... אויף ווידערזען, ליבער קאָלעגע!

עטלעכע שעה שפּעטער האָט פאַביאַן אָנגעקלונגען צום מעדיציניש ראַטגעבער פאַלע. ער האָט אים אינפאָרמירט וועגן דעם, אַז ס'זענען אונטערגענומען געוואָרן די ערשטע שריט אינעם באַוווּסטן ענין. ער וועט ווײַטער ווי ווײַט מעגלעך זיך באַמיען, און ער האָט געבעטן האָבן אַ ביסל געדולד, מחמת אַלץ פאָדערט צײַט. ער האָט געהאַלטן פאַר פולשטענדיק אוממעגלעך מיטצוטיילן פאַלען דעם בימערן אמת, וואָס וואָלט אים צעשמעטערט.

„אַ שאָד, — האָט ער געטראַכט מיט אויפריכטיקן מיטלייד, בעת ער האָט אָוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן=טרייבל. — צום באַדויערן לאָזט זיך גאָרנישט מאַכן. שוואַבאַכס שטאַנדפּונקט האָט מיך פולשטענדיק איבערצייגט. ער איז שטענדיק אויסגעצייכנט אָריענטירט. אַ געפערלעך געביט! דו האָסט געהערט, פאַביאַן, וואָס ער האָט געזאָגט? — דאָס איז אַ געפערלעך געביט!“

אַ צעבראָכענער האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט צום „שטערן“ אויף אָונטברויט. ס'איז נאָך געווען אַ ביסל צו פרי. קיין שום געסט זענען נישט געווען אין עס=זאַל. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אויסגעשעפּט, האָט ער מיט אַ גוטן אַפּעטיט אויפגעגעסן אַ גוליאַזש מיט סמעטענע, און רויכערנדיק אַ ציגאַר און טרינקענדיק פון פלאַש באָרדאָ — אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל, האָט ער זיך פאַרטיפט אין די רעיונות וועגן דעם לעבן, וואָס עפּנט זיך פאַר אים.

אַז קלאָטילדע וועט דעם גאַט=פּראָצעס דורכפירן אין הסכם מיט אירע אינטערעסן — דערין האָט ער נישט געצווייפלט. איין קאַפּיטל פון זיין לעבן האָט ער שוין הינטער זיך. ער איז באַגאַנגען אַ שווערן פעלער. קלאָטילדעס פּרעטענסיעס

וועלן אויף קיין פאל נישט זיין קיין לייכטע — דאס איז זיכער. „קלאטילדעס פיר ווערטלאזע הייזער וועלן מיך קאסטן א שיינע סומע“! — ער האט זיך צעלאכט, „אבער לאמיר נישט פארגעסן, אז זי האט מיר געבוירן צוויי פרעכטיקע יינגלעך. דאס דארף מען אלעמאל נעמען אין באטראכט“. — ער האט אויפגעהויבן זיין גלאז און געטרונקען פארן געזונט פון זיינע יינגלעך האַרי און ראבי. וואס געווען, איז געווען!

ער האט גענוג כוח, געבליבן איז גאט, כדי אנצוהייבן א נײַ לעבן. אויפריכטיק גערעדט, האט ער דאך נאר צוליב זיין אייגענער באקוועמלעכקייט ביז היינט נישט איבערגעריסן זיינע באציונגען מיט קלאטילדען. זי פירט נישקשהדיק די באלעבאטישקייט און זארגט וועגן א פיינער קיך. „איר קיך וועט מיר, דאכט זיך, פעלן“, — האט ער א טראכט געטאן און געלאכט. ער האט אויפגעהויבן זיין גלאז.

— מוט, פאביאן! — האט ער אויף א קול א זאג געטאן און געטרונקען צו זיך אליין.

## XV

דער שוסטער האביכט, אן ארעמער לאטוטניק, האט פריער געהאט זיין געוועלב אין א קעלער אויפן פארט=פלאץ. אבער דארטן האט מען פאביאנען געזאגט, אז האביכט האט זיך שוין לאנג איבערגעצויגן אויף די שאטלענדישע וואלן. אויף די וואלן האט זיך פאביאנען גלייך געווארפן אין די אויגן א גרויסער בנין, אויף וועלכן ס'ווערט אקארשט פארענדיקט אן אייבערשטער שטאק. א גרופע מויערער האט זיך דארט געפארעט אויף דער רושטאוואניע. איינעם פארטער פון דער לאנגער געביידע, וואס האט פארנומען כמעט די גאנצע שאטלענדישע וואלן, האבן זיך געפונען די ביורא=צימערן פון האביכטס פאבריק.

דורכן פאבריקס=טויער איז פונקט אריינגעפארן א לאסט=אויטא, באלאדן מיט באלן לעדער, פון וועלכע ס'האט זיך געפילט א טערפקער ריח. א לאקיי אין א גלאטער גרויער ליבעריע, צו וועלכן פאביאן האט זיך געווענדעט, האט אים אינפארמירט, אז דער שטורעמפירער, אזוי האט ער האביכטן אנגערופן, נעמט אויף אין קאנטאר, וווהין עס האבן געפירט עטלעכע נײַע גראניטענע טרעפ.

האביכט איז געזעסן מיט א ציגאר אין מויל און דיקטירט זיין סעקרעטארין געשעפטס=בריוו.

פאביאן איז געווען געוואלדיק דערשטוינט. פונעם שטול האט זיך אויפגעהויבן א פיין=געקליידעטער מאן מיט א ווייסן קראגן און טייערן קראוואט, און פאביאן איז געוויינט געווען צו זען האביכטן אין זיין טונקעלן קעלער, אין א לעדערנעם פארטעך און בלויען ארבעטס=כאלאט. ס'האבן זיך בלויז נישט געענדערט

די גרויסע אויערן, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון זיין קיילעכיקן קאָפּ און גערויטלט זיך אין דער זון.

ווען פאַביאַן איז אַריינגעקומען, האָט האַביכט געשיקט די סעקרעטאַרקע אין דערבייאיקן צימער.

— פאַרגעסט נישט, אַז די באַשטעלונג קאָן נישט אויסגעפירט ווערן פריער ווי אין אַ פערטל יאָר אַרום, — האָט ער נאָכגערופן דעם מיידל.

די קאַנטאָר איז געווען איינגעאָרדנט מיט גרויס לוקסוס. טעפּיכער, באָאַזעריע אויף די ווענט, פיר טונקל-רויטע קלוב-פאָטעלן זענען געשטאַנען נעבן גרויסן מאַסיוון שרייבטיש. אַ שווערער סיגנעט און אַ בריליאַנט אויפן קליינעם פינגער האָבן באַצירט די רויטע הענט פונעם געוועזענעם לאַטוטניק.

„אָט, וויאַזוי מ'מאַכט דאָס! — האָט פאַביאַן געטראַכט. — ער האָט זיך פריער פון דיר אויפגעוועקט“.

— דערלויבט! — האָט האַביכט געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף איינעם פון די פיר טונקל-רויטע קלוב-פאָטעלן, וועלכע זענען געווען אַזוי נייַ, אַז מ'האָט קוים געוואַגט אויף זיי זיך אַוועקצוזעצן. — זינט יאָרן וואַרט איך שוין אויף אייער באַזוך, הער דאָקטאָר.

פאַביאַנס שמועס מיט האַביכטן האָט נישט מער געדויערט ווי צען מינוט. דערנאָך האָט האַביכט באַגלייט פאַביאַנען ביז צום טויער און האַרציק אים געדריקט די האַנט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער דערהאַלטן פון בירגערמייסטער טאַובענהאַוז אַן איינלאַדונג אים צו באַזוכן.

אַמאָל, ווען מ'פלעגט קומען צום דאָקטאָר קריגער, פלעגט מען ווערן אויפגענומען דורך פרייליין באַום, אַ שטענדיק העפלעכע און עלעגאַנטע פרוי, מיט וועלכער מ'האָט מיט פאַרגעניגן געקאָנט אַ ביסל פּלוידערן. צוזאַמען מיט קריגערן איז אויך די דאָזיקע סעקרעטאַרין פאַרשוווּנדן. פאַביאַן האָט איצט דערוואַרט צו טרעפן אין פאָדערצימער אַן עלטערע, שטייפע פּערזאָן, וואָס קאָן בלויז אויספירן איר פליכט, און ער איז געווען שטאַרק איבערראַשט, ווען ער האָט געזען פאַר זיך אַ יונג, אָנשטענדיק מיידל, אין אַ געלער זיידענער בלוזקע.

— דער הער אָבערבירגערמייסטער דערוואַרט אייך, — האָט געזאָגט די יונגע פרוי אין דער געלער בלוזקע און געעפנט די טירן, וועלכע האָבן געפירט צום קאַבינעט פונעם הויפּט פון דער שטאָט.

דער בירגערמייסטער האָט פאַביאַנען אויפגענומען מיט אַ מעסיקער פריינדלעכקייט, דער שמועס האָט געדויערט העכער אַ שעה.

וועגן דעם דאָזיקע טאַובענהאַוז האָט פאַביאַן שוין עפּעס געהערט פונעם א נזשיגער קריג, וועלכער האָט אים כאַראַקטעריזירט אַלס קליינקעפּלדיקן פּעדאַנט, וואָס לייגט גרויס אַכט אויף פּינקטלעך קומען צו דער אַרבעט. ביי קריגערן האָט

מען געקאָנט רואיק קומען מיט אַ שעה שפּעטער, אָדער פריער אַוועקגיין. איצטער האָט זיך דאָס געענדיקט. וואָס מענטשן דערציילן אַלץ! מען דערציילט, אַז טאַובענהאַוז האָט ליב אונטערצוהערן ביי די טירן, כדי צו קאָנטראָלירן, צי די באַאַמטע פּליאָטקעווען, אָנשטאָט צו שרייבן אויף די מאַשינען, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. זיין שפּאָרזאַמקייט האָט זיך שוין געגרענעצט מיט קמצנות. יעדער בליישטיפט, יעדע מאַשין=טאַשמע און יעדער בויגן פּאַפּיר האָט געמוזט גענוי געבוכט ווערן. נאַטירלעך, איז דאָס אַלץ געווען שטאַרק איבערטריבן, און פּאַביאַן איז געווען אָנגענעם איבערראַשט, ווען ער האָט געזען פאַר זיך גאָרנישט קיין אומסימפּאַטישן מאַן אין עלטער פון א יאָר פערציק.

דער בירגערמייסטער טאַובענהאַוז האָט אויסגעזען ווי די פּאַרקערפּערונג פון ווירדע. פון הויכן וווּקס, האָט ער געקאָנט אָנגיין אַלס רעפּרעזענטאַטיווער מאַנצפּאַרשוין. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן סורדוט, די האָר, געשוירן אויף אַ יעזש, האָבן געסטאָרטשעט ווי שטשעטשינעס, און די צוגעשוירענע וואָנצעס אונטער די נאָזלעכער האָבן דערמאָנט צוויי פּלעקן סאַזשע.

ער האָט געטראָגן גאָלדענע ברילן, וועלכע האָבן בשעתן רעדן מיגענדיק זיך געפינקלט און אונטערגעשטראָכן די בלייכקייט פון זיין אַ ביסל שטייפן פּנים. אויף דער קלאַפּע פון זיין סורדוט האָט מען געקאָנט זען די נאַציִשע אָפּצייכענונג און אויף אַן אָרדן=באַנד זענען געהאָנגען מיניאַטורן פון אַ ריי אויסצייכענונגען. במשך פונעם שמועס האָט פּאַביאַן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס זענען געווען פּשוטע בלעכלעך, וועלכע ס'באַזיצט יעדער אָפיצער. פּאַביאַן האָט זיך געקאָנט באַרימען מיט גאַנץ אַנדערע אויסצייכענונגען.

דער נייער בירגערמייסטער האָט געהאַט אַ שטאַרקע און טיפע שטימע, וועלכע האָט מאָמענטנווייז געקלונגען שאַרף און סקריפּענדיק און פאַראַטן זיין פּרייסישן אָפּשטאַם. ער האָט גערעדט שנעל און מיט יענער באַרעדעוודיקייט, וואָס פּאַביאַן האָט אָפט באַמערקט ביי מענטשן, וועלכע צייכענען זיך נישט אויס מיט אַ באַזונדערער רייכקייט פון געדאַנק.

לכתחילה האָבן זיי זיך געטיילט מיט די איבערלעבונגען פון דער וועלט=מלחמה, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביידע זענען אַ לענגערע צייט געלעגן אין די אַרגאָנער וועלדער. און מאָרגנע! פּאַביאַן איז תיכף געשטיגן אין חשיבות ביי טאַובענהאַוז, ווייל ער האָט געקענט די „באָטשאַנען=נעסט“ אין די אַרגאָנער וועלדער.

— די „באָטשאַנען=נעסט“! — האָט טאַובענהאַוז פרייִדיק אויסגערופן. — צי ווייסט איר, אַז די „באָטשאַנען=נעסט“ האָב איך אויפגעבויט פאַר שווערע מינענוואַרפער?

— און איך האָב באַדינט די שווערע מינענוואַרפער אינעם „באָטשאַנען=נעסט“, — האָט פּאַביאַן געזאָגט.

— וואָס זאָגט איר? אינעם „באַטשאַגען־געסט“? — האָט זיך טאַובענהאַוז צעלאַכט. דער שמועס האָט זיך זייער לאַנג געדרייט אַרום דער „באַטשאַגען־געסט“.

— אַ נישקשהדיקער גיהנום געווען דער האָזיקער אַראַגאָנער וואַלד! — האָט טאַובענהאַוז אויסגערופן. — הייסט עס, אַז איר האָט אויך געקענט די „באַטשאַגען־געסט“, אַן אויסגעצייכנטע שול פאַר די סאָלדאַטן, האַ? — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ בייזן פינקלען פון די גאָלדענע ברילן. — איצטער האָט דאַנקען גאָט אַ סוף גענומען צום שענדלעכן ווערסאַלער טראַקטאַט. איך בין איבערצייגט, אַז די ענגלענדער און פראַנצויזן וועלן ווידער מוזן אויסמייקענען יעדן גראָשן און פאַר אַ צולאָג — נאָך אַ פאָר גראָשן! דערפאַר וועלן מיר שוין זאָרגן, אמת?

לסוף איז זייער שמועס דערגאַנגען צו דער אייגנטלעכער טעמע. טאַובענהאַוז האָט דערציילט, אַז ער קומט פון אַ קליינער שטאָט אין פּאָמערן, ווו „די גענדז און קאָזעס לויפן אַרום אויפן מאַרק“. דאָס זענען געווען זיינע אייגענע ווערטער. די מאָסגעבנדיקע קרייזן האָבן זיך אָבער שנעל אָריענטירט, אַז נישט דאָרט איז דאָס אָרט, ווו ער וואָלט געקאָנט אַנטוויקלען זיינע פעיקייטן, און זיי האָבן אים אָנפאַרטרויט די דאָזיקע הערלעכע שטאָט.

נאַטירלעך, מוז ער זיך דאָ צוערשט איינלעבן, — האָט טאַובענהאַוז פאָרגעזעצט, — איידער ער טרעט צו צום איבערבויען די שטאָט, מוז ער זיך פריער גענוי באַקענען מיט דער שטאָט, מיט די בירגער, מיט די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. דאָס וועט, נאַטירלעך, זיין אַן אמתע הערקולעס־אַרבעט, צו אַלדי רוחות! גענוג אַ קוק צו טאָן אויפן ברוק פון די גאַסן.

— קוקט זיך נאָר גוט איין צו אָט אָ דעם ברוק, — האָט טאַובענהאַוז אויסגערופן, און זיינע גאָלדענע ברילן האָבן אָנגעהויבן פינקלען. — אַ ברוק, ווי אין אַ דאָרף, הוקעדיק און קרום, איין שטיין איז נישט ענלעך צום צווייטן, קיין איינציקע גלייכע ליניע, אַ חרפה און אַ שאַנד! גלייך ביים אָנקומען פון וואָקזאַל האָב איך שוין באַמערקט דעם מוראדיקן ברוק און די געדרייטע געסלעך אין דער אַלטשטאָט מיט די אביונישע הייזלעך, וועלכע שטאַמען נאָך פון מיטלאַלטער, און וועלכע ס'איז היגיענישע איינריכטונגען. ס'זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע אַנטציקן זיך מיט די אַלטע שוץ־מויערן. איך האָב אָבער געזאָגט: אַ סוף צום אַלטן שימל!

טאַובענהאַוז האָט זיך אויסגעגלייכט און אָפּגעצויגן זיין וועסטל. ער האָט זיך צערעדט, און זיין האַלטונג האָט אויסגעדריקט גרויסע זעלבסטזיכערקייט.

— אין עטלעכע חדשים אַרום, — האָט ער פאָרגעזעצט און געקלאַפּט מיט דער דלאָניע אויפן שרייבטיש, — וועט די האָזיקע שטאָט פאַררעכנט ווערן צו די אַמבעסטן אַדמיניסטרירטע שטעט פון אונדזער געליבטן פאָטערלאַנד. דאָס קאָן איך אייך שריפטלעך גאַראַנטירן.

פּאַביאַן האָט פּאַמעלעך געעסן מיט דער פולער איבערצייגונג, ווייל ער האָט אויף קיין רגע נישט געצווייפלט אין דעם, וואָס דער בירגערמייסטער זאָגט.

דערמוטיקט, האָט שאָובענהאַוז אָנגעהויבן אַנטוויקלען זיין פּראָגראַם און זיינע טעטיקייטס־פּלענער. די גאָלדענע ברילן האָבן געפינקלט, און מיט דער הלאַניע האָט ער אַליין אָפטער געקלאַפּט אויפן שרייבטיש. מ'האָט אים די דאָזיקע הערלעכע שטאָט אָנבאַטרויט, און גאָט איז אַן עדות, קיינער וועט עס נישט באַדויערן!

— די דאָזיקע שטאָט מוז ווערן די שענסטע בלום אינעם קראַנץ דייטשישע שטעט! — האָט ער אויסגערופן. — אָבער נישט בלויז די שענסטע, נאָר אויך די געזונטסטע און אָנגענעמסטע. זי מוז ווערן אַ מוזיק־ און טעאַטער־שטאָט, מער ווייניקער ווי מינכען, אַ קונסט־שטאָט, כמעט ווי דיסעלדאָרף. אַלע קונסטן זאָלן אויפבליען! און דערביי וועל איך אַליין טאָן, כדי צו הייבן דעם וווילשטאַנד. די בירגער מוזן דערצויגן ווערן אין אמתער ליבע צום פאָטערלאַנד, גרייט צו קרבנות, צו אמתער נאַציאָנאַלער אַחדות. מיט קנאה וועט מען רעדן וועגן די איינוווינער פון מיין שטאָט. איר האָט מיך פאַרשטאַנען?

פּאַביאַן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. „אַ ביסל צופיל מיט איין מאָל, צום טייוול! — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. — אָבער דאָס איז אין גייסט פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַר וועלכער ס'עקזיסטירט נישט קיין שום אוממעגלעכס. זי שטעלט זיך פאַר דאָס אוממעגלעכע, כדי צו דערגרייכן דאָס מעגלעכע".

— האַלט מיר, אַז כ'האָב אייך פאַרשטאַנען, — האָט ער געזאָגט. — די דאָזיקע ריזיקע אויפגאַבע קאָן דערפילן נאָר אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט די פעיקייט צו לאָזן אין באַוועגונג אַלע גייסטיקע און מאַטעריעלע מאַטאָרן פון דער שטאָט.

— „אַלע גייסטיקע און מאַטעריעלע מאַטאָרן פון דער שטאָט"! — האָט שאָובענהאַוז באַגייסטערט אויסגערופן. — ערלעכע ווערטער! איך זע, אַז איר האָט מיך פאַרשטאַנען. איר באַצייכנט די אויפגאַבע אַליין אַלס ריזיקע, זי איז געווים נישט קיין קינדער־שפּיל. ס'איז אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז איך מוז צוציען קלוגע קעפּ, געבילדעטע, טיכטיקע כוחות, און אַזעלכע טרעפן זיך מיר, און איך האָף אויך אַזעלכע צו אַנטדעקן במשך פון מיין טעטיקייט. כ'מוז אָפן מודה זיין, אַז איך האָב אויך וועגן אייך געטראַכט, הער פּאַביאַן!

פּאַביאַן האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געשטאַנען אויסגעצויגן, ווי אַן אָפיצער, וועלכער נעמט אויף אַ באַפעל פון זיין קאָמאַנדיר. ווען ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ער איז נישט אין אַראַנזשער וואַלד, האָט ער זיך לייכט פאַרנייגט.

— כ'גיב מיך פולשטענדיק איבער צו אייער דיספּאָזיציע, — האָט ער געזאָגט כמעט פריידיק. — יעדנפאַלס קאָנט איר אויף מיר רעכענען. איך האָב נאָר איין בקשה, איר זאָלט מיר וואָס שנעלער אָנווייזן מיין אַרבעטס־פעלד.

פאַביאַנס דינסטלעכע האַלטונג האָט אויף טאַובענהאַוזן געמאַכט אַ גינסטיקן איינדרוק. ער האָט אַ באַפרידיקטער אַ שמייכל געטאָן, און זיין מינע איז געוואָרן נאָך מער גאַווהדיק.

— ס'פרייט מיך אומגעהויער, וואָס מיר האָבן זיך אַזוי גוט פאַרשטאַנען, — האָט ער געענטפערט, און זיין שטימע האָט געקלונגען נאָך הייזעריקער. — אייער טעטיקייטס־פעלד וועל איך אייך, באַטירלעך, ערשט דערמאָלט קאָנען אָנווייזן, ווען כ'וועל זיך גענויער באַקענען מיט אייערע מעגלעכקייטן. די ערשטע אויפגאַבע אָבער קאָן איך אייך צוטיילן שוין איצטער. הערט אייך אויפמערקזאַם צו!

פאַביאַן האָט זיך ווידער לייכט פאַרנייגט, טאַובענהאַוז האָט פאָרגעזעצט.

— כ'האָב בדעה אין איניקע וואָכן אַרום זיך פאָרצושטעלן פאַר די איינוווינער פון דער שטאָט אויף אַ גרויסער עפנטלעכער פאַרזאַמלונג. אַציגד פאַרשטייט איר דאָך, אַז כלערליי פליכטן, באַזונדערס דער פאַרנעם פון מיין רייכער אַמטלעכער טעטיקייט, לאָזן מיר נישט איבער קיין ביסל פרייע צייט, כדי כ'זאָל מיך קאָנען קאָנצענטרירן. איך בעט אייך דעריבער, אַז איר זאָלט מיר צוגרייטן די דרעפּעגונגס־רעדע, אויפן סמך פון די אָקאָרשט אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען. איר האָט מיך פאַרשטאַנען?

פאַביאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— זייער גוט, — האָט ער געענטפערט. — איך באַטראַכט די דאָזיקע אויפגאַבע אַלס אַ באַזונדערע אויסצייכענונג, און כ'וועל מיך באַמיען זי אויסצופירן צו אייער צופרידנקייט.

טאַובענהאַוז האָט זיך אויפגעהויבן און דערלאַנגט פאַביאַנען די האַנט. אויף זיין שטייפן און אַ ביסל בייזן פנים האָט זיך באַוויזן אַ שאָטן פון פריינדלעכקייט.

— איר זענט אין דער האָזיקער שטאָט אויפגעוואַקסן, — האָט ער געזאָגט, — און איר ווייסט דאָך בעסער פון מיר, וואָס מ'קאָן פון איר מאַכן. איך האָב ביז היינט נישט געהאַט קיין צייט דערמיט זיך אַ סך צו פאַרנעמען. פון מיין פריינד אַדוואָקאַט שוואַבאַך, אויף וועמענס מיינונג איך קאָן מיך פאַרלאָזן, האָב איך געהערט, אַז איר האָט איינמאָל, מיט איניקע יאָרן צוריק, געהאַלטן אין שטאָטראַט־זאַל אַ רעדע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אומגעהייערע סענסאַציע. אפשר וועט אייך געלונגען עפּעס ענלעכס? איך בעט אייך נישט צו פאַרגעסן, אַז די דאָזיקע רעדע וועט הערגיין צו דער ברייטסטער עפנטלעכקייט, די גאַנצע דייטשישע פּרעסע וועט זי אָפּדרוקן, און ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג וועט אויך זיין אָנוועזנד דער גאַולייטער. פאַרגעסט אויך נישט, אַז דערפון זענען אָפּהענגיק אַ סך זאַכן. איך מיין, אַז אין פערצן טעג אַרום וועט איר שוין האָבן אָנגעוואָרפן דעם אינהאַלט פון דער רעדע.

פאַביאַן האָט האַסטיק אַ בליק געטאָן אויף טאַובענהאַוזן.

— אויב ס'וועט נייטיק זיין, קאָן איך דעם פּראָיעקט צוגרייטן צווי דריי טעג, — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

טאַובענהאַוז האָט זיך צעלאַכט.

— אַזוי שנעל דאַרף איך אים נישט, — האָט ער געזאָגט. — סיווי קאָן איך נישט פריער אַרויסטרעטן ווי אין אַ חודש אַרום. און בכלל — פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס. קודם כל וואָלט איך געוואָלט, אַז איר זאָלט האָבן גענוג צייט און די נייטיקע רואיקייט. לאָמיר זאָגן, אַלזאָ, אין צוויי וואָכן אַרום? און פאַרגעסט נישט וועגן דעם מאָראַדיקן ברוק אויף די גאַסן.

דערמיט האָט זיך פאַר פאַביאַנען די אודיענץ געענדיקט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די אָפּצאַסן און זיך פאַרנייגט. אַ פריינדלעכער שמייכל האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר.

„יאָ, דער דאָזיקער טאַובענהאַוז איז אַ פּרעכטיקער מאַן, — האָט ער געטראַכט, בעת ער האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. — ווי קורצזיכטיק איז וועגן אים געווען די מיינונג פון אינזשעניער קריג“.

בעת ער איז דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די סעקרעטאַרין אין דער געלער בלוזקע האָט אים מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ געענטפערט אויף זיין געזעגענונג.

# XVI

פאַביאַן איז אַ ווײַלע שטיינגעבליבן אויף די טרעפּ פון ראָטהויז און באַטראַכט דעם אַרומיקן פּלאַץ. ס'האָט זיך בפירוש געלאָזט מערקן, אַז דער שמועס מיט טאַובענהאַוזן האָט אים אָנגעפילט מיט טיפער באַפרידיקונג.

טאַובענהאַוזס פאָרשלאַג האָט ער באַטראַכט פאַר אַ גרויסן כבוד. נישט קענענדיק פאַביאַנען, האָט ער אים באַשאָנקען מיט אַזויפיל צוטרוי! נאַטירלעך, טאָר ער וועגן דעם קיינעם נישט קיין פּיפּס טאָן! די דאָזיקע רעדע וועט אים מאַכן פּאָפּולער. אפשר וועט זי אויך ווענדן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פונעם גאַולייטער? זיין פּאָזיציע וואָלט דערמיט געווען אַ געראַטעוועטע. איצטער וועט ער ערשט קאָנען באַווייזן, צו וואָס ער איז פעיק. אַ סך מענטשן — דאָס ווייסט ער גענוי — צווייפלען נישט אין זיינע פעיקייטן, אַנדערע אָבער, שונאים און נישטפאַרגינער, האַלטן אים פאַר אַ „בלאָפער“. איצטער וועט ער זיי ווייזן, ווער ס'איז אַ „בלאָפער“!!

דער פּראָיעקט פון דער רעדע האָט פאַרנומען זיין געדאַנק בייטאָג און ביינאַכט. ער האָט געטראַכט וועגן אים אפילו דעמלט, ווען ער האָט אין ביוראָ דיקטירט בריוו צו די קליענטן. גאַנצע שעהן, אויך אין די אָוונטן, פלעגט ער שפּאַ־

צירן איבער דער שטאָט, וואָס האָט געדאַרפט ווערן די שענסטע אין גאַנצן לאַנד. הגם ער איז דאָ געבוירן געוואָרן און געקענט דאָ יעדן שטיין, האָט ער איצט אויף אַלץ געקוקט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל. מיט קריטיש פאַרשטענדיקע אויגן האָט ער אַלץ גענוי באַטראַכט, פון ברוק ביז צו די דעכער און טורעם־שפּיצן. די באַראָק־הײַזלעך אויף דער אַלטשטאָט, וועלכע זענען אַזוי ניט צום האַרצן טאַובענהאַוזן, געפעלן אים, ווי שטענדיק, ווייטער. וואָס אַן אמת זענען זיי שמאָל און שטייען צו ענג בײַנאַנד, זיי גיבן אָבער צו דער שטאָט אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. נאַטירלעך, דאַרף מען זיי לאָזן אומבאַרירט. ער האָט זיך דערבײַ דערמאָנט, אַז מ'האָט אַמאָל אַ סך גערעדט וועגן דער אַזויגערופענער צפון־דרומדיקער טראַסע, ביז דער פּראָפעסאָר האָל, דער דירעקטאָר פון היסטאָריקער־פאַריין, האָט אַ סוף געמאַכט צו די האַזיקע אַוואַנטוריסטישע פּלענער. דער פאַריין האָט אויסגענוצט די אונטערשטיצונג פון קריגער, דעם ענטוזיאַסט פון די אַלטע הײַזער, און אויך די שטעלונג פונעם אינזשיניער קריג, וועלכער האָט פאַנאַנדערגעוויגט אַ שאַרפע פּרעסע־קאַמפּאַניע צוליבן באַזײַטיקן אַן אַלט אײַזערן שילדל איבער אַן אַכסניה.

פאַביאַן האָט באַזוכט דעם היסטאָריקער־פאַריין, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַן אַלטן קלויסטער. דאָרטן זענען געווען עטלעכע גאָטישע אָפּגעשלאָגענע מצבה־שטיינער, אַ סך פאַרשטויבטע קאָלאָנעס און צוויי קליינע גאַבלאָטקעס מיט כלערליי שטיין־שפּליטערן און טעפּ־שערבלעך פון די אַלט־גערמאַנישע צײַטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אַן אויסגראָבונג בײַ אַמזעלוויז, מיט וועלכער קיינער האָט זיך ניט אינטערעסירט.

ער האָט אויך באַזוכט דעם שטאָטישן מוזיי. דאָ האָט ער געזען עטלעכע צימערן מיט אַלטע זאַכן און בילדער, ווי, למשל, אַ ברענענדיקע קירכע אין פלאַמען, עטלעכע קאָנצערטס, קאָמאָדעס און שענק, אַלץ פאַנאַנדערגעשטעלט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער נאַכלעסיקייט.

צומשטאַרקסטן האָט זײַן אויפמערקזאַמקייט צוגעשמידט אַן אַלט בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די שטאָט מיט די אַמאָל באַגילדעטע טורעם־שפּיצן פון דער קאַטעדרע. דאָס בילד האָט געהייסן: „די שטאָט מיט די גאָלדענע טורעמס“. און פאַביאַן האָט זיך ניט געקאָנט פון אים אָפּרייסן. דעמולט איז אים דורכגעלאָפן אין געדאַנק, אַז די רעדע וואָלט זיך געדאַרפט אָנהייבן טאַקע פון די האַזיקע גאָלדענע טורעם־שפּיצן, וואָרעם ער האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז טאַובענהאַוזן איז דער עיקר געגאַנגען אין אַרויסרופן אַ סענסאַציע.

„די שטאָט מיט די גאָלדענע טורעמס“!

דורכגענומען מיטן דאָזיקן געדאַנק איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין פּאַרק, כדי זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם פּראָיעקט פון דער רעדע. איז דאָס ניט אַ פּרעכטיק שלאָגוואָרט? וואָס פאַר אַן עפעקטפולע פּראָפּאַגאַנדע וועט דאָס זײַן פאַר דער

נײַער שטאָט און דעם נײַעם פּראָגראַם? אַ ווײַלע האָט ער זיך צוגעקוקט צו די הערלעכע געאָרגיניעס, וואָס זענען געוואַקסן פֿאַר דעם גערטנערס שיינעם הויז, דערנאָך האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן די אַלייען, ביז ער איז צוגעקומען צום ווײַטסטן ווינקעלע פֿונעם פּאַרק, וווּ ס'האָט אים אײַנגעהילט אַ סודותפֿולער גרינער בין־השמשות, ווי באַשאַפֿן צום פֿאַרטראַכטן זיך. דאָרטן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אײַנזאַמקייט אויף אַ באַנק, אַרויסגענומען פֿון טאַש אַ נאָטיץ־ביכל און איז פֿאַרזונקען געוואָרן אין טיפֿע מחשבות. ער האָט נישט געוואָלט, ס'זאָל װעמען קומען אויפֿן געדאַנק, אַז דער אַדוואָקאַט פֿאַביאַן זיצט אין מיטן העלן טאָג אין פּאַרק און חלומט.

אין דער שטאָט איז געווען אַן אַלטע בריק, וועלכע מ'האָט גערופֿן די בישאָף־בריק. הערלעכע באַראָק־סטאַטועס — געשטאַלטן פֿון אַ בישאָף און אַפּאָסטאָלן — האָבן באַצירט די דאָזיקע בריק. בערך אַ טויזנט שריט ווײַטער פֿון דער בישאָף־בריק האָט זיך אויפֿגעהויבן איבער אַ טײַך אַן אַנדערע בריק — אַ מאָדערנע אײַזערנע, פּשוטע, וועלכע מ'האָט קורץ גערופֿן די נײַע בריק. פֿאַביאַן וואָלט זי אויך געוואָלט באַצירן, פּונקט ווי די בישאָף־בריק, מיט אַ געוויסע צאָל סטאַטועס. די פֿיגורן וואָלטן געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן קריגסלײַט פֿון אַלע עפּאָכעס פֿון דער דײַטשישער געשיכטע: גערמאַנער מיט דובינעס, לאַנדסקנעכט מיט שפּיזן, אַ פּייקלער פֿון דער פֿרײַהייטס־מלחמה, אַ גענעראַל אויף אַ פֿערד, אָדער אפֿשר גאָר פֿרידריך דער גרויסער? דאָס וואָלט געווען אַ גלענצנדיקער אײַנפֿאַל! דאָס וואָלט האַרמאָנירט מיט דער בישאָף־בריק, און די בריק וואָלט מען פֿון דעמאָלט אָן געקאָנט אָנרופֿן די העלדן־בריק. פֿאַביאַן מיט זײַן אַלט זעלנעריש האַרץ האָט אַליין זיך דערפֿון באַגײַסטערט, און ער האָט נישט געצווייפֿלט, אַז אויך טאַובענהאַוז, דער סאַפּיאָרן־קאַפּיטאַן פֿון דער וועלט־מלחמה, וועט אוודאי זײַן אַנטציקט פֿון דעם דאָזיקן פֿאָרשלאַג.

פֿאַביאַן האָט אויך אַרײַנגעפֿלאָכטן אין זײַן פּלאַן דעם אינזשעניער קריגס געהאַנק איבערצובויען די אַלטע רייטשולע. הגם דער דאָזיקער אײַנפֿאַל איז נישט געווען זײַן אייגענער, וואָלט מען אים פֿונדעסטוועגן געקאָנט אויסנוצן. דער נײַער מאַרקפּלאַץ וועט אָן ספֿק ברענגען דער שטאָט גרויסע הכנסות. אַדאַנק דעם וועט דער איצטיקער ראָטהויז־פּלאַץ באַקומען אַ פּרעכטיקן און כּבֿודיקן אויסזען. אינמיטן וועט זיך געפֿינען וואָלפֿגאַנגס „נאַרציז־ברונעם“, און פֿאַרן סאַמע ראָטהויז וועט שטיין, ווי אין אַ סך אַלטע דײַטשישע שטעט, אַ כּבֿודיקער ראָלאַנד־דענקמאָל. וואָלפֿגאַנג וועט אים שאַפֿן. וואָס פֿאַר אַ הערלעכע באַשטעלונג דאָס וועט זײַן פֿאַר אים!

יעדן טאָג האָט ער עפּעס צוגעטראַכט נײַעס פֿאַר זײַן „שטאָט מיט די גאָלדענע טורעמס“. „יאָ, מיר וועלן טאַובענהאַוזן אויסכּישופֿן אַזאַ נײַע שטאָט, — האָט ער טריומפֿירט, — אַז ס'וועט אים די אויגן פֿאַרבלענדן!“

פאַביאַן האָט דערביי אויף קיין פאַל נישט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פּראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע פליכטן. זיין אַרבעטס־ברען איז ממש געווען צו באַוווּנדערן. ס'איז געווען זעלטן, מ'זאָל דורכגיין א גאַס און נישט אָנטרעפן זיך אויף זיין געלער טעקע. אין זיין ביוראָ האָט ער אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן, גאַנצע שעהן דיקטירט בריוו דער פרײלין צימערמאַן, געפירט געריכטלעכע פּראָצעסן. מ'האָט אים אָפט געזען אין די טעאַטערס, און אין די שפּעטע אָוונטן, אפילו טיף אין דער נאַכט, זענען די פענצטער פון זיין ביוראָ אָפט געווען באַלויכטן.

פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען צו וואָלפגאַנגען, וועלכער האָט די לעצטע וואָכן פיבערהאַפט געאַרבעט איבער זיין סקולפּטור „דער, וואָס צערייסט די קייטן“ און אָפט פלעגט ער באַזוכן די פרוי לערכע־שעלהאַמער, כדי איר אָפּצוגעבן באַריכטן.

— כ'האָב געהערט, אַז די ברידער שעלהאַמער האָבן בדעה אויפצובויען דריי נייע גרויס האַלעס, אינגאַנצן פון גלאָז און אייזן. זיי האָבן אויך בדעה אָפּצוקויפן דעם באַראָן מעטצים גוט אין דער צפונדיקער אומגעגנט פון שטאָט.

די פרוי בעאַטע האָט געשמייכלט.

— כ'ווייס דאָס אַלץ. דערצו דאַרף איך נישט קיין אַדוואָקאַט, מיין ליבער!

— זי האָט פאַביאַנען פשוט אויסגעלאַכט. — מיר גייט אין דעם, אַז איר זאָלט דערגיין, פאַרוואָס מיינע ברידער ווילן פון מיר פּטור ווערן! — האָט זי געפאָדערט.

דעם אמת געזאָגט, איז די סיבה פון פאַביאַנס אָפטע וויזיטן געווען — קריסטע. ער האָט זיך געוואָלט קלאָר מאַכן, צי איר שמייכל און איר שטימע קאָנען נאָך אויף אים האָבן די זעלבע שטאַרקע ווירקונג, וואָס פריער.

אין דער ווירקלעכקייט איז איר מאַכט איבער אים נישט קלענער געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז ער איז גרייט זיך אין איר צו פאַרליבן. זיי פלעגן זיצן און פלוידערן גאַנצע שעהן, און קריסטע האָט אים דערציילט וועגן אירע רייזעס, וועלכע זי האָט אין די לעצטע יאָרן געמאַכט איבער שפּאַניע. אָפט פלעגט טרעפן, אַז מ'האָט אים פלוצים טעלעפאָניש גערופן פון זיין ביוראָ, וואָרעם ער האָט אַ סך מאָל פאַרגעסן וועגן וויכטיקע ענינים.

## XVII

אַ געוויסן טאָג איז ביי פאַביאַנען גאַנץ אומדערוואַרט געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ גאָרטן־שטאָט. ער האָט געלעבט ווי אין פיבער. דער פּאַרק און די עטלעכע אַלייען נאָך פון די בישאָף־צייטן וואָלטן געווען די התחלה און וואָלטן זיך געלאָזן אָן שוועריקייטן דערגאַנצן מיט גערטנדלעך,

אַלייען און בלומען=קלאָמבעס. אין תוך איז דאָס אַ וווּנדערבאַרער אײַנפֿאַל! אָן גרויסע אינוועסטיציעס און צײַט=פֿאַרברויך וועט מען קאָנען צוגעבן דער שטאָט אַ שיינעם און הערלעכן אויסזען. אַ גאָרטן=שטאָט, הער טאַובענהאַוז!

זיין גרעסטער שטאָלץ איז אָבער געווען דער פּלאַן מיטן נייעם באַנהויף=פּלאַץ. ווי זעט ער היינט אויס? אָן שום אויסדרוק, מאָנאָטאָן, אויפֿריכטיק געזאָגט — אַ טריוויאַלע טראַמוויי=סטאַציע, ווו מענטשן שטופּן זיך בשעת אַ רעגן מיט זייערע שרעקלעכע רעגנשירעמס. אָבער אין דער צוקונפֿט דאַרף ער זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ הערלעכן גאָרטן, מיט אַ פֿריילעך שפּריצנדיקן פֿאָנטאַן אינדערמיט און מיט אַ הערלעכע קאָלאָנאַדע פֿאַר די טראַמווייען. בקיצור, אַ באַנהויף=פּלאַץ, וואָס וועט זיין, לויט פֿאַביאַנס געשמאַק, אַ כבֿודיקער פֿאָדערצימער פֿון אַ נאָבעלער, רייכער און מזלדיקער שטאָט.

ער איז אַריין אין טראַמוויי און געפֿאָרן צום באַנהויף=פּלאַץ, כדי זיך אויפֿן אָרט צו איבערצייגן, אויף וויפֿל דער פּלאַץ איז געשמאַקלאָז. ס'האָבן זיך דאָרטן געפֿונען עטלעכע אַלטע, צווייטראַנגיקע, שלעכט איינגעאָרדנטע האָטעלן, דעם איבעריקן גרויסן טייל פּלאַץ האָבן פֿאַרנומען מאַגאַזינען פֿון דער טראַנספּאָרט=פֿירמע „לעב און לעב“, ווו ס'זענען געשטאַנען אַן ערך אַ טוץ אַלטע מעבל=וועגענער, פֿאַרזשאַווערטע פֿון רעגן.

ס'איז אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע זאַך, אַז פֿון דאַנען טאַקע דאַרף אַ בלענדיקער גרויסשטאָטישער האָטעל באַגריסן די רייזנדע, וועלכע שטראָמען אַרויס פֿון וואָקזאַל! ווען ער איז צוריקגעפֿאָרן מיטן טראַמוויי, האָט ער שוין בולט געזען פֿאַר זיך דעם דאָזיקן פּראַכטפֿולן האָטעל, די קורסירנדיקע אויטאָבוסן, דראָזשקעס און אויטאָס, און גלייכצייטיק האָט ער אַ טראַכט געטאָן וועגן פּלאַץ, וואָס ס'האָבן פֿאַרנומען די מאַגאַזינען פֿון דער פֿירמע „לעב און לעב“. דאַכט זיך, אַז דער אַלטער לעב איז אַוועקגעפֿאָרן אין דער שווייץ?

בעת ער איז געזעסן אין גרינעם בין=השמשות הינטער אַלטע קאַשטאַנען און ליפּע=ביימער, פֿאַנאַנדערבויענדיק אין דמיון זיין שטאָט, האָט אים כמעט אומאויפֿהערלעך געגורטעוועט אַן אונטערבאַוווּסטזיניקער געדאַנק, וועלכער האָט זיך תּיכף באַוויזן, ווען ער האָט כאָטש אויף אַ רגע פֿאַרגעסן וועגן די טעאַטערס, ספּאָרט=פּלעצער און שווים=האַלעס. דאָס איז געווען די דערינערונג וועגן קריסטען. ניט ווייט פֿון דאַנען איז געשטאַנען איר הויז. צייטנווייז פֿלעגט ער דערזען דורכלויפֿן צווישן די קוסטעס אַ קליינעם, פֿלינקן אויטאָ, וואָס האָט אַזוי שטאַרק דערמאָנט קריסטענס מאַשין. צייטנווייז פֿלעגט ער דערהערן לייכטע טריט, סקריפּענדיקע אויפֿן זשוויר. ער איז אויפֿגעשפּרונגען מיט האַרצקלאַפּעניש! — קריסטען? ווי חנעוודיק זי איז געווען, בעת זי האָט אים לעצטנס דערציילט וועגן שפּאַניע! איר שמייכל שטייט אים נאָך איצטער פֿאַר די אויגן.

ווי נאָר ער האָט אײַנגעסדרט זײַנע אײַנפֿאַלן, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו פֿאָרמולירן זײַן רעדע. דאָס האָט אים נישט פֿאַרשאַפֿט קיין שוועריקייטן, מחמת ס'האָט געהערט צו זײַן פּראָפֿעסיע אויסצודריקן די געדאַנקען גלאַטיק און קלאָר. חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ געוויסע זשורנאַליסטישע פּראַקטיק און אויך זײַן — ווי ער האָט דאָס אָנגערופֿן — „פּאָעטישן אָדער".

בקיצור, האָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן 'אויפֿוועקן די גײַסטיקע און מאָראַלישע כוחות פֿון דער שטאָט, צו באַקעמפֿן די גלײַכגילטיקייט און פֿאַרשלאָפֿנקייט. אינעם אויפֿבוי מוזן לײַדנשאַפֿטלעך אָנטיילנעמען אַלע בירגער פֿון דער שטאָט, פּונקט ווי די צעכן האָבן מיטגעהאָלפֿן בויען אין די אַלטע צײַטן. מ'דאַרף אַפּעלירן צו זייער אַמביציע און צו זייער אינטערעסן־געמײַנזאַמקייט, בפֿרט צו זייער פּוסטער גאווה.

פּלוצלינג האָט ער דערפֿילט ווי אַ שטויס אין האַרץ און האָט מיטן אויגנבליק אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ. אָן ספֿק, דאָס איז געווען קריסטע! ער האָט דערקענט איר סילועט, הגם די קוסטעס האָבן זי כמעט אינגאַנצן פֿאַרשטעלט. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך מיטן שמאָלן אַספֿאַלטענעם וועג, מיט וועלכן זי פֿלעגט געווײַנלעך פֿאָרן אין אויטאָ. זי איז געגאַנגען אַ פֿאַרטראַכטע, געהאַלטן אַ צווײַגל אין האַנט און באַוועגט דערמיט ווי אַ דיריגענט מיטן שטעקעלע.

ווען ער וואָלט זי הויך אַ רוף געטאָן, וואָלט זי אים זיכער דערהערט. ס'האָט אים אָבער אויסגעפֿעלט דערצו מוט, און ער האָט בלויז אַרויסגעשעפּטשעט איר נאָמען, אָבער אַזוי שטיל, אַז ער אַליין האָט אים קוים דערהערט.

אַ זפֿאַרכישופֿטע איז זי שטיינגעבליבן און זיך אַרומגעקוקט. דערנאָך אָבער איז זי פּאַמעלעך געגאַנגען ווײַטער. „איך וועל זי אַ רוף טאָן," — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט קריסטע זיך ווידער אָפּגעשטעלט און אַרומגעקוקט זיך. דאָסמאָל האָט זי זיך דערנענטערט צו די קוסטעס. זי האָט זיך געפֿונען אויף אַ צו ווײַטער דיסטאַנץ, אַז זי זאָל אים דערקענען, אָבער ווײַזט אויס, אַז די פֿיגור, וואָס איז געזעסן אויף דער באַנק אין דעמערונג אונטער די קוסטעס, האָט צוגעשמידט איר אויפֿמערקזאַמקייט. זי איז צוריקגעגאַנגען עטלעכע טריט און זיך באַוויזן אויף דער שמאָלער זײַטיקער סטעזשקע. פֿאַביאַן האָט זיך גלײַך אַ הייב געטאָן, אַ גליקלעכער טונעם צופֿאַל, וואָס האָט זי אַהערגעבראַכט. אין דער זעלבער רגע האָט זי אים דערקענט, און זי איז צו אים צוגעלאָפֿן.

— וואָס פֿאַר אַ סורפּריז! — האָט זי פֿריידיק שוין פֿונדערווײַטנס אויסגערופֿן. — כ'האָב געהאַט אַ געפֿיל, אַז דאָ באָענט געפֿינט זיך עמעץ, וואָס איז מער אַ באַקאַנטער, איז דאָס נישט וואונדערבאַר? — האָט זי געשמייכלט.

— איך האָב אײַך געזען אַדורכגיין הורך די קוסטעס און אײַך גלײַך דערקענט, — האָט פֿאַביאַן אויסגערופֿן.

זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט.

— איר אַרבעט דאָ אין פּאַרק? — האָט זי געפרעגט און אַ קוק געטאָן אויפן גאַנטיץ־בלאָק, וועלכן ער האָט נאָך געהאַלטן אין האַנט. — כ׳שטער אייך נישט אַמאָל?

—אַבסאָלוט נישט. כ׳האָב טאַקע אָקאָרשט געענדיקט, ווען כ׳האָב אייך דערזען.

— דער אויטאָ איז מיר קאַליע געוואָרן, — האָט קריסטע לעבהאַפט פאַר־געזעצט, — כ׳האָב געמוזט לאָזן די מאַשין אין שטאָט און גיין צופוס אַהיים. באַגלייט מיך אַ שטיקל וועגס, אויב איר האָט צייט.

— מיט פאַרגעניגן.

קריסטע האָט אָנגעהויבן פריילעך צו פּלוידערן.

— די פּאַטאָם פון מיין דרייזע קיין שפּאַניע, — האָט זי געזאָגט, — וועגן וועלכער כ׳האָב אייך לעצטנס דערציילט, בעת ס׳האָט אונדז איבערגעריסן דער נאַרישער טעלעפאָן פון אייער בירוראָ, זענען באמת אַזוי אינטערעסאַנט, אַז איר מוזט זיי באַקוקן. בעת איר וועט דאָס נאָענסטע מאָל צו אונדז קומען, מוזט איר רעזערווירן פאַר זיך אַ שעה צייט. אָדער נאָך בעסער, מיר קאָנען זיך טרעפן אינעם קאַפע „רעזידענץ“. די מוטער איז אויף עטלעכע טעג אַרויסגעפאָרן, און איך טרינק דאָרט אָפט טיי נאָכמיטאָג, וואָרעם ס׳איז מיר לאַנגווייליק איינע אַליין אין דער היים. צי וואָלט איר געהאַט צייט מיר צו לייסטן געזעלשאַפט אין קאַפע „רעזידענץ“?

די איינלאַדונג איז געווען אַזוי האַרציק און נאַטירלעך, אירע ברוינע אויגן האָבן אַזוי פריידיק געשימערט אויף איר שמייכלענדיקן פּנים, אַז פּאַביאַן האָט זיך פאַררויטלט. ס׳איז געווען כמעט אַזוי, ווי זי וואָלט געזאָגט: „איך האָב דיך ליב!“

— צייט? אוודאי, און ס׳פרייט מיך זייער! — האָט פּאַביאַן געענטפערט.

— כ׳בעט אייך נאָר צו באַשטימען אַ טאָג. גראָד די וואָך האָב איך אַ סך פרייע צייט.

קריסטע האָט זיך צעלאַכט און זיך אָפּגעשטעלט.

— אויב כ׳וועל אייך זאָגן — מאָרגן, וועט דאָס נישט זיין צודרינגלעך?

פּאַביאַן האָט אַ שמייכל געטאָן. אַ שאָד, וואָס ער קאָן נישט באַלד זאָגן: „יאָ“. וואָס פאַר אַ שלימזל!

— מאָרגן נאָכמיטאָג מוז איך זיין ביים בירגערמייסטער, — האָט ער געענט־פערט. — אָבער לאָמיר זאָגן: איבערמאָרגן? דאָס וואָלט געווען זייער גוט. וויפל אַזייגער?

— אַרום פינף.

— גוט, פינף אַזייגער.

# XVIII

גענוי צוויי וואָכן נאָכן באַקומען דעם איבערטראַג האָט פאַביאַן געמאָלדן טאָ-בענהאַוז, אַז דער פּראָיעקט פון דער רעדע איז פאַרטיק. נאָך עטלעכע טעג איז מיט אים אָפּגעשטימט געוואָרן אויף זעקס אַזייגער אָוונט.

אַ פּאָר מינוט פאַר זעקס איז פונעם בירגערמייסטערס קאַבינעט אַרויסגע-גאַנגען דער לעצטער אינטערעסאַנט און מ'האָט פאַרבעטן פאַביאַנען. טאָובענהאַוז האָט אים אויפגענומען זייער העפלעך. דער קאַבינעט איז געווען מאַט באַלויכטן.

— כ'וואָלט וועלן הערן, וואָס איר האָט צוגעגרייט, — האָט דער בירגערמייס-טער אָנגעהויבן און געפּוצט מיט אַ טאַשנטיכל זיינע גאָלדענע ברילן. — שטעלט אייך היינטער מיין שרייבטיש. איך וועל זיך זעצן אַנטקעגן און וועל זיין דאָס פּוב-ליקום. מאַכט נישט קיין לאַנגע שהיות, אַ שאָד די טייערע צייט.

פאַביאַן האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די אָפּצאַסן און נאָך אַ סך העפלעכע פאַרנייגונגען האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דעם שווערן, געשניצטן שרייב-טיש, ביי וועלכן ס'איז כלומרשט אַמאָל געזעסן נאַפּאָלעאָן. טאָובענהאַוז האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די שטולן פאַר אינטערעסאַנטן. די שטולן זענען געווען איבערגעצויגן מיט שוואַרצן לעדער, אויף וועלכן ס'האָבן זיך שוין אָנגעזען אומצאָליקע דינגע שפּאַלטן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ טונקעלן אָנצוג. פון אונטער די שוואַרצע שטשעטשיגעס האָט אַרויסגעשטאַרצט זיין ברייטלעך, פאַרבלאָזן פּנים און די גאָלדענע ברילן, וועלכע האָבן געפינקלט ביי זיין יעדער באַ-וועגונג.

ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און פאַביאַן האָט אָנגעהויבן רעדן:

„איך שטאַם פון אַ קליין פּאָמערישן שטעטל, — האָט ער אויסגערופן, — ווי די גענדז און קאָזעס לויפן אַרום איבערן מאַרק“.

דאָס ברייטע פּנים אונטער די שוואַרצע שטשעטשיגעס האָט זיך ראַפּטעם אַ הייב געטאָן, און די גאָלדענע ברילן האָבן בייזלעך אַ פינקל געטאָן. אַפילו די קליינע מיניאַטור-שטערנדלעך אויף דעם אָרדן-בענדל האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן. פאַביאַן האָט דאָס אַלץ דייטלעך געזען, הגם ער האָט נישט געקוקט אַהינצו.

„אויך דאָ, אין דער דאָזיקער שיינער און גרויסער שטאָט, וווּהין איך בין דעלעגירט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער, לויפן נאָך אָפט גענדז און קאָזעס איבערן מאַרק, — האָט פאַביאַן מיט אַ געהעכערטער שטימע פאָרגעזעצט. — די גענדז און די קאָזעס — דאָס איז דער גייסט פון גלייכגילטיקייט, פון געדאַנקענ-לאָזיקייט און פוילקייט“.

דאָס פאַרבלאָזע פּנים האָט זיך געוואַקלט אַהין און אַהער און אין דער טונ-קלקייט האָבן זיך געלאָזן זען אויך זיינע הענט.

— אויסגעצייכנט! — האָט טאָובענהאַוז לאַכנדיק אויסגערופן, — באמת אויסגעצייכנט.

ער האָט זיך צעלאַכט אַזוי האַרציק, אַז ער האָט זיך אַזש צעהוסט און צעשפּיגן.

„אַ נייער גייסט מוז באַהערשן די שטאָט, — האָט פּאַביאַן מיט גרויס פּאַטאָס אויסגערופן, שטייענדיק הינטער דעם שווערן געשניצטן שרייבטיש. — די גייסטיקע מאָטאָרן פון דער שטאָט מוזן ווערן אויסגענוצט, ס'מוז אויפגעוועקט ווערן די פּאַרדרימלטע גייסטיק-מאָראַלישע כוחות און לעבנס-ענערגיע. נידער מיט דער גלייכגילטיקייט, געדאַנקענלאָזיקייט און פוילקייט, כאַפּט זיי דער טייוול! ווי אַ שטורעמווינט בלאָזט אויפסניי פּאַנאַנדער אַ פאַרלאָשן פייער, אַזוי מוז דער נייער גייסט פּאַנאַנדערבלאָזן פון הינטערן אַש פלאַמיקע צונגען, העלע, הייליקע פלאַמען!“

טאָובענהאַוז האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און אַ באַפרידיקטער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

פּאַביאַן האָט אויסגעכישופט פאַר זיינע אויגן די נייע „שטאָט מיט די גאָלדענע טורעמס“, אַן איינגעטונקענע אין גרינס און אַ פאַרביקע, ווי אַ גאָרטן. בעת ער האָט געמאָלן די נייע בריק, די „העלדן-בריק“ מיט די אַלטע גערמאַנער, פייקלער, גרענאַדערן, מיט פרידריך דעם גרויסן אין סאַמע מיטן, האָט טאָובענהאַוז זיך אַ צי אויס געטאָן, ווי אַ סטרונע, און געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט וועלן אויפשפּרינגען, און האָט אַ פּאָר מאָל אויסגערופן מיט אַ האַלבער שטימע:

— גוט, גוט!

פּאַביאַן האָט אָן אָפּהאַלט ווייטער געמאָלן: דעם נייעם ראָטהויז-פּלאַץ מיט דער ראָלאַנד-סטאַטוע, דער סימבאָל פון רעכט און גערעכטיקייט, דעם נייעם טעאַטער, דעם מוזיי, די ספּאָרט-פּלעצער, שווים-האַלעס, די צפון-דרומדיקע טראַסע, דעם נייעם באַנהויף-פּלאַץ מיט דעם שפּרודלדיקן פאָנטאַן, ס'האָט קיין סוף נישט גענומען. טאָובענהאַוז האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און פון צייט צו צייט אינצווישן אויסגערופן: „גוט! אויסגעצייכנט!“ פּאַביאַנס באַקן האָבן זיך גערויטלט פון די לויב-אויסרופן.

ס'איז געווען זייער גוטער טאָג. די רעדע איז געווען אויסגעצייכנט, און אַ היפּשן טייל האָט ער שוין געזאָגט פולשטענדיק פריי, נישט אַריינקוקנדיק אינעם טעקסט. ער האָט זי דאָך שוין געקענט פון אויסנווייניק, ווייל ער האָט זי אָן אַ שיעור מאָל געלייענט און געני געוווסט, וואָס טאָובענהאַוזן געפעלט צומבעסטן.

„ס'איז פאַראַן דאָ אַ מוזיי-פאַרוואַלטונג, — האָט ער אויסגערופן, — שלאָפט זי. פאַראַן אַ היסטאָריקער-פאַריין — שלאָפט ער אויך, הגם נישט ווייט פון שטאָט געפינען זיך גאָר אינטערעסאַנטע פּרעהיסטאָרישע קברים. פאַראַן דאָ

אַ טוריסטן־פּאַריין, אַ ליגע צו פֿאַרשענערן די שטאָט — און זיי שלאָפֿן און פּאַפּן! וואַכט אויף! די ציַיטן, ווען אַ טייל באַפֿעלקערונג איז געווען פֿאַרטאָן מיט פֿאַרדינען געלט און די אַנדערע האָט געמוזט פֿאַר איר טראַכטן, די דאָזיקע ציַיטן זענען שוין לאַנג פֿאַרביי!“

טאַובענהאַוז האָט זיך צעלאַכט. אָבער דאָס איז געווען שוין זיין לעצטער אויסדרוק פֿון אָנערקענונג. פֿון איצט אָן האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן לגמרי שטיל. ער איז געזעסן מיט אויסגעשטרעקטע פֿיס און געקוקט אויפֿן סופֿיט מיט אַ כּלומרשטער מידקייט און גלייכגילטיקייט. צי איז ער באמת געווען מיד? זיכער נישט — האָט פֿאַביאַן געטראַכט. ער איז געווען אין דעם זיכער. ער איז נישט מיד, נאָר ער האָט אַרויסגעוויזן לגבי זיין אונטערגעאָרדנטן צופֿיל אָנערקענונג, מאַכט ער איצט דעם אָנשטעל פֿון אַ גלייכגילטיקן. איך קען דיך שוין זייער גוט, טאַובענהאַוז!

ווען פֿאַביאַן האָט געענדיקט, איז טאַובענהאַוז פּאַוואָליע אויפֿגעשטאַנען און צערעמאָניאַל געפּוצט זיינע גאָלדענע ברילן. — ער האָט זיך אויסגעגלייכט, ווי ער וואָלט געווען שלעפֿעריק.

— גוט, — האָט ער אַ ברום געטאָן, שוין אַ ביסל צו דייטלעך אונטערשטרייכנדיק זיין גלייכגילטיקייט, און געקוקט אויף פֿאַביאַנען, וועלכער איז אַ באַשיידענער געשטאַנען נעבן שרייבטיש. — איר האָט מיינע אָנווייזונגען דאָס לעצטע מאָל אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען, — האָט ער געזאָגט. — אַלס אַריינפֿיר־רעדע איז אייער סקיץ באמת צוגעפּאַסט. איך דאַנק אייך. צי קאָן איך אייך בעטן צונויפֿצושטעלן אַ רשימה פֿון אַלע פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע דאַרפֿן אומבאַדינגט ווערן איינגעלאַדן?

„ווי גוט איך קען דיך“, — האָט פֿאַביאַן געטראַכט און זיך פֿאַרנייגט.

ער האָט זיך אומגעקערט אין זיין ביוראָ אין אַ גלענצנדיקער שטימונג.

— מיר האָבן באַקומען אַן אויסערגעוויינלעכע ערן־אויפֿגאַבע, פֿריילין ציטערמאַן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, און די דאַרע סעקרעטאַרין איז אַזש רויט געוואָרן פֿאַר פֿרייד. — מיר דאַרפֿן צונויפֿשטעלן אַ רשימה פֿון אַלע פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן פֿון שטאָט, וועלכע דאַרפֿן ווערן איינגעלאַדן צו דער רעדע פֿון בירגערמייסטער. צי שטעלט איר זיך פֿאָר, וואָסערע אייפֿערזוכטיקע מענטשן מיר זענען איצט געוואָרן? מיר זענען איצט אימשטאַנד עמעצן צו פֿאַרשאַפֿן אַן אויסערגעוויינלעכן כּבוד אָדער טיף צו באַליידיקן, איר פֿאַרשטייט?

שפּעט אין אָוונט איז ער אַריין אין „שטערן“ און באַשטעלט אַ פֿלאַש שאַמפּאַניער מיט אַ האַלב טוץ בעסטע ציגאַרן.

— מיר האָבן עס ערלעך פֿאַרדינט, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט.

# XIX

די קאָוויאַרניע „רעזידענץ“ האָט זיך געפונען אין אַ באַראָק־פּאַוויליאָן נעבן אַמאָליקן בישאָף־שלאָס. פון דער קאָוויאַרניע האָט זיך געעפנט אַ שיינער אויסבליק אויף דער אַלטער לינדן־אַליע, זי איז אָבער געווען צאָלרייך באַזוכט נאָר אין די זונטיק־ און יום־טוב־טעג, בעת די קאָנצערטן אויף דער אָפענער בינע. אין די געוויינלעכע טעג האָט מען דאָרט געקאָנט טרעפן נאָר שטילע צייטונגס־לעזער און אָפט דאַמען, וועלכע האָבן געמיטלעך געפּליאַטקעוועט. יעדן מיטוואָך אין אָוונט האָט דער שאַכיסטן־קרייז אָפּגעהאַלטן זיינע טורנירן.

ווען פאַביאַן האָט אַרום פינף אָוונט זיך דערנענטערט צו דער אַליע, האָט ער געהאַט דעם פאָרגעפיל, אַז קריסטע איז שוין אוודאי דאָ. ער האָט דאָס דערשפירט אינעם צופלוס לעבנס־ענערגיע, וואָס האָט אין אים געשטראָמט. ער האָט זיך גלייך דערפילט פרייער, לייכטער און פריילעכער. זיינע פאָרגעפילן האָבן אים נישט אַנטוישט. ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער קריסטען שוין געזען זיצן ביי אַ קליין טישל נעבן פענצטער. זי האָט אין דעם מאָמענט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ צאַרטן שמייכל פון אירע ברוינע אויגן. איר שמייכל און איר בליק האָבן אים אָנגעפילט מיט פרייד.

פון דעם מאָמענט איז ער געוואָרן איינגאַנצן אַ נייער, איבערגעאַנדערשטער מענטש.

— איר זענט אַקוראַט געקומען צו דער ריכטיקער צייט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — איך בין שוין אין טראַנס פון שטאַרקן גענוס. ביטע, זעצט אייך דאָ נעבן מיר, וועלן מיר קאָנען צוזאַמען בעסער באַקוקן די פאָטאָס.

— דאָס איז, אַלזאָ, דער געווינס פון אייער לעצטער רייזע איבער שפּאַניע?

— האָט פאַביאַן געפרעגט, בעת ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר. — איר זענט געווען אויסערגעוויינלעך פלייסיק.

אויפן טישל פאַר קריסטען איז געלעגן אַ הויפן פאָטאָס, וועלכע זי האָט אַקאָראַט דורכגעקוקט. דאָס זענען געווען קלענערע און גרעסערע פאָטאָגראַפיעס, וואָס מ׳קאָן אָפט קויפן בעת אַ רייזע, אָבער אַ סך אויפנאַמעס האָט זי אַליין געמאַכט מיט איר אייגענעם אַפּאַראַט.

קריסטע לערבע־שעלהאַמער האָט זיך במשך פון אייניקע יאָר פאַרנומען מיט מאָדעלירן און מאָלן. איצטער אָבער איז זי ענדגילטיק, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, איבערגעגאַנגען צו אַרכיטעקטור, מיט וועלכער זי האָט זיך זייער ערנסט אָפּגעגעבן. צוזאַמען מיט איר מוטער האָט זי יעדעס יאָר געמאַכט אַ רייזע מיט זייער אויטאָ, ומיט וועלכן זיי האָבן, טוישנדיק זיך, אַליין אָנגעפירט. פאַראַיאָרן האָבן זיי במשך פון עטלעכע חדשים אַרומגערייזט איבער שפּאַניע, פון וואַנען זיי האָבן טאַקע געבראַכט אָט די פאָטאָס. מערסטנס זענען דאָס געווען אויפנאַמעס

פֿון געבײַדעס און אַרכיטעקטאָנישע פֿראַגמענטן, פּאָרטאַלן, טירן, קאַפּיטאַלן, קאָלאָנאַדעס, פֿאָנטאַנען און אַנדערע דעטאַלן, וואָס האָבן קריסטען ספּעציעל אינטערעסירט.

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט זי מיט אײַפֿער אַ זאָג געטאָן, — כ׳וועל אײַך צוערשט ווײַזן אָט די הערלעכע קליינע קירכע פֿון טאָלעדאָ, כ׳האָב זי דאָ ערשט געהאַט אין האַנט. כ׳האָב דעם אײַנדרוק, אַז דאָס איז איינע פֿון די עלטסטע קירכעס אין שפּאַניע. אין דער טיפֿקייט פֿון דער קירכע הענגען אייניקע בילדער פֿון גרעקאָ, וועלכע זענען אָבער, צום באַדויערן, טײלווײַז נאַכלעסיק רעסטאַווירט געוואָרן. אָט איז זי, כ׳האָב זי געפֿונען. ס׳איז מיר געלונגען צו באַקומען נישט מער ווי די דאָזיקע נעבעכדיקע פֿאָטאָגראַפֿיע.

און זי האָט גענומען ווײַטער דערציילן, ווי קעגנאיבער דער קליינער קירכע איז געווען אַ ווײַן־קנײַפּע, וועלכע זיי האָבן בײַדע ליב באַקומען, באַזונדערס איר מוטער. אין קליינעם קעלער זענען געשטאַנען ווײַן־קרוגן און אַמפֿאָרן, אײַנגעגראָבן אין דער ערד און אונטערגעשפּאַרט דורך פּרימיטיווע שטאַנגען. די ריזיקע אַמפֿאָרן זענען געווען פֿון רויטן ליים, און בכלל האָט דער גאַנצער קעלער אויסגעזען פּונקט ווי אין די צײַטן פֿון אַלטערטימלעכן רוים. דאָס איז געווען אַ פּרעכטיקער קעלער. ס׳האָבן זיך דאָרט געפֿונען די טײַערסטע אַלטע ווײַנען, און זיי האָבן דאָרט בײַדע יעדן טאָג געטרונקען צו גלעזלעך. די מוטער פֿלעגט איר זאָגן: „קאָנסט רואיק גיין צו דײַן גרעקאָ, איך וועל דאָ בלײַבן בײַ מײַנע אַמפֿאָרן“. קריסטע האָט זיך צעלאַכט.

זי האָט דערציילט מיט אַ סך חנעוודיקייט, מיט אַ זעלטענער אָנשוילעכקייט. יעדער פּרט האָט פּלאַסטיש אויפֿגעלעבט אין איר זכרון. אירע שלאַנקע הענט האָבן ווי אויסגעפֿאָרעמט די הויכע אַמפֿאָרן, און די הערלעכע בילדער פֿון גרעקאָ האָבן ווי אַרויסגעלויכטן פֿונעם גלאַנץ פֿון אירע אויגן. און ווידער האָט פּאַביאַן זיך אַנטציקט מיטן קלאַנג פֿון איר ווייכער שטימע און קלאָרקייט פֿון איר שפּראַך; זי האָט צוגעקליבן ווערטער ווי דימענטן.

— איך בין דערשטוינט, — האָט ער געזאָגט, — ווי איר דערמאָנט זיך יעדע קלייניקייט.

— דאָס, וואָס מען האָט ליב, דערמאָנט מען שטענדיק מיט אַלע פּרטים, — האָט קריסטע געענטפֿערט.

— גיט דאָ אַ קוק, — האָט זי פֿול מיט באַגײַסטערונג פֿאָרגעזעצט, — איז דאָס נישט ממש הערלעך? דאָס זענען דרײַ פֿראַגמענטן פֿון דער באַרצעלאָנער קאָלאָנען־גאַלעריע, וואָס איצט פֿירט זי צו די דעפּאַרטאַמענטן פֿון פּרעזידענט פֿון קאַטאַלאָניע. איז דאָס נישט אַ שעדעווער פֿון גאָטישער קונסט?

פּאַביאַן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַנטציקט פֿון איר שמייכל און פֿון ציטער פֿון איר שטים. די גאַלעריע איז באמת געווען וווּנדערבאַר שיין.

— ממש הערלעך! — האָט ער אויסגערופן, און כדי זיך אַרויסצווייזן אַלס מומחה, האָט ער צוגעגעבן: „איז דאָס מעגלעך, אַז די לייכטקייט פון דער מאַווריטאַנישער אַרכיטעקטור זאָל האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויף דער צאַרטקייט פון די דאָזיקע זיילן?

קריסטע האָט זיך פאַרטראַכט, און אין די קליינע רונצלען אויף איר שיינעם שטערן האָט ער דערקענט, אַז די פראַגע האָט זי ערנסט אַבסאָרבירט. דערנאָך האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן און געענטפערט. — דאָס איז נישט נאָר מעגלעך, נאָר אינגאַנצן זיכער. באמת אַ דיימלעכער באַווייז, ווי די אַראַבישע קונסט האָט באַרייכערט די שפּאַנישע גאָטיק.

פון איר אויפריכטיקער לויב האָט זיך פּאַביאַן דערפילט גליקלעך.

זיי זענען געווען אַזוי פאַרטאָן אין שטודירן די פּאַטאָס און אין מיינונגסאויסטויש, אַז זיי האָבן פאַרגעסן אין אַלע אַרום. ווען ס'האָט ווער פון זיי נישט געקאָנט אויסדריקן זיינע געדאַנקען מיט דער פולער קלאָרקייט, איז אים דער אַנדערער געקומען צוהילף, און ווען ס'האָט וועמען פאַרפעלט אַן אויסדרוק, איז גענוג געווען אַ זשעסט אָדער אַ שמייכל.

ביי איינעם פון די שכנותדיקע טישלעך האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרופּקע שוין גרויאיניקע דאַמען, וואָס האָבן לעבעדיק געפּלאַפּלט. קריסטע און פּאַביאַן האָבן נישט געלייגט קיין אַכט דערויף. זיי האָבן אויך נישט באַמערקט הינטער זיך צוויי יונגעלייט, וואָס האָבן באַשטעלט קאַווע און אָנגעהויבן פאַנאַנדערשטעלן די שאַך־פיגורן, פאַררויכערנדיק ציגאַרן.

קריסטע האָט אים איצט געוויזן עטלעכע קלויסטער־הייף, דאָס רוב פון וועלכע זי האָט אַליין פאָטאָגראַפירט. דאָס זענען געווען בילדער, וואָס האָבן פאַרקערפערט די שלווה, שטילקייט און אומרעאַלקייט פון אַן אַנדערער וועלט. אָנווייזנדיק אויף אַ קאָלאָנען־גאַלעריע פון אַ פרויען־מאָנאַסטיר אין סעווילאַ, האָט זי געזאָגט:

— דער דאָזיקער מאָנאַסטיר האָט מיר אויסגעזען אַזוי באַצויבערנדיק, אַז איך האָב שוין אַפילו באַקומען אַ חשק אַריינצוטרעטן דאָרט אַלס מאָנאַשקע. גיט אַקאָרשט אַ קוק, ווי שיין און רואיק דאָ איז, ווי אין אַ מעשהלע, נישט אמת? אָבער די מוטער, — האָט זי שמייכלענדיק צוגעגעבן, — די מוטער האָט מיך גוט אויסגעמוסרט און דערנאָך אַ זאָג געטאָן: וואָסער משוגעת! כ'האָב דיך נישט געבוירן, כדי דו זאָלסט ווערן אַ הייליקע, נאָר כדי דו זאָלסט זיין אַ געוויינלעכער מענטש, מיט אַלע מענטשלעכע עבירות. איר קענט דאָך מיין מוטער!

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— איר ווייסט, — האָט זי זיך געווענדעט צו פּאַביאַנען, — עס געשעט אַמאָל עפּעס אַזעלכעס. איר האָט דאָך אויך אַמאָל געוואָלט ווערן אַ גלח. איר האָט דאָס אַמאָל דערציילט, אמת?

פּאַביאַן האָט נישט גלייך געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף קריסטעס האַנט, וואָס איז געלעגן אויף די פאָטאָגראַפיעס, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט ס'ערשטע מאָל, ווי ווייבלעך צאַרט ס'איז איר האַנט. וואָלפגאַנג האָט שוין איינמאָל געמאַכט פון איר אַ סקולפּטור. איר האַנט האָט געהאַט גריבעלעך ביי די געלענקען, ווי מ'זעט עס אָפט ביי קינדער. „צום ערשטן מאָל זע איך, ווי ווייבלעך שיין ס'איז איר האַנט", — איז אים אַדורך אין געדאַנק, — און ערשט איצט איז קריסטעס פראַגע דערגאַנגען צו זיין באַוווסטזיין, און ער האָט לייכט פאַרוויילענדיק זיך געזאָגט:

— יאָ, כ'האָב דערציילט. ס'האָט מיך דעמלט באַהערשט אַן אידעע־פיקס, כ'בין דאָך געווען זייער יונג. כ'האָב אייך דערציילט, אַז כ'האָב שטודירט אין אַ גלחים־סעמינאַר.

קריסטע האָט געוואָרפן אַ בליק אויף זיין פּנים מיט די איינגעפאַלענע באַקן און ווייבלעכן מויל, אַ קוק געטאָן אויף זיין מעגערישער האַנט און געטראַכט: „פאַקטיש גענומען האָט ער עפּעס אין זיך פון אַ גלח". זי האָט זיך פאַרוויילט. פאַביאַנס פּנים האָט איר דערמאָנט דעם ברודער לאָרענצאָ, אַ מאָנאַך, וועלכער האָט איר געגעבן לעקציעס פון שפּאַניש. דער ברודער לאָרענצאָ איז געווען זייער געבילדעט, און איז שוין צוויי מאָל אויסגעשלאָסן געוואָרן פון קלויסטער צוליב זיין לייכטזיניקער אויפפירונג. ער האָט אויך געהאַט אַזעלכע ווייבלעכע ליפּן.

— ווי לאַנג זענט איר געווען אין גלחים־סעמינאַר? — האָט זי געפרעגט.

פּאַביאַן האָט נישט גערן גערעדט וועגן דעם האָזיקן פּעריאָד אין זיין לעבן.

— גענוג לאַנג, — האָט ער אָפּגעענטפערט. — כ'בין שוין געווען גאַנץ נאָענט צו דער ערשטער הייליקונג.

— פאַרוואָס זשע האָט איר רעזיגנירט פונעם געדאַנק צו ווערן אַ גלח? — האָט קריסטע ווייטער אויסגעפרעגט, דערמוטיקנדיק אים מיט איר שמייכל.

פּאַביאַן איז געווען אין פאַרלעגנהייט.

— כ'בין עלטער געוואָרן און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך באַזיץ נישט די געהעריקע איינגעשאַפטן פאַר אַ גלח, — האָט ער געענטפערט.

— געהעריקע איינגעשאַפטן?

— יאָ, כ'האָב איינגעזען, אַז כ'בין צו וועלטלעך געשטימט. ס'פעלט מיר דער כאַראַקטער פון אַ פּרוש, וואָס אַ גלח מוז האָבן.

— גוט, וואָס איר זענט אין דער ריכטיקער צייט געקומען צו דער דאָזיקער דערקענטעניש, — האָט קריסטע געזאָגט און געשמייכלט — די מוטער מיינע פלעגט אָפט זאָגן, אַז נאָר מיטן אמת און אינערלעכער ריינקייט לאָזט זיך אויפבויען אַ לעבן.

דאָס קרענצל דאַמען, וואָס איז געזעסן אין ווינקל ביי קאַווע, האָט אָנגעהויבן לעבהאַפטיק קלאַפּן בראַוואָ און עמעצן גערופן. אינעם קאַפעהויז איז אַריינגעקו־

מען אַ גרוילעכע דאַמע, משונהדיק געקליידעט, מיט אַן אַלטמאָדישן רידיקול אין האַנט. אַפילו די שאַך־שפּילער, וועלכע זענען געזעסן בײַ די טישלעך, די קעפּ אונטערגעשפּאַרט אויף די הענט, האָבן אויפגעהויבן זייער בליק.

קריסטע האָט זיך ווידער גענומען צו די פאָטאָס.

— אָט די אויפנאַמעס, — האָט זי איבעראַנייס אָנגעהויבן, אָנווײַזנדיק אויף אַ שטוים קאָפּיעס פון אַ גלייכן פאָרמאַט, — האָב איך געמאַכט דעם לעצטן ווינטער, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אויף פּאַלמאַ דע מאַליאָרקאַ. אין דעם דאָזיקן קלויסטער, — האָט זי פאָרגעזעצט, — אין דער באַרימטער קאַטעדרע פון פּאַלמאַ דע מאַליאָרקאַ האָב איך געהאַט איינע פון די טיפסטע איבערלעבענישן אין מײַן לעבן. איר מעגט הערן! מיר האָבן בײַגעוווינט די פייערלעכע קריסטוס־נאַכטמעסע, די מוטער און איך. כ'וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן, קיינמאָל!

און קריסטע האָט אָנגעהויבן דערציילן, ווי טויזנטער ליכט־פלאַמען האָבן באַלויכטן די ריזיקע קאַטעדרע. הונדערטער ליכט, די גרעב פון מענטשלעכע אָרעמס, האָבן געברענט אויפן הויפּט־אַלטאַר, און דאָך האָט מען זיך קוים געקאָנט פאָרשטעלן זײַן ריזיקע גרייס. אויך פונעם געדיכט־צוזאַמענגעפּרעסטן המון האָט מען מער נישט געזען ווי די קאָנטורן פון שאָטנס. די מענער האָבן געקניט בײַ דער לינקער נאַווע, צווישן זיי אויך קריסטעס באַקאַנטע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, די העכסטע באַאַמטע, אַחוץ אַנדערע חשובע לײַט, אַלע האָבן זיי געקניט; די פרויען, אין זייערע טונקעלע שפּאַנישע מאַנטיליעס, האָבן געקניט אויף דער רעכטער זײַט. אויך די מוטער און זי האָבן געקניט. אַ מחנה גלחים אין פּראַכט־קליידער איז געווען אין כאָר. דער בישאָף, אַ הדרת־פּנימדיקער זקן, האָט אָפּגעריכט די מעסע. בשעת דער מעסע זענען גלחים געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ מיט די טרעפּ צום הויפּט־אַלטאַר. אומצאָליקע מעסע־באַדינער האָבן זיך שטום באַוועגט בײַם אַלטאַר. אינעם שײַן פון די ליכט־פלאַמען האָבן זיך די קנוילן ווײַרויך געטראָגן אַרויף. מעלאָדיש האָט געקלונגען דער גלאָק. פונעם אַלטאַר האָט מען געטראָגן די עוואַנגעליע. דאָס אַלטע לאַטײַן האָט געקלונגען זעלטן פייערלעך.

ווי הערלעך קריסטע האָט דאָס דערציילט.

— די אָרגלען האָבן זיך צעקלונגען. כ'ווייס נישט, צי איר ווייסט, אַז די קירכע אויף מאַליאָרקאַ פאַרמאָגט די גרעסטע און וווּנדערבאַרסטע אָרגלען אין דער וועלט. די דאָזיקע אָרגלען קאָנען מער אויסדריקן פון אַ מענטש. זיי קאָנען פליסטערן, זיפצן, שלוכצן, שרייען, יאָמערן, לאַכן, וויינען, פרייען זיך, יובלען, וואָס קאָנען זיי נישט? יאָ, זיי האָבן געקאָנט אויסדריקן מער ווי אַ מענטש. זיי האָבן געקאָנט ברויזן, דונערן, ווילדעווען, שעלטן און בענטשן. ווען גאָט וואָלט געהאַט אַ שטימע, וואָלט ער אוודאי אַזוי גערעדט! אויבן, בײַ די אָרגלען, איז געזעסן אַ מאָנאַך, דער באַרימטער פראַנציסקאַנער פראַנציסקאָ, איינער פון די גרעסטע און אומפאַרגלײַכלעכע ווירטואָזן נישט נאָר אין שפּאַניע, נאָר אין דער גאַנצער

וועלט! זיין שפּילן אין דער קאַטעדרע, אַ באַלויכטענע פון טויזנטער ליכט, ווער איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן! און די אַלטע לאַטייניש שפּראַך האָט געקלונגען, ווי אַ שבועה, גלייך ס'וואָלט געווען אַ יום־טוב אין הימל.

זי האָט געמאַכט אַ פּויזע.

— כ'קען זייער גוט דעם דאָזיקן מעסע־צערעמאָניאַל, — האָט פאַביאַן שטיל געזאָגט און געשאָקלט מיטן קאָפּ, אינגאַנצן איבערגענומען פון איר שילדערונג.

— אַלע האָבן געוויינט פון גערירטקייט, — האָט קריסטע פאַרענדיקט, — אפילו די מוטער, וועלכע וויינט קיינמאָל נישט, האָט אויך געוויינט. אויך איך האָב געוויינט, אַ גערירטע, פּונקט ווי אַלע, און די טרערן זענען מיר געפלאָסן אי־בערן פּנים.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף פאַביאַנען און אַ שמייכל געטאָן.

די שילדערונג פון איר איבערלעבונג, וועלכע קריסטע האָט אַליין אָנגערופן אַלס די גרעסטע אין איר לעבן, האָט זי שטאַרק אויפגערעגט און אויפסניי אויפגע־טרייסלט. איר שטערן האָט זיך ווידער פאַרהויגצלט, אירע וויעס און ברעמען און אויך די ליפּן האָבן געציטערט. איר פּנים איז בלאַסער געוואָרן און האָט אָפּגע־שפּיגלט איר אויפגערעגטקייט, און האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדערט. פאַביאַן האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען ביי קריסטען אַזאַ אויסדרוק, ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז עמעצנס פּנים זאָל אַזוי אויפריכטיק אויסדריקן גייסטיקע איבער־לעבונגען.

זיי האָבן לאַנג געשוויגן. פאַביאַן האָט נישט געוואַגט זיך אַ ריר צו טאָן. ער האָט בלויז געקוקט אויף איר פאַרענדערט, פאַרקלערט פּנים.

„כ'האָב ליב דאָס דאָזיקע מיידל, — האָט ער געטראַכט, — יאָ, אַצינד ווייס איך, אַז כ'האָב זי ליב“.

# XX

נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָט פאַביאַן געשריבן אַ בריוו צו קריסטען, אָבער שוין ביים שרייבן האָט ער געפילט, אַז ס'וועט אים נישט געלונגען אויסצודריקן אַלע זיינע געדאַנקען און געפילן. ער האָט כסדר געזען פאַר זיך איר פאַרענדערט, פאַרקלערט פּנים, און ער האָט דריי מאָל צעריסן דעם בריוו. ער איז שפּעט גע־גאַנגען שלאָפן, אָבער סיי אויף דער וואַך, סיי אינעם שלאָף האָט ער אומאויפהער־לעך געזען איר באַגייסטערט פּנים. יאָ, ביי גאָט, ער האָט ליב דאָס מיידל!

צומאָרגנס האָט ער באַשטעלט אַ בוקעט הערלעכע מאַרשאַל־ניל־רויזן און אים געשיקט צו קריסטען מיט זיין וויזיט־קאַרטע, אויף וועלכער ער האָט אָנגע־שריבן בלויז עטלעכע ווערטער.

צוריקקומענדיק פון וואָקזאַל, ווהין זי איז געפאָרן באַגעגענען די מוטער, האָט קריסטע אין איר צימער דערזען די רויזן און האָט זיך דערפון געוואַלדיק דערפרייט. „אַ דאַנק פאַר דער קריסטמוס־מעסע אויף פּאַלמאַ דע מאַלאָרקאַ" — איז געווען אויפגעשריבן אויף דער קאַרטע. מער גאָרנישט. זי האָט פונעם בוקעט אויסגעקליבן דריי העכלעכסטע רויזן און זיי אַראָפּגעטראָגן צו דער מוטער.

— מאַמאַ, — האָט זי פריילעך אויסגערופן, — ערשט איצט קאָן איך דיך ווי געהעריק באַגריסן. זי האָט אַנידערגעקניט אויף איין קני און אין דער האַזיקער הערלעכער פּאָזע האָט זי דערלאַנגט דער מוטער די רויזן.

— מאַך זיך נישט צו נאַר, קריסטע, — האָט לאַכנדיק געזאָגט פרוי בעאַטע, וועלכע איז נאָך געווען מיד פון דער רייזע. — פון וואַנען האָסטו די הערלעכע רויזן?

קריסטע האָט זיך אויפגעהויבן.

— אַך! — האָט זי געזאָגט, — כ'האָב געפונען אַ ריזיקן בוקעט אין מיין צימער. אַ פאַרערער האָט מיר אים געשיקט, — האָט זי צוגעגעבן און זיך פּלוצים פאַרחרוישלט.

— אַ פאַרערער? איך זע, אַז די מענער זענען נאָך אַלץ אַזעלכע משוגעים, ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

קריסטע האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי איז באַליידיקט.

— אָבער דאָס איז אַ פאַרערער, וואָס איז מיר אויסערגעוויינלעך סימפּאַטיש, מאַמאַ, — האָט זי געענטפערט.

# I

די גרויסע רעדע, מיט וועלכער טאובענהאוז האָט זיך פאָרגעשטעלט דער שטאָט אינעם ראָטהויז־זאַל, האָט אָן ספק געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. די רעדע איז באַשטימט געוואָרן אויף עלף אַזייגער, אָבער שוין מיט אַ האַלבע שעה פריער האָט אַ המון איינגעלאַדענע זיך געשטופּט צו די טרעפּ פונעם ראָטהויז.

פאַביאַן איז גאַנץ פרי געווען אויף די פיס. ער האָט געדאַרפט ביי אַ שעה צייט אויף אָנצוטאָן זיך אין פולער טראַכט אויף דער דאָזיקער פייערלעכקייט. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך היינט געוואָלט באַווייזן אין זיין נייעם מיליטערישן מונדיר פון צימערינג־קאָליר, — און זאָלן מענטשן שטויגנען. די ברייטשעסן מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע שאַרפע קאַנטן, ווי מעסערס, האָבן אים צוגעגעבן אַ האָפערדיקן און אַרויסרופנדיקן אויסזען פון אַ מענטש, מיט וועלכן ס'איז גלייכער נישט אָנצוהייבן. אויסערגעוויינלעך גוט איז אויף אים געלעגן דער מונדיר, זיינע פּלייצעס האָבן אויסגעזען צו זיין ברייטער און קרעפטיקער. מ'קאָן זאָגן, וואָס מ'וויל, אָבער דער קליינער ווייסהאָריקער מערץ איז באמת געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך.

פאַביאַן האָט אויסגעפּוצט זיינע אָרדנס מיט אַ שמאַטקע, איידער ער האָט זיי אָנגעטאָן. דעם אייזערנעם קרייץ פון ערשטן קלאַס האָט ער צוגעשפּיליעט לויט די פאָרשריפטן לינקס אונטער דער ברוסט. אַן אויסגעגלעטער און אַן אויסגעפּוצטער האָט ער ווירקלעך אויסגעזען אימפּאָנירנדיק.

בעת מאַרטע האָט אים געבראַכט דעם פרישטיק, האָט זי פון גרויס דרך ארץ קוים געוואַגט אויף אים אַ קוק צו טאָן.

אין דער אמתן איז ער אָבער געווען נישט מער ווי אַ פּשוטער זעלנער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און האָט טאַקע נישט געוואָלט זיין עפּעס מער. ער האָט נאָר געוואָלט, מ'זאָל זען זיין גוטן ווילן צו דינען דער אידעע, דאָס איבעריקע וועט שוין קומען אַליין. ער איז געווען ווייט פון אַמביציעזע אַספּיראַציעס, אָבער מ'קאָן דאָך סוף־כל־סוף נישט פאַרלאַנגען פון אים, אַז ער זאָל זיך פאַרלייקענען אַלס אָפיציר, וואָס ער איז דאָס באמת אַמאָל געווען. מיט זיין אוניפאָרם, אָרדנס

און זעלגערישער האַלטונג האָט ער דרייסט געקאָנט אָנגיין פאַר אַ מיליטערמאַן פון הויכן ראַנג.

די גייע קאַוואַלעריע־שטיוול פון האַביכטן מיט זייער גלאַנציקן לאַקיר זענען געווען אַ וווּנדערווערק, זיי האָבן פאַרגעמלעך געסקריפּעט, און ער האָט אַזוי לאַנג געסקריפּעט אין זיי, דרייענדיק זיך אַהין און צוריק, ביז קלאָטילדע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט איר מאָרגן־טואַלעט, האָט פון נייגעריקייט געעפנט די טיר און אַרויסגעקוקט.

ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, איז זי אַרויסגעגאַנגען פון איר צימער אין אַ עלעגאַנטן מאַנטל, אין אַ זילבער־פוקס אַריבערגעוואָרפן אויף די אַקסלען און אַ הוט אויפן קאָפּ. דער דאָזיקער הוט איז געווען אַ קונציקע אַרבעט, פון העל־ברוינע סאַמעטענע בענדער, וועלכע האָבן זיך לוסטיק געפעכערט אויף אירע בלאָנדע האָר בעתן גיין.

— נעם מיך מיט, כ'בעט דיך! ס'וועט דאָך זיין אַ סך בעסער, ווען איך וועל קומען צוזאַמען מיט דיר, — האָט זי אויסגערופן, פּונקט ווי זייער באַווייזן זיך צוזאַמען אין גאַס וואָלט געווען די סאַמע באַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט.

— בימע, — האָט ער געענטפערט און העפלעך געעפנט פאַר איר די טיר.

קלאָטילדע איז געווען אין אַ הייטערער, אויסגעצייכנטער שטימונג. די פאַר־שטייענדיקע געשעעניש האָט זי אָנגערעגט, פּונקט ווי אַ טעאַטער־פּרעמיערע. אַ צופרידענע איז זי געגאַנגען אין איר פאָכענדיקן הוט ביי דער זייט פון איר מאַן און הנאה געהאַט פון די בליקן פול מיט שטוינונג און אָנערקענונג, מיט וועלכע מען האָט אים באַשאָנקען. אַלזאָ, אויך ער איז אין דער באַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי! ס'ערשטע מאָל זינט אַ סך וואָכן האָט מען זיי געזען גיין צוזאַמען אויף דער גאַס. הגם די גאַנצע שטאָט האָט געוווּסט, אַז אין זייער צוזאַמענלעבן איז נישט אַלץ געווען אין אָרדענונג, אָבער סוף־כּל־סוף איז דאָך היינט אַן אויסערגעוויינלע־כער טאָג. קלאָטילדע האָט פון צייט צו צייט פאַרקלענערט די טריט און מיט פאַרשנדיקע בליקן באַטראַכט איר מאַן. „אָן פאַרוואורף, באמת, אָן דעם קלענסטן פאַרוואורף! מיט אַזאַ מאַן קאָן מען זיך דרייסט באַווייזן אין גאַס!"

— זעסט אויסגעצייכנט אויס! — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון אויפריכ־טיקער אָנערקענונג.

דאָס זענען געווען לויב־ווערטער, וואָס ער האָט פון איר שוין גאַנץ לאַנג נישט געהערט.

— יאָ, מערץ איז אַן ערשטקלאַסיקער מייסטער, — האָט ער געענטפערט.

— די גאַנצע שטאָט דערוואַרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג טאָובענהאַוזס רעדע, — האָט קלאָטילדע פאָרגעזעצט, — אַלע זענען נייגעריק צו וויסן, וואָס אַזעל־כעס ער וועט זאָגן.

„זעט נאָר, — האָט פאַביאַן א טראַכט געטאָן, — זי האָט דורכויס בדעה צו פאַרפירן מיט מיר א שמועס“. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרגעסן די בייזוויליקייט פון איר גט=אָנקלאַגע און האָט א ביסל אָפּגעשלעפּט מיטן ענטפער.

— ער וועט זיכער רעדן גאַנץ אינטערעסאַנט, — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — ער האָט אַן אָפענעם קאָפּ. נאַטירלעך, אַז וועגן אַ סך זאַכן האָט מען אים געמוזט אינפאָרמירן, ער איז דאָך דאָ אינגאַנצן א גייער מענטש.

קלאָטילדע האָט א שמייכל געטאָן. אָ, זי האָט גענוי געוווסט, וועגן וואָס טאַובענהאַוז וועט רעדן. וועגן דער העלדן=בריק, וועגן דעם פאָנטאַן אויפן וואָקזאַל=פּלאַץ, וועגן דער ראָלאַנד=סטאַטוע ביים ראָטהויז. דריי טעג נאָכאַנאַנד זענען געלעגן אויפן מאַגם שרייבטיש קאָפּיעס פון דער רעדע מיטן בלויען אויפשריפט „שטרענג פאַרטרויליך!“. פאַביאַן האָט גוט געוווסט, ווען ס'איז פאַר אים געווען נייטיק, וויאַזוי געוויסע סודות זאָלן ווערן באַוווסט אַלעמען אין שטאָט. די פריילין צימערמאַן וועט מסתמא אויך נישט שווייגן, כאָטשבי, כדי צו באַרימען זיך מיט איר וויכטיקן פּאָסטן.

— זע נאָר, וויפל מענטשן! — האָט קלאָטילדע אויסגערופן, בעת זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם ראָטהויז=פּלאַץ.

אַ מענגע מענטשן איז אַקוראַט איילנדיק ארויף אויף די טרעפּ. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער ארכיטעקט קריג, אָנגעטאָן אין א מונדיר פון א לייטענאַנט, וועלכן ער האָט קוים געקאָנט פאַרקנעפּלען צוליבן היפּשן בויך. ער האָט אמאָל געדינט ביי די סאַפּיאָרן. דער זיידענער קראַוואַט און דער ווייכער קאַפּעליוש האָבן אים א סך בעסער געקליידט! ער האָט מיטגענומען זיינע צוויי דערוואַקסענע טעכטער, הערמינע און העלענע, א צווילינג, וואָס זענען געווען אַזוי ענלעך איינע צו דער אַנדערער, אז ס'איז זיי שווער געווען צו אונטערשיידן. ביידע האָבן געהאַט רויטע פּוכיקע בעקלעך און פּונקט אַזעלכע באַהנטע פאַרריסענע נעזלעך. ווען פאַביאַן איז צוגעקומען נענטער, האָבן אים ביידע אין פאַרלעגנהייט באַגריסט מיט אַזעלכע ענלעכע שמייכלען, אז ס'איז ממש געווען צו שטוינען.

— אַ גענעראַל! אַכטונג, טעכטער! אַן אמתער גענעראַל! — האָט קריג געשפּאַסט, באַטראַכטנדיק פאַביאַנען פון אלע זייטן. — איר פאַרשטייט שוין יאָ, וויאַזוי צו איבערראַשן אייערע פריינד, — האָט ער צוגעגעבן און זיך צעלאַכט סתם אין דער וועלט אריין, נישט פאַרשטענדלעך פון וואָס.

— דו וועסט מיר אַנטשולדיקן, — האָט פאַביאַן געזאָגט צו זיין פרוי, בעת ער האָט פאַר איר העפלעך געעפנט די ברייטע טיר פונעם זאַל, — איך מוז נאָך אריינגיין צום בירגערמייסטער, ער האָט אפשר נאָך עפּעס אַן אויפגאַבע פאַר מיר.

קלאָטילדע האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט מיט איר רייצנדיקסטן שמייכל. לעבן איר זענען געשטאַנען קריגס טעכטער. ביידע זענען געווען אָנגעטאָן אין די זעלבע מלבושים און אפילו געברויכט די זעלביקע פאַרפומען. „פאַביאַן וויל זיך

אַוודאי ווייזן פאַר טאָובענהאָוזן אין זיין נייעם מונדיר, — האָט קלאָטילדע
אַ טראַכט געטאָן, — ס'איז ביי אים אַלץ אויסגערעכנט". זי האָט אים שוין גוט
געקענט.

מונדירן, מענטשן, היט, פענער און נאָכאַמאָל פענער. דאָס דאָזיקע בילד האָט
קלאָטילדען באַגייסטערט. דער זאַל איז געווען דעקאָרירט מיט אַ סך לאָרבער-
ביימלעך און געבאָדן זיך אין אַ ים פענער. בלויז געציילטע פענער האָבן געהאַט די
פאַרבן פון דער שטאָט. דאָס רוב פון זיי איז געווען מיטן האַקנקרייץ. אויך די
טריבונע איז געווען באַשלאָגן מיט האַקנקרייץ-פענער. אַזוי האָט פאַראָרדנט טאָו-
בענהאָוז. דער איינדרוק איז געווען ממש אַ פאַרבליפנדיקער, און קלאָטילדעס האַרץ
איז צעשפּרונגען געוואָרן פון נחת, בעת זי האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג דורכן
פּובליקום. נאַטירלעך, האָבן זיך געפונען אייניקע רכילותניקעס, וואָס האָבן גע-
טענהט, אַז דאָס איז אַ נאַציִשער יום-טוב, נישט קיין יום-טוב פון דער שטאָט, און
אַז דעם דאָקטאָר קריגער ווערט אפילו נישט דערלויבט צו פירן קיין פּריוואַטע
שמועסן דורכן טעלעפאָן. דאָס זענען אָבער נאַרישקייטן — צום לאַכן, באמת!

ס'האָט געווימלט פון מיליטערלייט. אפילו רעזערוו-אָפיצערן האָבן אויסגענוצט
די געלעגנהייט, כדי צו באַווייזן זיך אין די מונדירן. צווישן המון האָט אפילו א
מיניע געטאָן אַן אמתער רויט-געשנורעוועטער הוזאַרן-מונדיר, וואָס מ'האָט שוין
געהאַלטן פאַר אַן אָפּגעשטאַרבענע זאַך, ווי אויך דריי ברייטע פּאַסן אויפן אַרבל
פון אַ פלאָט-אָפיצער. אַ קלייניקייט! דער קאָפּ פון שטאָט האָט דאָך זיי איינגעלאַדן
— האָבן זיין געהאַלטן פאַר זייער חוב צו באַווייזן זיך אין פולער גאַלאַ-טראַכט.
אַ סך קאַפּיטאַנען און מאַיאָרן האָבן, וואָס אַן אמת, שוין איצטער דיקע בייכער,
גלייך ווי זיי וואָלטן נאָך אַלץ געזעסן אין פראַנקרייך, אין הינטערגרונט פון פראָנט.
אָבער גאַנץ אויפפאַלנד זענען געווען די צאָלרייכע אָרדנס! נישט שוין זשע איז אויף
דער שטאָט געפאַלן אַן אָרדן-רעגן? מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז אַלע זענען געווען
אָנטיילנעמער אין דער בלוטיקער ווערדען-שלאַכט, הגם אַ סך פון זיי האָבן אפילו
קיין איינציק מאָל נישט געשמעקט קיין פולווער.

יעדער האָט געטראָגן עפּעס אַן אָרדן, כאָטשבי אַ קליינעם באַשיידענעם קרייץ,
אַ מעדאַל אָדער עפּעס אַ בענדל. אפילו דער ניידעריקסטער באַאַמטער האָט נישט
געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק. סוף-כל-סוף, וואָסער ווערט האָט אַ מענטש, אויב
ער האָט נישט קיין שום אויסצייכענונג? קיינער איז דאָך נישט געקומען אהערצו
פון תפיסה!

אַ געוויסער ווייסהאָריקער הער, מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן, האָט געטראָגן
אַ קליינטשיקן, נישט קענטיקן, ביליקן מעדאַל. דאָס איז געווען דער פּראָפעסאָר
האַל פון היסטאָריקער-פאַריין, און דער קליינטשיקער מעדאַל איז געווען אַ מעדאַל
„פאַר ראַטעווען" פון אַן אומגליקס-פאַל, וואָס קיינער האָט אויף אים נישט גע-
לייגט קיין אַכט. דאַקעגן האָט מען לרוב געזען די עפּעקטפולע טערקישע האַלבע

לבנה. יאָ, אַלץ אַרום האָט געלויכטן און געפינקלט. בגנבה און מיט אַ סך קנאה האָט דער עולם געקוקט אויף די ווינציקע, אָבער באמת הויכע אויסצייכענונגען, וועלכע האָבן זיך געפונען אינעם זאַל, ווי, למשל, די זעלטענע אָרדנס פון פאָלקאָווניק פאַן טינען, דעם פאַרדינסטפולן פראָנט=אָפיצער. די דאָזיקע אויסדערוויילטע ווערן אַרומגערינגלט מיט גרויס חשיבות. היינט האָט מען באמת געקאָנט זען, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר יעדער פון די אָנוועזנדיקע.

יאָ, היינט האָט מען געקאָנט זען, אַז יעדער, וואָס שאַנעוועט זיך אַליין, איז אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער פּרעזעס פון געריכט ליבאָריוס, דער דירעקטאָר פון מוזיי גראַס, דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל זאַנדקול. נאָטירלעך, אויך דער יורים=קאָנסול שנאַבאַך — ער שפּילט דאָך אַ גאַנץ גרויסע ראָל אין דער נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, דער גימנאַזיע=דירעקטאָר פּעט, דער שטאָטישער מעדיצינישער ראַטגעבער האַווערלאַנג, די פּראָפעסאָרן קאָפּענהיידע און ראָדע, דער דירעקטאָר פון דער קונסט=שול זאַנפּטלעבען, מיט איין וואָרט — אַלע. די אַלע הערן האַלטן זיך ווירדיק, זעען אויס גוט גענערטע און צופרידענע. אַ טייל פון זיי האָט במשך פון זייער לעבן זיך דערוואָרבן פעטע בייכלעך, ביי אַ סך האָט מען געזען זייערע גלאַנציקע ליסינעס, וועלכע מ'האָט אַזוי ניט באַמערקט הינטער די היט. מיט איין וואָרט — ס'האָט זיך צונויפגעזאַמלט די סאַמע סמעטענע פון דער שטאָט.

אין דער טיף פון זאַל האָבן זיך אין גרופּן געזאַמלט יונגעלייט אין ברוינע מונדירן, וועלכע האָבן אָן שום אָפּהאַלט געטומלט און געשפּאַסט. בלויז עטלעכע גרויע קעפּ האָבן זיך געפונען צווישן די ברוינע זעלנער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעטיילט דער שוסטער האַביכט מיט זיינע גרויסע דורכזיכטיקע אויערן, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן מיט זייער רויטקייט.

ס'איז געווען ממש אויפפאַלנדיק, ווי ווייניק מענטשן צווישן די אָנוועזנדיקע געהערן ניט צו דער נאַציאָנאַל=סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אפשר זענען אַ סך ניט געוואָרן איינגעלאַדן? פאַביאַן האָט צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון אַכט הונדערט פּערזאָן, אָבער דאָס לעצטע וואָרט האָט דאָך געהאַט טאַובענהאַוז. צו די אומפּאַרטייאישע, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַרײַן אויפן ערשטן בליק, האָט געהערט וואָלפגאַנג פאַביאַן. לכתחילה האָט ער מיט אַ פרייליכער מינע זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל, ער האָט אָבער שנעל פאַרלוירן זיין האָפערדיקייט, באַגעגענדיק אומעטום אַ געוויסע צוריקגעהאַלטנקייט. ניט ווייט פון אים, אין אַ זייט, איז געזעסן דער לערער גלייכען, וועלכער האָט אַ פאַרכמורעטער געקוקט אויפן זאַל און מיט קיינעם ניט פאַרביטן קיין וואָרט. זיין ווייכן פון מענטשן איז אַלעמען געווען באַקאַנט. מ'האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז אין דער דאָרף=שול פון אַמזעלוויז איז ער געשיקט געוואָרן צוליב אַ דיסציפּלינאַרער שטראָף, ווייל ער האָט, ווי מ'האָט געזאָגט, ניט סאַלוטירט פאַר דער האַקנקרייץ=פאָן.

## II

די שטאָל־בלויע פעדערן אויף מאַדאַם פאָן טינעס קליינעם היטעלע האָבן געפּאַכעט אהין און אהער. די באַראָנעסע האָט גערעדט און געלאַכט כמעט אָן איבעררייס. איר באַגייסטערטע שטימע און איר פריילעך לאַכן האָט מען געהערט אין גאַנצן זאַל. זי האָט די לעצטע טעג אָנגענומען אן אָנפירנדיקן אמט אינעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פרויען־פאַריין און זיך געפילט ווי א פיש אין וואַסער.

דער פאָלקאָוויניק פאָן טינען האָט אַרומגעשמייעט צווישן די דאַמען, ווי א יונגער קאַוואַלעריסט. זיין ברוסט איז געווען באַהאָנגען מיט א שפע הויכע בלישטשענדיקע אָרדנס. ער האָט געטופּעט מיט די אָפּצאַסן, סאַלוטירט, געגריסט, אויסציענדיק הויך די האַנט לויטן היטלעריסטישן שטייגער, געלאַכט, געשפּאַסט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט יינגער געוואָרן, נישט געקוקט אויף זיינע גרויע האָר, וואָס זענען געווען, ווי שטענדיק, זאָרגפעליק אויסגעגלעטיקט.

— פרוי פאַביאַן! — האָט ער אויסגערופן, דערזעענדיק קלאָטילדען אדורכלויפן צווישן עולם. ער איז איר אנטקעגנגעלאָפן, זיך אויסגעצויגן פאַר איר, ווי פאַר אַ גענעראַל, און איבערגעטריבן טיף זיך פאַרנייגט. קלאָטילדע האָט זיך פאַררויטלט, אַ גליקלעכע, וואָס ער האָט איר אָנגעטאָן אזויפיל כבוד פאַרן גאַנצן עולם.

— דערלויבט אהער צו אונדז, קלאָטילדע! — האָט די באַראָנעסע געשריגן.

— ס'האָט זיך דאָ צונויפגעקליבן אַ פּרעכטיק קרייזל, מיין ליבע.

דער יונגער אָבערלייטענאַנט וואָלף טינען האָט גאַוואַדיק צוגעשמייכלט און זיך געהאַלטן א ביסל אין א זייט פון די דאַמען, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט זיין מוטער, ווייל, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, האָבן אים נישט אינטערעסירט קיין פרויען איבער די פערציקער. ער האָט זיך אָבער נאָך געהאַלטן ביי די אַלטע אָנגענומענע מאַניערן, ער האָט זיך לייכט פאַרנייגט און מיט רעספּעקט געקושט קלאָטילדען די האַנט.

אינעם דאָזיקן מאָמענט האָט מען פאַרמאַכט די טירן, און דער עולם האָט פאַרנומען די פּלעצער. אָבער דער טומל האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף א מינוט, און אויפסניי האָט זיך געלאָזן הערן איבערן גאַנצן זאַל די באַגייסטערטע שטימע פון דער באַראָנעסע.

פאַביאַן איז דער לעצטער דורכגעגאַנגען דעם זאַל, באַמיענדיק זיך נישט צו ציען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט, און פאַרבייגייענדיק דורכגעקוקט די רייען פון די אָנוועזנדיקע. ער וואָלט זייער וועלן דאָ זען קריסטען און די פרוי בעאַטע לערכע־שעלהאַמער. ער האָט דאָך זיי אַריינגעשטעלט אין דער רשימה, הגם ער האָט געוווסט, אַז זיי פּלאַנירן אין די דאָזיקע טעג צו מאַכן אַ קליינעם אויספלוג נאָך באַדען־באַדען. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אייפעריק אַרומגעקוקט אַלע דאַמען, האָט ער זיי דאָך אינערגעץ נישט געקאָנט געפינען.

„אַ שאָד, וואָס קריסטע איז נישטאָ", — האָט ער געטראַכט און צוגעגאַנגען צו די לעצטע רייען, ווו ס'זענען אין ברוינע מונדירן געזעסן די פּשוטע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך גוטווויליק צוזאַמענגעד רוקט און אים געמאַכט אַן אָרט; ס'האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי ס'וואָלט זיך געבן זיי אַוועקגעזעצט זייער קאָמאַנדיר.

— ער זעט פּרעכטיק אויס, — האָט די באַראָנעסע אריינגעשעפּטשעט קלאָ־טילדען אין אויער, — ס'פרייט מיך באמת, וואָס ער האָט ענדלעך אָנגענומען אַ פּאָזיציע באשלום.

— אויב מ'טוט שוין עפּעס, דאַרף מען עס שוין טאָן מיטן גאַנצן הארצן, — האָט קלאָטילדע געענטפערט. — ווי אַן עכטער זעלנער האָט ער, פאַרשטייט זיך, געמוזט זיך מעלדן צו א וועלכער ס'איז מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָט מען טאַקע פון אים דערוואַרט. אָבער דאָס, וואָס ער האָט נישט געשטעלט קיין פּאָר־באַדינגונגען וועגן באקומען אַ מיליטערישן ראַנג, וועט אוודאי שפּעטער הויך אָפּגע־שאַצט ווערן.

— נו, דער בירגערמייסטער וואָלט שוין געדאַרפט אריינקומען.

אָבער ער קומט נישט. ווייזט אויס, אַז ער וואַרט נאָך אויף עמעצן. דער עולם האָט דיסקוטירט וועגן דעם, און מ'האָט געטייטלט אויף די דריי פּלעצער, וועלכע זענען נאָך נישט געווען באזעצט אין דער ריי, וואָס איז געווען באשטימט פאַר די ראַטמענער. פאַר וועמען האָט מען רעזערווירט די דריי שטולן? מען דערוואַרט הויכע געסט?

פּלוצים האָט זיך נאָכאַמאָל די הויפּט־טיר געעפנט און ס'האָבן זיך באוויזן דריי הערן אין ברוינע און שוואַרצע נאַצי־מונדירן. זיי האָבן זיך שנעל אַ לאָז געטאָן צו די רעזערווירטע פּלעצער. דער ערשטער איז געווען א קרעמפּער, ברייט־פּלייציקער מאַנצפּאַרשוין, מיט א ברייט, גוטמוטיק פּנים, פולע ליפּן און זשאַווער־רויטע גלאַטע האָר, מיט קורץ־געשוירענע שמאָלע באַקנבערדלעך. ס'האָט זיך גע־וואָרפן אין די אויגן, אַז ער האָט נישט געטראָגן קיין שום אָרדנס און אויסצייכע־נונגען; אין דער קלאַפּע פון זיין מאַרינאַרקע האָט געשטעקט בלויז א נישט אָנ־זעעוודיק בענדל. די צוויי הערן, וועלכע האָבן אים באַגלייט, האָבן אויסגעזען צו זיין זייגע אַדיוטאַנטן, זיי זענען געווען אַ סך יינגער און מיט זייער אָנגעצויגענער מיליטערישער האַלטונג האָבן זיי אויסגעזען זייער רעפּרעזענטאַטיוו.

דורכן זאַל איז אַדורך אַ ציטער פון דערוואַרטונג און אומרו. די מער נייגעריקע האָבן זיך אויפגעהויבן, און די ברוינע זעלנער האָבן א הייב געטאָן די הענט אין דער הייך און אויסגעשריגן: „הייל!"

דער קרעמפּער, ברייטפּלייציקער מאַן האָט אָפּגעענטפערט, בלויז לייכט אויפ־הייבנדיק די האַנט. אין זאַל איז תיכף שטיל געוואָרן.

— דאָס איז דער גאָולייטער רומף, — האָט די באַראָנעסע, אַ שטאַרק גע־רירטע, געפּליסטערט קלאָטילדען אין אויער. — האָב איך דען נישט געזאָגט, אַז ער וועט קומען צו דער רעדע?

— דער גאָולייטער?

קלאָטילדע איז געווען אַנטוישט. זי האָט זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט אַ גאָוליי־טער, ווי אַ מין פירשט, מיט אַ קעניגלעכער האַלטונג, אַרומגערינגלט פון אַ הער־לעכער סוויטע.

די באַראָנעסע האָט אַזש געציטערט פון אויפרעגונג.

— איר האָט באַמערקט דאָס בענדל אין דער קלאַפּע? — האָט זי געפרעגט קלאָטילדען און פון דענערווירונג איר אַריינגעשטאָכן די נעגל אין האַנט. — ס'איז דער „בלוט־אָרדן", די העכסטע אויסצייכענונג, וועלכע נאָר דער פירער אַליין קאָן שענקען! אָט דער הויכער בלאָנדער אָפיציר איז דער אַדיוטאַנט פאָגעלסבערגער, און דער טונקעלער, מיטן שטרענגן פּנים, איז דער אַדיוטאַנט גראַף האָסע. מיין גאָט! קלאָטילדע, וואָסער אומפאַרגעסלעכער טאָג!

אין דער רגע האָט זיך אָן עפּן געטאָן אַ שמאָלע טיר פון הינטער דעם פּאָדיום מיט די האַקנקרייץ־פענער, און טאָובענהאַוז האָט זיך באַוויזן אין זיין שוואַרצן סורדוט.

## III

מיט לאַנגזאַמע און געמאָסטענע טריט איז טאָובענהאַוז צוגעגאַנגען צום רעדנער־פּולפּיט. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער פילט זיך אַ ביסל נישט זיכער, אָבער באַלד האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ געשיקטער רעדנער.

אינעם האַלב־טונקעלן זאַל האָט זיין לאַנג, דאַר פּנים אויסגעזען בלייכער ווי גע־וויינלעך, טעמפּ און געלבלעך, ווי נישט אויסגעשלאָפן. זיינע שוואַרצע באַרשטיקע האָר זענען געווען אָן גלאַנץ און מאַט, פּונקט אַזוי האָבן אויך אויסגעזען די טונקע־לע בערשטלדיקע וואָנצעס אונטער די נאָזלעכער. היינט האָט ער אָנגעטאָן זיינע אָרדנס אין זייער אָריגינעלער גרייס, און מבֿינים האָבן תּיכּף געזען, אַז צווישן די אויסצייכענונגען איז נישט פאַראַן קיין שום אויסערגעוויינלעכס, אפילו נישט קיין אייזערנער קרייץ פון דער ערשטער מדרגה. קיינער וואָלט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער מאַן איז געווען אַ קאָמאַנדיר פון „באַטשאַנען־נעסט" אין אַראַגאַ־נער וואַלד. דערצו נאָך האָבן די אָרדנס געקלימפּערט, בעת ער האָט זיך פאַרנייגט.

פאַביאַן האָט אַ שמייכל געטאָן, בעת טאָובענהאַוז האָט גענומען רעדן. ס'פאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן האָט ער פון די גענדז און קאַזעס, וואָס לויפן אַרום אויפן מאַרק אין זיין געבוירן־שטאָט אין פאָמערן. די צוהערער איז געפעלן געוואָרן אַזאַ פּשטות, זיי זענען אָבער געווען געוואַלדיק דערשטוינט, הערנדיק , אַז דאָ,

איבערן מאַרק-פּלאַץ פון זייער שטאָט, לויפן אויך אַרום געגרז און ציגן, וואָס אין אמת, געגרז און קאָזעס פון א גאַנץ אַנדער מין. און הגם דאָס איז געווען ווייניק דערפרייענדיק און אפילו א חרפה צו הערן, האָבן זיי פונדעסטוועגן האַרציק געלאַכט און שטאַרק אַפּלאָדירט.

דאָס שטייפע, פאַרגליווערטע פנים פון בירגערמייסטער האָט זיך דערליקאַט פאַררויטלט און ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז פון איצט אָן האָט טאָובענהאַוז ווי אויפגעלעבט.

— איך בין דאָ אַהער געקומען, — האָט ער מיט א דערהויבענער שטימע אויסגערופן, און זיינע גאָלדענע ברילן האָבן אַ פינקל געטאָן, — כדי צו לאָזן אין באַוועגונג די גייסטיקע מאָטאָרן פון דער שטאָט און צו עפענען די זעלישע קוואַלן, וואָס זענען דאָ פאַרבאַהאַלטן.

ער האָט דאָס אַרויסגערעדט אזוי הויך, אַז די צוהערער האָבן זיך אַזש דערשראָקן.

— יאָ, די דאָזיקע שטאָט, וואָס האָט אַמאָל געהייסן „די שטאָט פון די גאָלדענע טורעמס“, מוז ווידער אויפשטראַלן אין איר אַלטן גלאַנץ. במשך פון עטלעכע יאָר מוז זי ווערן די שענסטע און באַרימטסטע שטאָט צווישן אַלע שטעט פונעם לאַנד, וואָס וועלן אויף איר קוקן מיט קנאה און באַוווּנדערן איר שיינקייט, איר עשירות, דעם גייסט פון אחדות, וואָס דאָ וועט הערשן, און איר גאַסטפריינדלעכקייט (איצט איז אויסגעבראָכן א שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן). ס'וועט אַנטשטיין אַ שפּאָגל נייער טעאַטער פאַר אָפּערע און דראַמע; אין פאַרגלייך מיטן נייעם בנין, וועט דער היינטיקער טעאַטער אויסזען ווי אַ הינער-שטייג. מיר וועלן אויסבויען געביידעס פאַר קונסט-אויסשטעלונגען, אַ מוזיק-אַקאַדעמיע, די שענסטע אין דער וועלט ספּאָרט-פּלעצער און שווים-באַסיינען (די אויגן פון די בירגער האָבן געגלאַנצט). די גאַנצע שטאָט וועט באַדעקט ווערן מיט א גלאַנציקן אַספאַלט, ווי אַ שפּיגל, אויף וועלכן ס'וועלן זיך טראָגן מיט דער גרעסטער געשווינדקייט לוקסוס-אויטאָבוסן. וואָס פאַר אַ נוצן ברענגען עלעקטרישע טראַמווייען, אויף וועלכע מ'דאַרף וואַרטן גאַנצע פופצן מינוט? מיטן זייגערל אין האַנט האָב איך געציילט די מינוטן!

— די שטאָט שלאָפט, יאָ, ביי גאָט, זי שלאָפט נאָך אין מיטלאַלטערלעכן שלאָף! ווי מיט אַ דונער וועל איך זי אויפוועקן! — דאָ האָט ער א רימשע געטאָן נאָך העכער ווי פריער. — נייע בריקן וועלן מיר שאַפן! — האָט ער געזאָגט, און ער האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער „העלדן-בריק“, ווו פרידריך דער גרויסער וועט זיצן רייטנדיק אויף אַ שטאָלצן פערד צווישן פאָנען-טרעגער און פייקלער, אַרומגערינגלט פון לאַנדסקנעכט מיט האַליבאַרדן, פון גערמאַנען מיט העק און סענקאַטע דוביגעס. ס'וועט אַנטשטיין א נייער וווינונגס-קוואַרטאַל פאַר טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פערזאָן, וואָרעם די שטאָט וועט אין צען יאָר אַרום ציילן

אַ טאָפּלטע צאָל איינוווינער ווי היינט. ס'וועלן אָנגעצייכנט ווערן נייע פּלעצער, נייע גאַסן און פּאַסאַזשן. אַלץ, וואָס איז אַלט און שטייט אין וועג, מוז אָפּטרעטן, פאַרשווינדן! לאַסט־אויטאָס מוזן אומגעשטערט פאָרן איבער דער שטאָט. אַוועק מיטן אַלטן געריטפּל! מ'וואָלט געדאַרפט אויך אַ טראַכט טאָן, אַז די שטאָט זאָל באַקומען אַ מאָדערנעם וואָקזאַל און אַ גוטן פלי־פּלאַץ. ווי קלאָגעדיק זעט היינט אויס דער וואָקזאַל־פּלאַץ, ס'איז ממש אַ חרפּה און אַ בושה! אַ שאָד פין בלומען דאַרף אין דער צוקונפט מקבל־פּנים זיין די רייזנדע און דערצו דער הייטערער געפּליסטער פון צוויי ריזיקע פאָנטאַנען.

צוויי? פאַביאַן האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. טאָובענהאַוז האָט כמעט אויסגענוצט זיין גאַנצן מאַטעריאַל. ער האָט דעריבער אַלע יענע פאָרשלאַגן, וועלכע פאַביאַן האָט פאָרגעזען אויף די שפּעטערדיקע יאָרן, אַריינגעשטעלט שוין פאַרן היינטיקן טאָג און טיילווייז פאַנטאַסטיש פאַרגרעסערט דעם פּראָגראַם. פאַביאַן האָט געערדט וועגן איבערבויען דאָס טעאַטער, ביי טאָובענהאַוזן איז פון דעם אַרויסגעקומען אַ לגמרי נייער בנין. פונעם פאָרשלאַג צו מאָדערניזירן דעם וואָקזאַל איז ביי טאָובענהאַוזן געוואָרן אַ גאַנץ נייע געביידע. דאָס איז געווען דער נייער גייסט, וועלכער האָט געגרייכט צו די גרענעצן פון מעגלעכן און אפילו אהין, ווו ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אוממעגלעכע. „ווער ס'וויל בויען אַ שלאָס, דאַרף נישט אָנהייבן פון אַ הינטישער נאָרע", — האָט טאָובענהאַוז פאַביאַנען וואָרטלעך ציטירט.

די מענטשן זענען געזעסן איינגעהאָרכט און האָבן באַוווּנדערט די לאָקנדיקע פאַנטאַזיע פונעם רעדנער, וועלכן מ'האָט פריער חושד געווען אין פּעדאַנטישקייט און קרעמערישקייט.

איצטער אָבער האָט טאָובענהאַוז ווי פון אַ שפּע־האָרן פאַנאַנדערגעשיט כלערליי רייכטימער איבער דער שטאָט. נייע פאַבריקן, נייע אינדוסטריע־צווייגן וועט ער פאַנאַנדערבויען, דאָס האַנטווערקערטום אויפסניי אויפלעבן און פאַרפולקאָמען. די צוהערער זענען געווען ווי פאַרכישופט. יאָ, דאָס איז גאָר אַן אַנדער קאָפּ אין פאַרגלייך מיט דעם פריערדיקן אָפּגעזונקענעם... דער האָזיקער מאַן האָט אַ שעפערישן מוח!

פון די רייכטימער, וועלכע וועלן שטראָמען אין דער שטאָט, וועט דאָך אַ טייל אויך אַריינפאַלן אין זייערע קעשענעס, אמת? צי עמעץ האָט הייזער אָדער נישט, צי עמעץ איז אַ פאַבריקאַנט אָדער נישט, ווען ס'וועט אויפבליען די בוי־אינדוסטריע, וועט אויפבליען אַלץ. די פרייזן פון דער ערד וועלן שטייגן, בוי־אונטערנעמער, טישלער, גלעזער, מאַלער, שלאָסער — יעדער וועט רייך ווערן. די צוהערער זענען געזעסן שטיל און נישט געטאָן קיין פּיפּס. פאַרדינען, פאַרדינען! רייך ווערן! דער באַגער צו דערווערבן אַ פאַרמעגן האָט געברענט אין אַלעמענס אויגן. רייך ווערן, היינט, מאָרגן! דאָס לעבן באַקומט איצט אַן אַנדער זין.

סטאָפּ! עפּעס האָט טאָובענהאָוז, דאַכט זיך, פאַרגעסן. ניין, נישט פאַרגעסן,
אַזאַ מענטש, ווי ער, פאַרגעסט קיינמאָל נישט. ער האָט דאָס נאָר איבערגעלאָזן
אויפן סוף: דאָס שטאָטישע געמיינשאַפט=הויז!

דאָס געמיינשאַפט=הויז? אויך דאָס איז געווען פּאַביאַנס אַ געדאַנק, אָבער
פּאַביאַן האָט דאָס שטאָטישע הויז פאָרגעשלאָגן פאַר דער צוקונפט אַלס אַ מין גרע=
מערן בירגער=קלוב. טאָובענהאָוז אָבער האָט פון דעם געמאַכט אַ בנין פון גיגאַנ=
טישער גרייס! אינעם דאָזיקן בנין וואָלטן זיך געפונען דער קלוב, די פּאַרטייען, די
ספּאָרט=פאַריינען. אַלע פּאַרטייען? עקזיסטירט דען מער ווי איין פּאַרטיי? אין דעם
דאָזיקן הויז, צוועלף שטאָק די הייך, וועט זיך געפינען אַ גרויסער קאָנצערט=זאַל,
אַ זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען, קאָנגרעסן. דער דאָזיקער בנין וועט זיין
העכער פון דער קאַטעדרע, ער וועט ווערן דער סימבאָל פון דער שטאָט, פון דער
אומגעגנט, דער סימבאָל פון אונדזער הערלעכער, גרויסער צייט!

אַ פּרויען=האַנט באַרינגלט מיט דימענטן האָט זיך אויפגעהויבן אין דער הייך,
אויך דער גאָולייטער האָט אַ הייב געטאָן די רעכטע האַנט, און תיכף איז אויסגע=
בראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן.

אָבער אויף וועלכן אָרט זאָל מען בויען דאָס שטאָטישע הויז? וואָכנלאַנג האָט
ער זיך באַראַטן וועגן דעם מיט זיינע פריינד, ביז זיי האָבן לסוף געפונען דעם אנט=
שפּרעכנדיקן פּלאַץ. אין שלאָס=פּאַרק, אין דער הייך, וווּ ס'איז הייבט דער טעמפּל
פון שלום; דאָס איז געווען אַ באַרג, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער דער
שטאָט און אומגעגנט, און דער פּרעכטיקער טעמפּל, וואָס די שטאָט האָט אויפגע=
בויט נאָך די פרייהייטס=מלחמות, האָט שוין דערפילט זיין אויפגאַבע און וואָלט
איצט געקאָנט באַצירן אַן אַנדער אָרט פון פּאַרק.

אָט דאָס איז זיין פּראָגראַם!

סטאָפּ! נאָך אַ זאַך! טאָובענהאָוז דאַרף געלט, געלט, געלט! נדבות, נדבות,
נדבות! דאָס אויסגעפּרוווטע בירגערלעכע געמיינשאַפט=געפיל מוז ווידער אויפ=
שיינען אין פולן גלאַנץ. אין זיין סעקרעטאַריאַט איז צוגעגרייט אַ רשימה פאַר די
אַלע, וואָס ווילן זיך דעקלאַרירן. קיינער זאָל זיך נישט שעמען אַריינצושרייבן, פּינקט
ווי ער, טאָובענהאָוז, וועט זיך נישט שעמען נאָכצוקאָנטראָלירן, וויפל יעדער האָט
דעקלאַרירט.

— ניין, איך וועל זיך אוודאי נישט שעמען און וועל גענוי נאָכקאָנטראָלירן,
— האָט ער אויסגעשריגן.

דערמיט האָט ער געענדיקט און זיך פאַרנייגט. לאַנגדויערנדיקע, רוישיקע
אַפּלאָדיסמענטן, דורכגעפלאָכטן מיט שטורמישע אויסרופן „הייל!“, האָבן באַלוינט
זיין רעדע.

דער גאָולייטער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז שנעל צוגעגאַנגען צו טאָובענ=
האָוזן און אים לאַנג געטרייסלט די האַנט.

## IV

„טאובענהאוז האָט געלאָזט אין באַוועגונג די גייסטיקע מאָטאָרן פון דער שטאָט! — האָבן די צייטונגען געשריבן. — טאובענהאוז האָט געעפנט די קוואַלן פון מאָראַלישן כוח פון אונדזער שטאָט!“

די רעדע איז דערשינען אין פולן טעקסט און איז אַ לאַנגע צייט געווען די טעמע פון טאָג. די רעסטאָראַנען און ווינקעלערס זענען אָפן געווען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און וועגן יעדן פּרט פון דער רעדע האָט מען היים דעבאַטירט. ס׳זענען ווי דורך אַ כישוף פאַרשוווּנדן אַלע אויסדרוקן פון מידקייט, אַפּאַטיע. מען האָט גענומען גרייטן פּראָיעקטן, מאַכן אויסמעסטונגען, קויפן, פאַרקויפן. ביי מענטשן האָט זיך דערוועקט דער אונטערנעמונגס-גייסט, אויף אַ סך גאַסן האָבן זיך באַוויזן רושטאָוואַניעס.

אַלץ איז געגאַנגען באַרג אַרויף.

מויערער און טישלער זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. כאָטש טאובענהאוז האָט בלויז צוגעזאָגט אַלדאָס גוטס און דערצו נאָך געפאָדערט נדבות, האָט זיך שוין אָבער אין דער לופט געפילט דער ריח פון געלט און דער פאַרגעניגן פון צוקונפטיקער עשירות. ס׳קומט אָן אַ פעריקלעס-עפּאָכע,* — האָט דער אַדוואָקאַט שוואַבאַך אַ באַגייסטערטער נביאות געזאָגט ביים טיש אין אַ רעסטאָראַן „דער גלאָבוס“. דעם אויסדרוק „פעריקלעס-עפּאָכע“ האָט ער איבערגעחזרט יעדן אָוונט בעתן טרינקען אַ גלעזל וויין, און אַן אַדוואָקאַט ווי דאָך סתם אין דער וועלט אַריין נישט פּלאַפּלען קיין נאַרישקייטן.

— אָבער געלט? פונוואַנען וועט טאובענהאוז נעמען געלט?

— באַ, געלט? ער קאָן האָבן אַזויפיל געלט, וויפל ער זאָל נאָר וועלן.

— וויפל ער זאָל נאָר וועלן?

— יאָ, וויפל ער זאָל נאָר וועלן.

— ווען טאובענהאוז זאָל בלויז אויספירן אַ צענטהלק פון זיין פּראָגראַם, פאַרדינט ער שוין אויך, מ׳זאָל אים שטעלן אַ דענקמאָל.

— טאובענהאוז איז אַ גאון.

---

* פעריקלעס (490—429 פאַר אונדזער צייטרעכענונג) — פירער פון דער אַטענער לייב-אייגנטום-דעמאָקראַטיע. די צייט פון זיין אָנפירונג איז געווען דער גרעסטער אויפבלי-פעריאָד פון אַטען.

דעם בירגערמייסטערס סעקרעטאריאט איז געווען באלאגערט פון מענטשן, וועלכע זענען געקומען דעקלארירן נדבות. די צייטונגען האָבן יעדן טאָג פארעפנט־לעכט די פולע נעמען פון די מנדבים.

— איך בין פון דער זאמלונג צופרידן, — האָט טאובענהאוז געזאָגט צו אַ צייטונגס־קאָרעספּאָנדענט, — דעם ערשטן מיליאָן האָבן מיר שוין דערגרייכט. איך קען אָבער נאָך אַ סך בירגער, וועלכע האָבן ביז היינט קיין אייגציקן העלער נישט דעקלארירט. איך ווארט אויף זיי. איך בין אומגעזעטיקט!

איין סוחר האָט מנדב געווען אַ הערלעכן באראָק־שאַנק פאַרן שטאָטישן מוזיי. די שאַנק איז אַ גאַנצע וואָך געווען אויסגעשטעלט אין ניקאָלאַיס יובעליר־געשעפט מיט אַ פּרעכטיק שילדל: „אַ נדבה פונעם סוחר מאָדערסאָן, טייכהאפן 18“. די פארוואַלטונג פון דער ליגע צו פארשענערן די שטאָט האָט אין „גלאָבוס“ אָפּגע־האַלטן אַ זיצונג, וועלכע האָט זיך פארצויגן ביז ווייסן טאָג. דער היסטאָריקער־פאַריין האָט איינגעאָרדנט אַן אויספלוג קיין אמזעלוויז אויף אַ גאַנצן טאָג, און דער גרויסער פּראָפעסאָר האַל, דער זעלביקער, וועלכער האָט אינעם זאַל פונעם ראָט־הויז געטראָגן דעם רעטונגס־מעדאַל, האָט אויף די מיט ווילדגראָז באוואקסענע חורבות געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן די גערמאַנישע אויסגראָבונגען.

די שטאָט האָט אויפגעלעבט, גלייך ווי טאובענהאוזס מעכטיקער אָטעם וואָלט, ווי אַ שטורעמווינט, פאַנאַנדערגעבלאָזן דאָס פייער פון די נאָך טליענדיקע קוילן.

אין אַלע קרייזן, באזונדערס צווישן פרויען, פלעגט מען אָפט דערמאָנען פאַ־ביאַנס נאָמען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער סענסאַציאָנעלער רעדע. אוודאי האָט מען שוין עפּעס געוווּסט. „דער דאָזיקער עלעגאַנטער הער, איר ווייסט דאָך, וועל־כער האָט פּרעכטיק חתונה געהאַט און פירט אַן אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע. טאָמער דאַרפט איר עפּעס, — גייט צו אים. נישטאָ אין שטאָט נאָך אַזאַ פּיקח!“

אין איינעם פון די ערשטע טעג נאָך דער רעדע האָט זיך ביי פאַביאַנען שוין אויך באוויזן די פרוי פאָן טינען, כדי אים צו גראַטולירן מיטן גרויסן דערפאָלג.

— יאָ, ביי גאָט, וואָסער איבערראַשנדיקער, אָבער דורך און דורך פאַרדינ־טער דערפאָלג! מיר זענען שטאָלץ מיט אייך, מיין פריינד, און באזונדערס קלאָ־טילדע! זי קען זיך גאָרנישט אָפּלויבן וועגן אייך!

פאַביאַן האָט מיט גרויס באַשיידנקייט אָפּגעפרעגט די גראַטולאַציעס.

— מענטשן ווייסן דעם אמת, מיין חשובער פריינד, — האָט די באַראָנעסע פאַרזיכערט, שמייכלענדיק און קאָמיש צוזשמורענדיק מיט אירע קליינע לוסטיקע אייגעלעך. — ס׳איז, נאַטירלעך, געווען אייער פליכט צו אינספּירירן טאובענהאוזן, כ׳פאַרשטיי. ער אַליין האָט דאָך אין אַזאַ קורצער צייט נישט געהאַט די מעגלעכקייט געניי זיך צו באַקענען מיט דער שטאָט, אמת? למשל, דאָס געמיינשאַפט־הויז, אויב בלויז דאָס אַליין צו דערמאָנען, וואָסער געניאַלע אידעע!

פאביאן האָט א שמייכל געטאָן. ער האָט דערקלערט, אז פונעם צוועלפשטאָ-
קיקן געמיינשאפט-הויז האָט ער ערשט פון דער רעדע זיך דערוווסט.

די בראָנעסע האָט אים אויסגעלאכט.

— איר זענט צו באשיידן, מיין ליבער, — האָט זי אויסגערופן, — אך! ווען אלע מענטשן וואָלטן געווען אזעלכע אידעאליסטן, ווי וווּנדערבאר דאָס וואָלט געווען, וואָסער ברכה פאַר אונדזער פאָטערלאנד! דער בלויזער געדאַנק, אז איר דינט דער גרויסער זאך פון דער געמיינשאפט, איז שוין פאר אייך א גענוגנדיקע באַלוינונג. דער דאָזיקער צוגאנג אייערער פארדינט אויף פולער אכטונג. זאָל דער גרויסער דערפאָלג אייך צוגעבן חשק פאר נייע אויפטוען לטובת אונדזער געליבט פאָטער-לאַנד! אויף ווידערזען, איך מוז זיך צואיילן. מיין ארבעט אין פרויען-פאריין פאר-שאַפט מיר אַ סך קלאָפּאָטן און מי, אָבער איך פיל זיך גליקלעך.

פאַביאַן האָט יעדן טאָג דערוואַרט עפּעס אַ ידיעה פון טאובענהאוז. אָבער טאובענהאוז האָט געשוויגן, ער האָט לעת-עתה נישט געהאט קיין צייט. דער גאוליי-טער איז נאָך געווען אין שטאָט און מ'האָט אים יעדן טאָג געזען פאָרן אין אויטאָ דורך די גאסן. פארן „שטערן" זענען אַלץ נאָך געשטאַנען די קובליעס מיט די לאָרבער-ביימלעך, ווי בשעת א חתונה, און דער האָטעל איז געווען באַלויכטן גאַנ-צע נעכט ביזן פרימאָרגן. דער גאולייטער האָט ליב געהאט מיטאָגן, סעודות און באַנקעטן. מ'האָט געוווסט, אַז ער האָט זיך געקאָנט באגיין כמעט אָן שלאָפן.

לסוף איז פאַביאַן געוואָרן אומרואיק. ער פלעגט אָפטער ארײנפאלן אין ביו-ראָ און פרעגן זיך, צי ס'איז פאראן עפּעס וויכטיקס? ס'איז אָבער נישט געווען קיין שום באַדייטנדיקס. אויך אין ביוראָ האָט ער נישט געפונען קיין רו. ער פלעגט כסדר עפּעס פארגעסן און ווידער ארויסלויפן.

מיט אַ באַזונדער התמדה האָט ער זיך פאַרנומען מיט זיינע לויפנדיקע ענינים. ער האָט אָפּגעהאלטן א ריי קאָנפערענצן מיט די ברידער שעלהאמער, און בעת די לאַנגע אונטערהאנדלונגען האָט ער זיך באמיט אויסצוקעמפן די הויכע רענטע, וועלכע די פרוי בעאטע האָט געפאָדערט. ער האָט אויך אָפט געמוזט פעהזענלעך זיך פאַרשטענדיקן מיט דער פרוי בעאַטע, ווייל אַזעלכע דעליקאַטע ענינים לאָזן זיך נישט דערליידיקן דורכן טעלעפאָן. אין דער אמתן אָבער פלעגט ער אזוי אָפט קימען, כדי ווידער זיך צו זען מיט קריסטען. זי איז שטענדיק צו אים געווען פריינדלעך, האָט פריילעך און חבריש מיט אים געפלאפלט און פלעגט אים באגעגענען מיט איר האַרציקן, הנעוודיקן שמייכל, וואָס האָט אים שעהנלאנג פאַרפאָלגט. זי פלעגט איצט אָפט רויטלען זיך, ווען זי פלעגט אים דערזען.

וועגן זייער שמועס אין קאַפע „רעזידענץ" האָט מען קיין וואָרט מער נישט גערעדט. פאַביאַן האָט אויך נישט דערמאָנט וועגן קריסטעס שילדערונג פון דער הייליקער מעסע אין פאַלמאַ דע מאַלאָרקאַ, הגם ער האָט זי ביז היינט נישט פאַרגעסן, און אויך נישט די רויזן, וואָס ער האָט איר געשיקט. אָפט פלעגט אים

באַהערשן אַ פֿאַרלאַנג אַ ביסל לענגער מיט איר צו שמועסן, אָבער לעצטנס האָט ער זיך געפֿילט צופֿיל דענערווירט.

איינמאָל האָט קריסטע אים פֿאַרשגדיק באַטראַכט און צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ געזאָגט:

— כ'האָב דעם איינדרוק, אַז לעצטנס זענט איר עפּעס שטאַרק אויפֿגערעגט, מיין פֿריינד.

פֿאַביאַן האָט אַ שמייכל געטאָן.

— כ'וויים, — האָט ער געזאָגט, — כ'האָב זיך די לעצטע טעג אַ ביסל אָנגעשטרענגט. אָבער בקרוב וועל איך באַקומען אַ טיכטיקן אָנגעשטעלטן פֿאַר מיין ביוראָ, וועלכער וועט מיר אָנטלאַסטן. דאַן וועט אַלץ ווידער זיין גוט.

— לאָמיר האָפֿן, אַז די דאָזיקע הילף וועט נישט לאָזן אויף זיך לאַנג וואַרטן, — האָט קריסטע געזאָגט שמייכלענדיק.

דער וואַרעמער טאָן פֿון איר שטימע האָט דערפֿרייט זיין האַרץ.

* * *

— נאָך אַלץ נישטאָ קיין שום ווירטיקעס?

— ניין, נישטאָ, סאַמע קלייניקייטן.

ער האָט אַפֿילו געפֿונען פֿרייע צייט אַרויסצופֿאָרן אויף אַ שעה קיין אַמזעלוויז, כדי צו כאַפּן אַ שמועס מיטן מעדיציניִשן ראַטגעבער פֿאַלע.

— עס שאַפֿן זיך ביי מיר נייע קאָנטאַקטן, — האָט ער געזאָגט, באַמיענדיק זיך צו טרייסטן דעם אַלטיטשקן. ער האָט זיך אָבער דערביי פֿאַרהויטלט און איי־בערגעריסן. ער האָט נישט געוואָלט דערוועקן אין אים קיין פֿאַלשע האָפֿענונגען. — לעצטנס האָב איך אָנגעבונדן ענגערע באַציונגען מיט טאַובענהאַוזן, — האָט ער פֿאַרגעזעצט, — און איך האָף, אַז אַצינד וועט זיך מיר איינגעבן שנעלער צו גע־פֿינען אַן אונטערשטיצונג פֿאַר אייער ענין. געדולד און מוט — אָט וואָס איך וויל אייך בעטן.

ס'איז באמת לייכט געווען צו פֿאַרלירן די נערוון. צי האָט ער במשך פֿון גאַנצע צוויי וואָכן אומזיסט זיך באַמיט אויפֿצובויען „די שטאָט מיט די גאָלדענע טורעמס"?

אויך וואָלפֿגאַנג האָט פֿון זיך גאָרנישט געלאָזט הערן. ווען פֿאַביאַן האָט צו אים אָנגעקלונגען, פֿלעגט ער אים ענטפֿערן קורץ און כמעט האַרב.

— איך מאַטער זיך מיט דער פֿאַרשאָלטענער סקולפּטור „דער, וואָס רייסט די קייטן", — האָט ער אַריינגעשריגן אינעם אַפּאַראַט און אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

לסוף איז פּאַביאַנען געלונגען אים איינצולאַדן אויף טיש אין „גלאָבוס“. וואָלפגאַנג האָט אָבער דעם גאַנצן אָוונט געשוויגן און געווען אין אַ שלעכטער שטימונג, הגם די קאַרפּן זענען געווען אויסגעצייכנט.

— טרינקסט עפּעס היינט איינגאַנצן נישט, וואָלפגאַנג, — האָט זיך פּאַביאַן געקלאָגט.

וואָלפגאַנג האָט אויף אים אַ וואָרף געטאָן אַ שאַרפן און קאַלטן בליק, וואָס האָט אַזש אַ שלאָג געטאָן.

— באַרואיק זיך, — האָט ער אַ מרוקע געטאָן, — כ'וועל היינט זיך אָנ־שיכורן, שוין בלויז פון פּאַרדראָס, וואָס מיין ברודער נעמט אָנטייל אין דער דאָ־זיקער קאָמעדיע!

פּאַביאַנען האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין.

— איך מוז דיר אָפן זאָגן, וואָלפגאַנג, — האָט ער אָנגעהויבן, — אַז איך האָב אַזוי פאַרעקשנט צו דיר געקלונגען, ווייל איך האָב דערוואַרט אָט דאָס גע־שפּרעך, ווייל עס זעט מיר אויס צו זיין נויטווענדיק.

— און איך, — האָט וואָלפגאַנג אויסגערופן, און זיינע אויגן האָבן גע־פינקלט, — איך בין איבערהויפּט נאָר צוליב דעם אַהערגעקומען, כדי צו באַקומען פון דיר אַן אויפקלערונג בנוגע דער ענדערונג פון דיינע אָנשויונגען.

— דער ענדערונג פון מיינע אָנשויונגען? — פּאַביאַן האָט געשמייכלט. — כ'האָב אויף קיין האָר נישט געענדערט מיינע אָנשויונגען. כ'בין כסדר דער זעלבי־קער. ס'האַנדלט זיך וועגן אַ פאָרמאַליטעט.

— וועגן אַ פאָרמאַליטעט?

וואָלפגאַנג האָט אַ קוק געטאָן מיט גליענדיקע אויגן אויף פּאַביאַנען.

— יאָ, נישט מער.

וואָלפגאַנג האָט דאָך נישט פאַרגעסן, אַז פּאַביאַן מוז אויסהאַלטן אַ ווייב מיט צוויי זין. פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט מען אים באַזייטיקט, אַלס אַד־וואָקאַט האָט מען אים גענומען באָיקאָטירן. ער האָט געמוזט אַריינטרעטן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין קעגנפאַל וואָלט זיין מאַטעריעלע לאַגע געווען אַ געהתמעטע. הייות ער איז אַן אָפיצער, האָט מען פון אים פאַר־לאַנגט, ער זאָל זיך אָנשליסן צו אַ מיליטערישער אָרגאַניזאַציע.

— פאַרגעס נישט, וואָלפגאַנג, וועגן דעם אַלעם, איידער דו טראָגסט אַרויס אַן אורטייל, — האָט פּאַביאַן געענדיקט. — ס'איז שוין געווען די העכסטע צייט זיך צו אַנטשליסן. אין דריי וואָכן אַרום וואָלט מען מיר פאַרמאַכט די קאַנצעלאַריע.

דער סקולפּטאָר האָט געקנייטשט זיין סערוועטקע און אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. ער איז געוואָרן טונקל־רויט פון כעס און די פורפּור־רויטע פאַרב איז אים אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אין פּנים.

— אַוודאי זענען דאָס שאַנטאַזשיסטן, — האָט וואָלפֿגאַנג געקריצט מיט די ציין. — פֿונדעסטוועגן. אויך אין דער קונסטשול האָט מען אַריינגעזעצט אַ נייעם דירעקטאָר, אַ געווויסן זאַנפּטלעבן, אַ מאַלאַנמלאָזן שמירער. — האָט ער פֿאָרגעזעצט און זיין שטימע איז פֿון אויפֿגערעגטקייט קוים געווען פֿאַרשטענדלעך, — און דער דאָזיקער גייער פֿאַרשוין האָט אָפּט גענומען מאַכן לגבי מיר דייטלעכע אָנצוהערענישן. אָבער איך מאַך מיך טויב. זאָל מען מיר אָפּזאָגן, ביטע זייער! מיר איז דאָס לגמרי גלייכגילטיק, כ'וועל אַוועק אַרבעטן אין אַ פֿאַרצעליי־פֿאַבריק פֿאַר דריי הונדערט מאַרק און די וועלט וועט דערפֿון נישט אונטערגיין.

פֿאַביאַן האָט אָפּגעאָטעמט. דאָס ערגסטע איז שוין פֿאַרביי.

— פֿאַר דיין פֿאַך זענען צום גליק פֿאַראַן פֿאַרצעליי־פֿאַבריקן. חוץ דעם דאַרפֿסטו נישט זאָרגן פֿאַר אַ ווייב און קינדער, — האָט ער אָפּגעענטפֿערט. — דיין לאַגע איז אַלזאָ אַ פֿיל גינסטיקערע.

גאָט צו דאַנקען, די געפֿערלעכע רויטקייט איז ביסלעכווייז פֿאַרשוווּנדן פֿון וואָלפֿגאַנגס פּנים.

דער סקולפּטאָר האָט פֿאַרדרייכערט אַ „ווירגיניאַ“.

— פֿראַנק, — האָט ער גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן, — פֿראַנק, כ'וואָלט פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט צוליב פּאָליטישע מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן פֿאַרלירן מיין איינציקן ברודער; כ'וויל זאָלסט מיך ריכטיק פֿאַרשטיין. כ'קאָן דיך זייער גוט און כ'ווייס, אַז דו וועסט נישט טאָן אָדער אַקצעפּטירן קיין שום אומרעכט. אַמאָל האָסטו געוואָלט ווערן אַ גלח און קיין שום זאַך אין דער וועלט האָט דיך נישט געקאָנט דערפֿון אָפּהאַלטן. אָבער ווען דו האָסט זיך איבערגעלייגט, האָסטו אַליין דערפֿון רעזיגנירט. היינט זאָג איך ווידער צו זיך אַליין: לאָז אים צורו, ער וועט זיך ווידער מיישב זיין און רעזיגנירן, פּונקט ווי דעמלט.

פֿאַביאַן האָט אויסגעשטרעקט דעם ברודער די האַנט.

— אויף דעם קאָנסטו רעכענען! — האָט ער געזאָגט, — אָבער אין דעם פֿאַל וועלן מיר וואַרטן אַ פּאָר יאָר, וואָלפֿגאַנג. און אפשר, ווער ווייסט, וועסטו אַמאָל אויף די דאָזיקע זאַכן אַנדערש קוקן? מעגלעך, אַז דאַסמאָל וועסטו זיין דער, וועלכער וועט זיך איבערצייגן.

וואָלפֿגאַנג האָט זיך צעלאַכט.

— איך שטעל פֿעסט, אַז נישט איינער איז שוין משוגע געוואָרן, — האָט ער אָפּגעענטפֿערט. — גוט. אין עטלעכע יאָר אַרום וועלן מיר ווידער שמועסן. אָבער איצט לאָמיר רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. לאָמיר לאָזן צורו דעם דאָזיקן פּאָליטישן אומזין, וועלכער וועט ביסלעכווייז פֿאַרוואַנדלען גאַנץ דייטשלאַנד אין אַ משוגעים־הויז. לאָמיר ליבערשט רעדן וועגן דער הערלעכער „העלדנבריק“ פֿון הער טאַובענהאַוז. נאָך היינט פּלאַץ איך פֿון געלעכטער, ווען כ'טראַכט וועגן זיין גראַנדיע=

זער בריק. פרידריך דער גרויסער און די גערמאַנער מיט די בערנפעלן און פלע־קענער, כאַ־כאַ־כאַ!

ער האָט געלאַכט אַזוי הויך און האַרציק, אַז די געסט אויפן זאַל האָבן זיך אומגעקוקט.

— ווי גרויס דאַרף אייגנטלעך זיין די האָזיקע „העלדן־בריק"? — האָט ער געלאַכט. — אַ מייל די לענג, הדריי מיילן? בכלל האָט דער דאָזיקער טאַובענהאַוז פאַרגעזן פאַר דער שטאָט נישט געשטויגענע זאַכן און איר אויסגעכישופּט פאַטיאָמקינישע דערפער.

— מיינסטו נישט, אַז קודם־כל האָט ער געשטרעבט אַרויסצושלעפּן די ביר־גער פון זייער מוטלאָזיקייט און אויפוועקן זיי צו אַ נייעם לעבן?

וואָלפגאַנג האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכן, און פאַביאַן האָט באַשטעלט נאָך אַ פלאַש וויין.

שפּעט ביינאַכט האָבן זיי פאַרלאָזט דעם „גלאָבוס" און זיך צעשיידט ווי פריינד און ברידער.

אויף צומאָרגנס נאָך דער שלום־סעודה איז פאַביאַן שפּעט געקומען אין ביו־ראָ. ווען ער האָט געהאַלטן אין אויסטאָן דעם מאַנטל, האָט מען אים גערופן צום טעלעפאָן.

טאַובענהאַוז בכבודו ובעצמו האָט געוואָלט מיט אים רעדן. און פאַביאַן האָט אַזש אַ ציטער געטאָן פון פרייד, ווען ער האָט דערקענט זיין קול. טאַובענהאַוז האָט געבעטן, אַז ער זאָל תיכף צו אים קומען.

פאַביאַן איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פריינדלעכקייט. דער בירגער־מייסטער איז שוין נישט געווען אַזוי בלאַס, עס האָט זיך אים געשטעלט די פאַרב אין פּנים, די אויגן זענען געווען פאַרוויטלט און עטוואָס אַנגעשוואָלן.

— כ'האָב ליידער פריער נישט געפונען קיין צייט, — האָט טאַובענהאַוז אָנגעהויבן, — כ'וויל אייך אָבער בקיצור זאָגן, אַז כ'בין פון אייך אויסערגעוויינלעך צופרידן. דער הער גאַולייטער האָט זיך אויסגעדריקט מיט גרויס אָנערקענונג וועגן דער רעדע און מיינע פּלענער. דער הער גאַולייטער האָט אויך אויסגעדריקט זיין ווונטש פערזענלעך מיט אייך זיך צו באַקענען ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט.

פאַביאַן האָט זיך פאַרנייגט.

— ער האָט מיר באַפוילן אייך דאָס צו זאָגן, — האָט טאַובענהאַוז פאַר־געזעצט. — איצטער האָב איך באַשלאָסן פאַר אַלע פּלענער, וואָס שייך דער שטאָט, צו אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע צענטראַלע, אין וועלכער ס'וועלן געזאַמלט און באַ־אַרבעט ווערן אַלע אַלטע און נייע פּראָיעקטן. אַחוץ דעם, מוז איך אייך זאָגן, אַז דער גאַולייטער האָט מיט צופרידנקייט באַגריסט מיין פּראָיעקט איבערצובורקירן די גאַנצע שטאָט. — טאַובענהאַוז האָט זיך צעשמייכלט. דער איצטיקער ברוק, —

האָט ער געזאָגט, — האַמעוועט די שנעלקייט פון די אויטאָס און טויג זיך נאָר פאַר די, וועלכע האָבן קלאָען אָנשטאָט קאַפּיטעס.

איצט האָט זיך פאַביאַן אויך צעשמייכלט.

מורא האָבנדיק, אַז ער ווערט צופיל פאַמיליאַריש, איז טאַובענהאַוז ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ טרוקענעם דינסטלעכן טאָן.

— פאַר דער דערמאָנטער אויפבוי-צענטראַלע, ווי כ'וויל זי אָנרופן, — האָט ער געזאָגט, דאַרף איך האָבן אַ מענטש, וואָס זאָל פאַראייניקן אין זיך אי אַרבעטזאַמקייט אי דערפינדערישקייט, דאָס קאָן קיינמאָל ניט שאַטן, אמת? און דאָס איז דער הויפּט-באַדינג. ער מוז אויך באַזיצן מער ווייניקער יורידישן וויסן און געוויסע דיפּלאָמאַטישע פעיקייטן. אַזאַ איינעם איז נישט לייכט צו געפינען, דאָס וועט איר אַליין אָנערקענען. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אים פונדעסטוועגן געפונען. — ווידער האָט אַ שאָטן פון אַ שמייכל געשוועבט אויף זיינע ליפּן, און ער האָט פאַרגעזעצט. — אייך מאַקע, הער דאָקטאָר פאַביאַן, האָב איך באַשטימט אַלס לייטער פון דער אויפבוי-צענטראַלע.

פאַביאַן האָט אַרויסגעמורמלט זיין דאַנק און זיך פאַרנייגט.

טאַובענהאַוז האָט גענומען אַ טעטשקע מיט אַקטן און דערמיט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער שמועס איז געענדיקט.

— פון היינט אָן וועט איר איבערנעמען די לייטונג פון דער אויפבוי-צענטראַלע, — האָט ער פאַרענדיקט. — כ'וואָלט וועלן, אַז דאָס ביוראָ זאָל זיין ספּעציעל רעפּרעזענטאַטיוו איינגעאָרדנט, קודם-כל דער אויפנעם-זאַל. רעפּרעזענטאַטיווקייט — איז די וויכטיקסטע זאַך אין לעבן! אויף אַן אָנהייב וועט אייך גענוגן זעקס ביז צען שטובן, וועלכע מוזן זיך געפינען אינעם שענסטן קוואַרטאַל פון שטאָט. איר קאָנט אייך צוקלייבן אַזאַ צאָל מיטאַרבעטער און געהילפן, וויפל ס'וועט אייך נייטיק זיין. אין אייער רשות וועט איר האָבן אַ דינסטלעכן אויטאָ, און אין נייטיקע פאַלן — צוויי. אין אַכט טעג אַרום בעט איך מיר אָפּצוגעבן אַ באַריכט. איך האָף אויף אַ גוטע צוזאַמענאַרבעט.

פאַביאַן האָט געדאַנקט און איז אַרויסגעגאַנגען. ער איז געגאַנגען ווי אַ באַנומענער, און זיינע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין די קאָרידאָרן. דאָס איז געווען אַ דערפאָלג. דאָס איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג! ער איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון אַ פילצוזאָגנדיקער קאַריערע, ער האָט דאָס געפילט מיט זיין גאַנצן וועזן, נאָר ער איז נאָך נישט געווען אימשטאַנד דאָס אַלץ צו באַטראַכטן.

אויף צומאָרגנס האָבן די צייטונגען איבערגעגעבן פּרטים וועגן דער אויפבוי-צענטראַלע, און אַז פאַביאַן איז דער לייטער.

שונאים און נישטפאַרגינער זענען נאַטירלעך פאַראַן אומעטום אויף דער וועלט. אַזוי האָט פאַביאַן אין עטלעכע טעג אַרום געפונען אויף זיין שרייבטיש

אַ געהיימנישפולן בריוו, און ער האָט זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן נישט זיין זין און נישט פון וועמען ער איז.

דער בריוו, געשריבן אויף אַ שרייבמאַשין, האָט אַנטהאַלטן בלויז איין שורה, וואָס האָט געקלונגען: „אויך דו, מיין זון, ברוטוס?“ *

די אונטערשריפט איז געווען „דער אומבאַקאַנטער זעלנער“.

אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך! פאַביאַן האָט דעם געהיימנישפולן בריוו אַריינגעוואָרפן אין קויש אַריין.

## V

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט פאַביאַן זיך גענומען צו דער אַרבעט. ס'האָט זיך געהאַנדלט קודם־כל וועגן געפינען אַ רעפּרעזענטאַטיוו הויז, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן טאַובענהאַוזס ווונטש. „אין אַכט טעג אַרום בעט איך אייך מיר אָפּצוגעבן אַ באַריכט“. אין זיין ביוראָ האָט מען אים זעלטן געקאָנט זען, און ווען ער פלעגט שוין יאָ אַריינפאַלן, איז אויף געציילטע מינוטן. פרײַלין צימערמאַן האָט איבערגעלעבט שווערע טעג.

— כ'וואָלט געוואָלט רעדן מיטן דאָקטאָר פאַביאַן.

— דאָקטאָר פאַביאַן איז אַקוראַט נישטאָ.

— פאַרנאָטירט, כ'בעט אייך, אַז פרוי בעאַטע לערכע־שעלהאַמער האָט צו אים געקלונגען.

— ביטע זייער.

פרוי בעאַטע האָט געקלונגען צו אים יעדן טאָג, אָבער פאַביאַן איז אַלץ נישט געווען אין ביוראָ. יעדן טאָג פלעגט ער אָפּנעמען דאַפּאָרטן וועגן אירע טעלעפאָנען, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות איז קיינמאָל נישט געקומען דערצו, אַז ער זאָל צו איר אָנקלינגען.

לסוף האָט בעאַטע פאַרלוירן דאָס געדולד.

— נישטאָ אין ביוראָ? זאָגט, כ'בעט אייך, דעם דאָקטאָר פאַביאַן, אַז כ'וועל זיין געצוווּנגען צו נעמען אַן אַנדערן אַדוואָקאַט, אויב ער וועט זיך מיט מיר נישט פאַרשטענדיקן. ס'זענען פאַראַן נאָך אַנדערע אַדוואָקאַטן אין שטאָט. כ'בעט אייך אויך אים מיטצוטיילן, אַז אינקורצן מאַך איך אַ רייזע קיין אויסלאַנד. אויב ער וויל מיך נאָך זען, איז שוין די העכסטע צייט.

---

* „אויך דו, ברוטוס“ — מיט די דאָזיקע ווערטער האָט צעזאַר זיך געווענדעט צו ברוטוסן בעת דעם אַטענטאַט אויף אים.

אַלץ איז געווען אָנגעשריבן שוואַרץ אויף ווייס אינעם נאָטיץ־ביכל אויף זיין שרייבטיש.

— פּאַרגעסן, פּאַרגעסן, פֿרייליין צימערמאַן. קלינגט צו איר תּיכּף אָן. מאָרגן פֿינף אַזייגער בין איך צו איר דיספּאָזיציע.

אַזוי איז עס פּלוצלינג געשען, הגם ער האָט אייגנטלעך נישט געהאַט קיין צייט. דאָס וואָרט „אויסלאַנד" האָט אויף אים אָנגעיאָגט אַן אמתן פּחד.

איינגעהילט אין זיין מאַנטל, איז ער שנעל געגאַנגען הורכן שלאָס־פּאַרק. דער וועטער איז געווען אַ האַרבסטיקער. די לינדן־אַלייע איז געווען געל און ברוין. ער האָט צומאָל נישט געהערט זיינע אייגענע טריט, אַזוי דיק איז געווען דער טעפּיך פֿון די וועלקנדיקע בלעטער אויפֿן וועג. דער גרינער געבלעטער פֿון די קרוינען איז שוין געווען שיטער און אויף אַ סך ערטער אינגאַנצן אַראָפּגעפֿאַלן. ווי אומבאַמערקט פֿאַר אים איז שוין געוואָרן שפּעטער האַרבסט. פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט, האָט ער לעצטנס פֿאַרגעסן אַפֿילו אין קריסטען. ערשט ווען פֿונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן דאָס הויז פֿון די שעלהאַמערס, האָט ער געפּרוווט צונויפֿנעמען די געדאַנקען.

ער האָט די פֿרוי בעאַטע פֿאָרזיכטיק געמוזט צוגרייטן דערצו, אַז די אונטערהאַנדלונגען מיט אירע ברידער זענען לעת־עתּה געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פּונקט. ביידע ברידער האָבן פּלוצים פֿאַרנומען אַ קילע, אויסמיידנדיקע שטעלונג. אין אַזעלכע פֿאַלן איז צום טאַקטישסטן אַרויסצווייזן געדולדיקייט. לכתּחילה האָבן די ברידער אים פֿאָרגעלייגט אַן אַנטשעדיקונגס־סומע, וועלכע האָט פֿאַביאַנען איבעראַשט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן זיך נישט אַריינלאָזן אין לאַנגע דינגענישן. צוליב דעם האָט ער פֿאָרגעשלאָגן דער פֿרוי בעאַטע, זי זאָל אויך פֿאָדערן אַ רענטע. זי האָט געהאַלטן די האָזיקע לעזונג פֿאַר אויסגעצייכנט. אָבער אירע פֿאָדערונגען זענען געשטיגן פֿון טאָג צו טאָג.

— זייט גאָר נישט צו ווייך, מיין פֿריינד, — האָט זי געזאָגט, — קיין שום רחמנות אויף די צוויי גנבים, וועלכע ווילן אָנהענגען אויף זייערע אָנגעבלאָזענע ווייבער נאָך מער פּוטערס און בריליאַנטן! כ'וועל זיי נישט שענקען קיין איינציקן העלער. ווען מיליאָנערן לייגן פֿאַר איין טאָלער, דאַרף מען פֿון זיי פֿאַרלאַנגען אַ טאָן גאָלד. איז אָט פֿאָדערט טאַקע אַ טאָן גאָלד. איר זענט בלויז מיין אַדוואָקאַט און האָפֿט זיך לגמרי נישט שעמען. איך וועל דערמאַלט איינאָרדענען אַ יתומים־הויז מיט הונדערט בעטלער, זיי זאָלן זען, אַז איך בין נישט אַזאַ גייציקע, ווי זיי און זייערע ווייבער.

צוליב דער הויכער רענטע, וואָס פֿרוי בעאַטע האָט געפֿאָדערט, זענען צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן די אונטערהאַנדלונגען. „כ'מוז געפֿינען אַן אַנדער וועג, כּדי צו רירן דעם ענין פֿון אָרט", — האָט פֿאַביאַן געטראַכט.

ער האָט אָנגעקלונגען.

— אָ, ווי לאַנג איך האָב אייך נישט געזען! — האָט קריסטע אויסגערופן, בעת זי האָט זיך מיט אים געגריסט, און ווידער האָט אַ צאַרטע רויטקייט בליצשנעל אויסגעגאָסן זיך אויף אירע באַקן. די פרוי בעאַטע האָט אים דאַקעגן אויפגענומען מיט העפטיקע פאָרווורפן.

פאַביאַן האָט שמייכלענדיק געפרוווט זיך צו פאַרענטפערן:

— ביי מיר איז איצטער אַן אמתער גיהנום, — האָט ער וויצלדיק געזאָגט, — די אונטערהאַנדלונגען מיט אייערע ברידער זענען לייַדער צייטווייליק איבערגעריסן, איך מיין אָבער, אַז צו יעדער צייט וועלן זיי זיך לאָזן באַגייען.

— ניין! — האָט פרוי בעאַטע אים שאַרף איבערגעריסן. — די אונטערהאַנדלונגען זענען פאַרענדיקט! נישטאָ מער קיין אונטערהאַנדלונגען. כ'האָב דאָס גענוג, מער ווי גענוג! ביטע, קומט אַריין ווייטער.

זי האָט פאַרמאַכט די טיר און געבעטן אים זיך אַוועקצוזעצן.

— ס'איז נייטיק ווי אַמשנעלסטן צו שליסן דעם אָפמאַך, מיין חשובער פריינד! — האָט זי אויסגערופן.

זייער זאַכלעך און קלאָר, ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין אַלץ גענוי דורכגעטראַכט, האָט זי צוגעגעבן:

— זייט מסכים אויף דער אַנטשעדיקונג, וועלכע מיינע ברידער האָבן אייך לעצטנס פאָרגעשלאָגן. פרווט עווענטועל הערגרייכן אָנשטאָט אַ רענטע אַ גרעסערע סומע אָפטערעטגעלט, איר פאַרשטייט? איבעריקנס, ווען ס'וועט זיך אייך פאָרט נישט איינגעבן צו באַקומען די הוספה, באַפולמעכטיק איך אייך, שוין אָן שום טענות צו אַקצעפטירן זייער לעצטנס פאָרגעשלאָגענע סומע. דאָס איז אַלץ.

זי האָט אָפגעאָטעמט פון צו האַסטיקן רעדן.

— איך וויל נישט קיין רענטע! — האָט זי נאָך אַ פויזע פאָרגעזעצט. — ווייל איך וויל נישט מער האָבן צו טאָן מיט דער פאַבריק. דערקלערט דאָס מיינע ברידערלעך גאַנץ אָפן. איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס די דאָזיקע גנבים האָבן געוואָלט פון מיר אומבאַדינגט פטור ווערן. כ'וועל אייך דאָס באַלד אויפקלערן. כ'בעט דיך, קריסטע, מאַך צו די טיר פון דער טעראַסע, ס'ווערט קאַלט. ברענג מיר דעם וויג־שטול, דאָרטן ליגן מיינע ציגאַרן.

קריסטע האָט צוגעמאַכט די טיר, וועלכע האָט געפירט צום גאָרטן. געלע און ברוינע פייכטע בלעטער זענען געלעגן אויף דער טעראַסע. אין צימער איז פלוצלינג טונקל געוואָרן.

פרוי בעאַטע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן וויג־שטול, וועלכע איז געווען שוין אַלט און אָפגענוצט און האָט זיכער געשטאַמט נאָך פון איר מוטער. זי האָט פאַררייכערט אַ ציגאַר, און לייכט וויגנדיק זיך אין שטול האָט זי אָנגעהויבן:

—און איצטער מעגט איר הערן, ליבער פריינד, וואָס ס'האָט מיך דערצו באַוויגן. איך וועל אייך גאַנץ רואיק דערציילן.

— זאָלסט נאָר ווידער זיך נישט אויפרעגן, מאַמאַ, — האָט קריסטע געבעטן.

פרוי בעאַטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און רואיק געוויכערט.

— אויף קיין פאַל, אויף קיין פאַל! — האָט זי געזאָגט. — איך האָב דאָס שוין גובר געווען.

אַ געוויסן טאָג איז זי געפאָרן אין די פאַבריקן, כדי צו לאָזן דורכקוקן איר גרויסן אויטאָ. דער אינזשעניער, וועמען זי האָט, ווי שטענדיק, אָנפאַרטרויט איר מאַשין, איז געווען שטאַרק באַשעפטיקט און מ'האָט איר געראַטן גיין אין דער האַלע נומער 6. אין דער האַלע נומער 6 האָבן זיך געפונען אַ סך מענטשן, אינזשעניערן און טעכניקער, געווען אויך עטלעכע פרעמדע אָפיצערן. אַלע זענען געשטאַנען אַרום עפּעס אַ וואָגן און היים דעבאַטירט.

— ווייסט איר, ליבער פריינט, וואָסער וואָגן דאָס איז געווען?

זי האָט נישט געגלויבט אירע אייגענע אויגן. דער האָזיקער וואָגן איז געווען זייער נידעריק און האָט נישט געהאַט קיין רעדער, ער האָט זיך באַוועגט אויף קייטן! זי איז געבליבן פאַרשטאַרט! דאָס איז געווען אַ טאַנק!

— דאָס איז געווען אַ טאַנק! — האָט די פרוי בעאַטע אין גרויס אויפרעגונג אויסגעשריגן און זיך אַ הייב געטאָן פון איר וויגשטול. זי האָט אַרויסגענומען פון שענקל אַ קרישטאָלענע קאַראַפקע און זיך אָנגעגאָסן אַ דאָפּלטלע פּאָרציע קאָניאַק.

— לסוף האָט זיך מיר איינגעגעבן צוצורופן דעם אינזשעניער, — האָט פרוי בעאַטע ווייטער פאָרגעזעצט, שפּאַנענדיק אַהין און צוריק איבערן צימער, און געסטאַרעט זיך אויסצובאַהאַלטן איר אויפרעגונג.

„דאָס איז אַ טאַנק“? — האָט זי אים געפרעגט. — „איר ווילט פירן מלחמה?“. און דער שוטה האָט זיך צעלאַכט גלייך אין איר פּנים אַריין. ניין, דאָס איז בלויז זייער לעצטע מיליטערישע ליפערונג. זיי האָבן באַקומען אַ באַשטעלונג אויף צוויי הונדערט אַזעלכע טאַנקען. „איר ווילט אַלזאָ פירן מלחמה?“ — האָט פרוי בעאַטע איבערגעחזרט. „ווען מיליטער באַוואָפנט זיך, באַדייט דאָס נאָך ווייט נישט, אַז מ'וויל פירן מלחמה“ — האָט איר דער טיפּש געענטפערט. פרוי בעאַטע האָט זיך צעלאַכט. „אַזוי מיינט איר? די אַלע זאַכן קען איך נאָך פון וועלט־קריג. מ'דערציילט אייך ליגנערישע מעשיות, און איר, שוטים, גלויבט אין זיי. וואָס זענען דאָס פאַר אַן אָפיצערן?“ דער אינזשעניער האָט איר מער נישט געענטפערט.

פרוי בעאַטע האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער ווייסער אַש פון איר ציגאַר איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פאָדלאָגע. יאָ, איצטער האָט זי שוין גענוג געוווסט. זי האָט גלייך דעצידירט, אַז זי וועט נישט אָננעמען קיין שום רענטע פון די פאַבריקן, וועלכע פּראָדוצירן געווער. אַ סוף דערמיט! אַ סוף!

קריסטע איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, כדי צוצוגרייטן טיי, און פרוי בעאַטע האָט צוגעגעבן, אַז זי האָט פאַרלוירן איר מאַן בעתן וועלט־קריג, דעם מאַיאָר

לערכע־שעלהאַמער. ער איז געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט בעת אַ טאַנק־אָפּעראַציע ביי סואַסאָן. זי האָט אויסגעצייכנט געוווּסט, וואָס אַ טאַנק איז. פון אויפרעגונג האָט זי אויסגעטרונקען נאָך אַ גלעזל קאָניאַק און נאָך איינס.

זי האָט פאַררויכערט אַ נייעם ציגאַר און אַוועקגעזעצט זיך אין פאָטעל.

— איצטער בעט איך אייך נאָך איין זאַך, — האָט זי זיך געווענדעט צו פאַביאַנען, בעת קריסטע איז ווידער אַריינגעקומען. — באַמיט זיך, ווי מעגלעך שנעלער צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן ענין. לאָזט גריסן מיינע ברידער און גיט זיי איבער, אַז איך בעט זיך צואיילן. מיר האָבן בדעה, ווי גיך ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין, אַרויסצופאָרן קיין איטאַליע, כדי צו פאַרברענגען דעם ווינטער אין פלאָרענץ און אין רוים.

פאַביאַנען האָט אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן.

— אַזוי שנעל ווילן די דאַמען שוין פאַרלאָזן די שטאָט? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, — האָט קריסטע געענטפערט אָנשטאָט דער מוטער, מיט אַ שמייכל, וואָס האָט נישט אויסגעזען שטאַרק פריידיק.

— ווי גיך ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין, ווי אַמשנעלסטן, — האָט בעאַטע אויסגערופן.

— אַזאַ רייזע מיטן אויטאָ וועט פאַר די דאַמען אין דער צייט פון יאָר נישט זיין שווער?

— שווער? — האָט פרוי בעאַטע געלאַכט.

— אפשר וועלן מיר פריער אַרויסשיקן דעם אויטאָ, מאַמאַ?

— ניין! כ׳וועל אַרויספאָרן פון סאַמע טויער און פאָרן אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן נישט בלייבן שטעקן אין שניי. וועסט זען, מיין קינד, ווי שנעל מיר וועלן זיין אין פלאָרענץ.

דאָס שטובמיידל האָט אַריינגעטראָגן טיי.

# VI

פאַביאַן איז ווידער גאַנצע טעג געפאָרן מיטן אויטאָ איבער דער שטאָט, מיט מעקלערס, כדי צו געפינען אַ געהעריקן לאָקאַל פאַר זיין אויטאָבוי־צענטראַלע. די אונטערהאַנדלונגען מיט די ברידער שעלהאַמער האָט ער געפירט נאַכלעסיק. סוף כל סוף קאָן מען אים דאָס נישט האַלטן פאַר אומגוט, נעמענדיק אין אַכט זיין כוונה אַ ביסל אָפּצוהאַלטן די דאַמען לערכע־שעלהאַמערס פון זייער רייזע. שוין איצטער האָט ער זיך געשראָקן פאַרן ווינטער, ווען קריסטע וועט אים פעלן.

אַ געוויסן אָוונט, ווען ער איז, ווי אַ פּאַריטומטער, אַליין געזעסן אין „שטערן“, איז אַריינגעקומען דער אַדוואָקאַט שוואַבאַך מיט אייניקע באַקאַנטע. אַדוואָקאַט שוואַבאַך איז צוגעגאַנגען צו זיין טיש.

— גלענצנדיקע ידיעות! — האָט שוואַבאַך אַ זאָג געטאָן. — אייער פרוים אַדוואָקאַט איז היינט פאַרמיטאָג ביי מיר געווען. פרוי קלאָטילדע וויל זיך ווידער איבערבעטן. פרייט דאָס אייך!

— קלאָטילדע וויל זיך ווידער איבערבעטן? — האָט פּאַביאַן געפרעגט מיט אומגלויבן.

— יאָ, אַזוי האָב איך ווייניקסטנס פאַרשטאַנען פון מיין קאָלעגעס לאַנגע רייד. אָבער ס'זעט גאָרנישט אויס, ס'זאָל אייך פרייען!

פּאַביאַן האָט שמייכלענדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— כ'דאַנק אייך האַרציק פאַר דער ידיעה, הער יוסטיץ־ראַט, — האָט ער געענטפערט. — זי איז אָבער פאַר מיר אַזאַ איבעראַשנדיקע, אַז ס'איז מיר אוממעגלעך תיכף אַרויסצוזאָגן זיך. כ'וועל מאָרגן אין דער פרי קומען צו אייך אין ביוראָ.

דאָס ערשטע, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אים שוואַבאַכס ידיעה, איז געווען דאָס געפיל פון נצחון. קלאָטילדע וויל זיך איבערבעטן. זייער שיין, אָבער איצטער וויל ער נישט. קלאָטילדע האָט פאַרשפּילט. אַן אַנדערע פרוי, אַ מער ווערטפולע איז אַריינגעטראָטן אין זיין לעבן, און ער האָט באַשלאָסן זיין לעבן צו בויען אויף גאַנץ נייע יסודות. זיי געזונט, קלאָטילדע! ער האָט זי מער נישט ליב, ער האָט זי אַצינד. ער וועט איר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס זי האָט אים באַשאָנקען מיט צוויי באַגאַבטע געזונטע ייִנגלעך, — אָבער אומפאַרגעסלעך זענען אויף שטענדיק פאַר אים פאַרבליבן די בייזע באַליידיקונגען אירע. איינמאָל, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך צעקריגט, האָט קלאָטילדע זיך „איבערגעבעטן“, זי האָט גענומען איר קישן און געלייגט עס צופוסנס פון בעט. דאָס אַנדערע מאָל האָט זי איינמיטן נאַכט איבערגעטראָגן זיך צוזאַמען מיט איר בעט אין אַן אַנדער צימער. אַזעלכע באַליידיקונגען פאַרגעסט אַ מאַנצביל קיינמאָל נישט! די דאָזיקע קריגערייען ברענט אין אים נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

— אייער געזונט, הער יוסטיץ־ראַט! — האָט ער אויסגערופן און אויפגעהויבן זיין גלאָז אַלס תשובה אויפן טאָסט פון שוואַבאַכן, וועלכער האָט געטרונקען צו אים ביים שכנותדיקן טיש.

צומאָרגנס פאַרמיטאָג איז ער געקומען צו שוואַבאַכן און קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג פון איבערבעטן זיך. אָבער ער איז נישט קענען אַ גוטווייליקן גוט.

שוין אויפן צווייטן טאָג האָט ער דערפילט די פאָלגן פון זיין אָפּזאָג. קלאָטילדע האָט זיך מער נישט באַוויזן צום טיש: „די גנעדיקע מאַדאַם עסט מיטאָג

אין איר בודוּאַר", — האָט מאַרטע געזאָגט אין פאַרלעגנהייט, גרייטנדיק צום טיש.

ביי קלאָטילדען זענען איצט אָפטער געקומען צוגאַסט דאַמען. דאָס זענען געווען דאַמען פון דער בעסערער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן שוין אין קאָרידאָר אָנגעהויבן פירן פּאָליטישע דיסקוסיעס. פון צייט צו צייט האָט זיי קלאָטילדע אויך איינגעלאַדן אויף מיטאָג.

— דאָס עסצימער פאַרנעמט היינט די גנעדיקע מאַדאַם, — האָט מאַרטע אים מיטגעטיילט פאַרן מיטאָג. — זאָל איך פאַרן הער דאָקטאָר דעקן דעם טיש אין קאַבינעט?

— כ'דאַנק, ניין, — האָט פאַביאַן געענטפערט, — כ'וועל פון היינט אָן שוין עסן אין שטאָט.

„קלאָטילדע פילט זיך געטראָפן, — האָט ער געטראַכט מיט סאַטיספאַקציע, — אַצינד ווייסט זי, אַז זי האָט פאַרשפּילט".

קלאָטילדע האָט פאַביאַנען געלאָזט וויסן דורכן אַדוואָקאַט שוואַבאַך, אַז אויך זי וויל ליבערשט א גוטוויליקן גט, איידער א פּראָצעס, הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל זי וויל אים נישט שאַטן אין זיין באַאַמטן־קאַריערע. זי מאַכט דאָס אָבער אָפּ־הענגיק פון צוויי באַדינגונגען:

דער ערשטער באַדינג איז, אַז ביידע יינגלעך וועלן איבערבלייבן אינגאַנצן אונטער איר השגחה, דער צווייטער, אַז די איצטיקע וווינונג וועט איבערגיין אין איר רשות.

קלאָטילדע האָט געוווּסט, ווו ס'איז זיין אָנגעווייטיקטער אָרט, און זי האָט אים אָן רחמנות אריינגעטראָפן.

פאַביאַן האָט צערטלעך ליב געהאַט זיינע ביידע יינגלעך. ראָבי איז שוין אַלט געווען צען יאָר און האַרי צוועלף. ער האָט ביי זיך טויזנט מאָל געשוווירן „אַלס פאָטער און קריסט" נישט איבערצולאָזן די יינגלעך אין דער מוטערס גייסטיקער אַטמאָספערע. נישט לאַנג צוריק וואָלט ער נאָך באַשטאַנען צו לאָזן ביידע יינגלעך אויף דריי ביז פיר יאָר אין אינסטיטוט, ביז זיי וועלן רייפער ווערן. זיין האַרץ האָט אים געבלוטיקט צו רעזיגנירן פון ביידע יינגלעך, פון וועלכע ער וואָלט גאָט ווייסט וואָס געוואָלט מאַכן, אָבער ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. ער האָט דאָס געטאָן צוליב קריסטען.

דעם עטוואָס דערשטוינטן שוואַבאַכן האָט ער דערקלערט, אַז ער האָט שטענ־דיק געהאַלטן פאַר א האַרצלאָזיקייט צוצונעמען ביי א מוטער אירע קינדער. אַזא גרויזאַמקייט איז פרעמד זיין גאַנץ וועזן. אחוץ דעם, איז ער איבערצייגט, אַז א מאַן איז א סך לייכטער אויפצובויען א ניי לעבן, איידער א פרוי.

דעם צווייטן באַדינג איז לייכטער געווען צו דערפילן.

זינט ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער האָט קריסטען באמת ליב, און אַז זי איז צו אים, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, גישט גלייכגילטיק, האָט ער גע־שטרעבט צו שאַפן קלאָרע און אומצווייטייטיקע באַציונגען. פון דעמלט אָן האָט ער געהאַט בדעה צו פאַנאַנדערגיין זיך מיט קלאָטילדען אויך מיט דער ווינונג. אַז זיי ביידע האַלטן ביי גטן זיך, האָט די גאַנצע שטאָט געוווּסט, און אַוודאי אויך קריסטע.

שוין זינט אייניקע טעג האָט ער געמאַכט זיינע צוגרייטונגען. מיטן איינגעמי־מער פון „שטערן" ראַסמייער, פאַר וועמען ער האָט דערליידיקט אייניקע יורידי־שע האַנדלס־ענינים, איז ער געווען אין זייער גוטע באַציונגען, און יענער האָט פאַר אַ מעסיקן פּרייז אים פאַרדונגען צוויי גישט קיין שלעכטע צימערן.

מיט אַ טאָג פריער, איידער די דאַמען לערכע־שעלהאַמער האָבן געדאַרפט מאַכן זייער רייזע מיטן אויטאָ קיין פלאָרענץ און רוים, האָט ער געגעסן ביי זיי מיטאָג. ווען קריסטע האָט אים צוגעזאָגט, אַז זי וועט אים פון צייט צו צייט שיקן אַ גרוס, האָט ער זי געבעטן, זי זאָל די בריוו אַדרעסירן צום „שטערן".

— איר וווינט איצטער אין „שטערן"? — האָט זי אַ באַרחידושטע געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער מיט צופרידנקייט געענטפערט, — אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך שוין דאָרטן וווינען. ביז אייער ערשטער גרוס וועט אָנקומען, וועל איך זיך האָבן שוין לאַנג איבערגעצויגן.

קריסטע האָט זיך פאַרטומלט. איר בלאַנדזשענדיקער בליק האָט פאַרראַטן, אַז זי האָט בליצשנעל תופס געווען די סיבה פון דער האַסטיקער ענדערונג אין פּאַ־ביאַנס לעבן.

— פון טיפן האַרצן ווינטש איך אייך גליק, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, אויס־שטרעקנדיק צו אים איר האַנט.

„איר זענט דאָס טאַקע די, וועלכע האַלט מיין גליק אין האַנט" — האָט ער איר געוואָלט ענטפערן, אָבער געענטפערט האָט ער גישט קלאָר:

— איך דאַנק אייך האַרציק. איך האָב נאָך האָפענונגען.

קלאָטילדע איז געווען זייער דערשטוינט, ווען זי האָט אין אַ געווויסן טאָג דערזען אין דער וווינונג צען גייע קאַסטנס. פינף זענען געשטאַנען אין קאָרידאָר, און פינף אין פאַביאַנס קאַבינעט. זיי זענען געקומען צו אַ הסכם, אַז פאַביאַן וועט צונעמען זיינע ביכער, דעם שרייבטיש און זיינע פערזענלעכע פאַרשידענע קליינ־קייטן.

אויף צומאָרגנס האָט ער זיך איבערגעצויגן. ביידע האָטעל־צימערן האָבן, מיט די „חפצים פון זיין חתונה־צייט", אויסגעזען צו זיין גענוג שיין און באַקוועם, און הגם ער איז, אַלס גוט סיטואירטער מאַן, געוווינט צו באַקוועמלעכקייטן און גרויסע צימערן, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז ער פילט זיך דאָ, ווי אין דער היים.

ס'האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן! דער שטראָם פון זײַנע געדאַנקען און געפילן איז רואיק געפלאָסן, נישט געשטערט געוואָרן פון הונדערטער נישטיקע קלייניקייטן פונעם אַלטעגלעכן לעבן, וועלכע האָבן אים געפייניקט, ווי כמאַרעס קאָמאַרן. איצט האָט ער זיך באַפרייט פון קלאָטילדעס אַראָגאַנץ, פון איר אַמביציע דורכצופירן איר ווילן, אפילו ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אומבאַדייטנדיקע און אומוועזנטלעכע זאַכן.

במשך פון די ערשטע וואָכן האָט ער גענאָסן די שטילקייט פון זײַנע האָטעל-צימערן. ער האָט זיך אָנגעזעצט מיט אַ ציגאַר אויף אַ שטול און באַקוועם אויסגעצויגן די פיס. דאָס איז געווען זײַן גאַנצע באַשעפטיקונג. דערנאָך פלעגט ער זיך פאַרטיפן אין זײַנע ביכער, און ווען אויך דאָס האָט אים געלאַנגווײַליקט, האָט ער איינמאָל פאַרבעטן צו זיך זײַן ברודער אויף אָוונטברויט, כדי אים אָנצופאַרטרויען דעם סוד, פאַרוואָס ער האָט געטוישט די וווינונג.

זיי האָבן מיט הנאה אָפּגעגעסן, און ווען דער קעלנער האָט דערלאַנגט אַ נײַע פלאַש „שאַבלי“, האָט וואָלפגאַנג אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, כ'בעט דיך, פייערסטו הײַנט נישט עפּעס אַ יום-טוב?

— יאָ, — האָט פאַביאַן לאַכנדיק געענטפערט, — ווייסט נאָך נישט, אַז שוין זינט פערצן טעג וווין איך אין „שטערן“? כ'האָב זיך איצט ענדגילטיק צעשיידט מיט קלאָטילדען.

וואָלפגאַנג האָט געפּרוּווט דעם „שאַבלי“ אויף דער צונג און געשאָקלט מיטן קאָפּ. נאָך אַ ווײַלע האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז באמת אַ גרונט צו פייערן! דו פאַרמאָגסט אַ גרויסן טאַלאַנט צו פאַרריכטן באַגאַנגענע פעלערן. דאָס איז פשוט צו באַוווּנדערן. כמעט אין דער לעצטער שעה האָסטו אויסגעמיטן צו ווערן אַ גלה, דײַן הייראַט מיט קלאָטילדען, פון וועלכער אַלע דײַנע פרײַנד האָבן דיך אָפּגערעדט, האָסטו אויפגעלעזן. מ'קאָן דעריבער האָפן, אַז דײַן לעצטע שוואַכקייט, די פּאָליטישע, וועסטו אויך אַזוי אין אַ געווייסן טאָג אויפגעבן.

— מײַן שוואַכקייט, די פּאָליטישע? — האָט פאַביאַן געפרעגט.

— מער ווי דאָס זע איך נישט דערין, זײַ אויף מיר נישט בייז. אָבער לאָמיר ליבערשט רעדן וועגן דער אָרעמער קלאָטילדען. דו ווייסט מײַן מיינונג וועגן איר. זי איז אַ יאַגד-הונט, וועלכן מ'מוז טראָגן אויפן יאַגד. לויט מײַן מיינונג, פעלט איר עפּעס.

— עפּעס? — פאַביאַן האָט אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, זי האָט צו ווייניק געמיט.

„אפשר איז ער גערעכט, וואָלפגאַנג, — האָט פאַביאַן אַ טראַכט געטאָן, — הגם מ'קאָן נישט באַצייכענען געמיט מיט „עפּעס“. עס זענען אים געקומען אויפן רעיון די צוויי באַליידיקונגען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן.

פאביאַנען האָט באַהערשט א נײַער לעבנס־ווילן. קיין שום אָפּהענטיקייט, קיין שום פוילקייט מער! ער האָט אָנגעהויבן א נײַ לעבן, און דאָס אַלטע האָט זיך געענדיקט! פאָרויס!

מיטן גרעסטן אײַפער האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפן אין זײַנע עסקים. אויף דער געטע־גאַס האָט ער אָפּגעדונגען דעם גאַנצן פּאַרטער פון א ווילע, וועלכע האָט זיך פּרעכטיק געפּאַסט פאַר זײַן אויפבוי־צענטראַלע. זי האָט זיך געפונען אויף א גאַס מיט יונגע קאַשטאַן־ביימער, נישט ווייט פון ראָטהויז. וואָכנלאַנג איז ער געווען פאַרנומען מיטן איבערבויען דאָס הויז, עטלעכע וואָכן מיט דער אײַנריכטונג, און ענדלעך איז ער געווען פאַרטיק און האָט געקאָנט צוטרעטן צו דער אַרבעט.

יעדן טאָג פּונקטלעך נײַן אַזייגער איז זײַן דינסט־אויטאָ געשטאַנען פאַרן „שטערן", און אָפט פלעגט מען אים זען אין פאַרשידענע שעהן פון טאָג אײַליק פאָרן איבער דער שטאָט.

## VII

ווי גאָר פאביאַן האָט פאַרלאָזט זײַן וווינונג און זיך איבערגעטראָגן אין „שטערן", איז קלאָטילדע תיכף צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן אירע פּלענער, מיט וועלכע זי האָט זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן. מאַרטע האָט געמוזט גרינטלעך צוראַמען דעם קאַבינעט, וועלכער האָט אָן דער בונטער ביבליאָטעק, אָן דעם שרײַבטיש און אָן דעם פאָטעל געהאַט א קלאָגעדיקן אויסזען.

נאָך איינעם זעלבן טאָג איז קלאָטילדע אוועק אין מאַרקווארדס מאַגאַזין און געהייסן זיך ווײַזן פאַרשידענע מוסטערן טאַפּעטן.

— דער פּרײַז שפּילט קיין ראָלע נישט, — האָט זי דערקלערט דעם יונגן פאַרקויפער. — אָבער איר דאַרפט זײַן געדולדיק, יונגער הער, מיר איז נישט לײַכט צופרידנצושטעלן, און איך דאַרף טאַפּעטן פאַר אַ וווינונג פון אַכט צימערן.

יאָ, ענדלעך, ענדלעך קאָן זי אויסקלײַבן טאַפּעטן לויט איר אייגענעם געשמאַק און מוז נישט אויסהערן די באַמערקונגען פון פעדאַנטישן מאַן, וועלכער ישׂראלעוועט יעדן פעניג. אגב, האָט ער אפילו נישט דעם מינדסטן געשמאַק.

— שטעלט א ווײַלע, יונגערמאַן, די דאָזיקע ראָלקע לייגט אוועק אין א זײַט, אָט די מיט די דעליקאַטע זילבער־שטרײַפן, — זי וועט זײַן פאַרן פאָדערצימער. און יענע פון טורקוס־קאָליר, מיט די טונקל־גאָלדענע שטרײַפן זענען ממש באַצויבערנדיקע.

— דאָס איז איינער פון אונדזערע שענסטע מוסטערן, וועלכע מיר פאַרמאָגן, גנעדיקע פרוי, — האָט דער פאַרקויפער זיך דערלויבט צו באַמערקן.

קלאָטילדע האָט אַ צופֿרידענע געלאַכט.

— איר וועט זען, יונגערמאַן, אַז איך וועל אויסקלייבן נאָר אייערע שענסטע מוסטערן.

דער פּאַרקויפֿער האָט געדולדיק אויסגעוויקלט איין ראָלקע נאָך דער אַנדע־רער, אַנטציקט פֿון די העל־בלויע אויגן פֿון דער בלאָנדער דאַמע, ביי וועלכער דער פּרייז שפּילט קיין שום ראָלע ניט.

נאָך דעם ווי קלאָטילדע האָט במשך פֿון עטלעכע שעה אויסגעקליבן אירע טאַפּעטן, האָט זי געזאָגט:

— ליגט אוועק, כ'בעט אייך, די דאָזיקע טאַפּעטן אין אַ זייט, מאָרגן וועל איך נאָכאַמאָל אַהערקומען מיט מיין פֿריינדין, דער באַראָנעסע פֿאָן מינען, כּדי ענדגילטיק זיך צו דעצידירן. מיינע אויגן זענען שוין היינט צופֿיל אָנגעשטרענגט.

פֿונדאַנען איז זי שפּעטער אַוועק אין שטאָלם מעבל־געשעפֿט, וווּ זי האָט געוואָלט פֿאַרזענלעך רעדן מיטן געשעפֿטס־אייגנטימער. אין שויפֿענצטער שטייט אַ באַקוועמער נידעריקער פֿאָטעל — זי דאַרף אַזעלכע זעקס און ווי מעגלעך שנעל. הער שטאָל האָט צוגעזאָגט תּיכּף צו טעלעפֿאָנירן אין פֿאַבריק און אָנפֿרעגן, ווען די פֿאָטעלן קאָנען ווערן צוגעשטעלט. זי דאַרף אויך האָבן אַזאַ נידעריקן טיש, נאָר טאָפּלט די גרייס. הער שטאָל האָט אויך צוגעזאָגט צו באַזאָרגן אַזאַ טיש.

דערנאָך איז קלאָטילדע אַוועק אין געשעפֿט פֿון קעמניצער אייַנצוקויפֿן גאַר־דינען. דערוויַיל איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט.

גאָט אין הימל! וואָס זי דאַרף אַלץ! עטלעכע טעג איז זי אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטאָט. זי האָט געקויפֿט אַ טיי־סערוויז פֿאַר צוואַנציק פּערזאָן און ליקער־גלעזלעך, מחמת די הערן האָבן פֿיינט צו מאַכן וויזיטן, אויב מען איז ניט מכבד כאָטש מיט אַ גלעזל ליקער. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך מוז זי האָבן אַ זאַפּאַס פֿון לי־קער און שנאַפּס, כּדי ניט צו דאַרפֿן צו יעדער צייט לויפֿן זוכן. זי האָט דעריבער מיטאַמאָל געקויפֿט אַ פֿולן קאַסטן.

די באַראָנעסע מינען פֿלעגט זי אָפֿט באַגלייטן.

— כ'האָב מיין מאַן איינקוואַרטירט אין „שטערן”, כּל־זמן די וווינונג ווערט רעמאָנטירט! — האָט קלאָטילדע געזאָגט.

— איר וועט אַוודאַי, מיין ליבע, דערנאָך אַהיימנעמען ביידע ייִנגלעך?

— יאָ, איר האָט געטראָפֿן מיינע געדאַנקען. בקרובֿ וועל איך זיי אַהיימנע־מען. ליידער, וועט עס נאָך אַ ביסל דויערן. פֿאָרלויפֿיק האָב איך נאָך אַ געוויסע צייט אַ סך אַרבעט ביים איינאָרדענען די וווינונג.

כּדי צו געפֿינען אַן אַנטשפּרעכנדיקן גרויסן טעפּיך, זענען ביידע דאַמען געווען פֿאַרנומען אין שטאָט אַ גאַנצע וואָך. זיי האָבן אַפֿילו געגעבן אַן אַנאָנס אין צייַ־

טונג. לסוף האָט מען זיי אָנגעבאָטן א גרויסן טעפּיך, וואָס האָט געקאָנט איבגאַנצן צודעקן די פּאָדלאָגע פון קלאָטילדעס נייעם סאַלאָן. דער טעפּיך האָט געהערט צו א גענעראַלשע, דער באַראָנעסעס א באַקאַנטע, וועלכע האָט געוואָלט פון אים פּטור ווערן.

אויפן וועג צו דער גענעראַלשע זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען ניקאָלאַיס יובע־ליר־מאַגאַזין.

פאַרן שויפענצטער איז געווען א געדראַנג פון מענטשן, הויפּטזעכלעך יונגע מיידלעך. ס'מוז דאָ אוודאי זיין עפּעס אויסערגעוויינלעכס! אין מיטן שויפענצטער איז געלעגן אויף א סאַמעטן קישעלע, ווי אן אָרדן, א בריליאַנטענער האַלדזקרייץ. נעבן קישעלע איז געווען אַ צעטל מיטן אויפשריפט: „אייגנטום פון דער פרוי צע־ציליע ש.“

— צעציליע ש.? ווער קאָן דאָס זיין, די גליקלעכע? — האָט די באַראָנעסע געפרעגט, באַהערשט פון באַוווּנדערונג און ערפורכט.

— פאַראַן נאָר אַן איינאונאיינציקע דאַמע אין שטאָט, צו וועלכער דאָס קאָן באַלאַנגען, — צעציליע שעלהאַמער! — האָט קלאָטילדע נישט לאַנג טראַכטנדיק געענטפערט.

די באַראָנעסע האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פונעם פינקלדיקן האַלדז־קרייץ.

— נאָר מקנא צו זיין! אָט אַ גליקלעכע! — האָט זי עטלעכע מאָל איבערגע־חזרט. — דאַך, לאָמיר זיך צואיילן, מיין טייערע, כ'האָב צוגעזאָגט דער גענע־ראַלשע צו זיין פּינקטלעך.

דער טעפּיך איז געווען אַ פּרעכטיקער און האָט זיך געפּאַסט. וואָס ער דאַרף קאָסטן זעקס טויזנט מאַרק, האָט קלאָטילדען לגמרי נישט געקימערט. פאַביאַן מוז פאַר אַלץ באַצאָלן, כל־זמן דער גט־פּראָצעס איז נישט פאַרענדיקט.

ענדלעך איז קלאָטילדעס גייער סאַלאָן פאַרטיק געוואָרן. ער האָט באמת גרויסאַרטיק אויסגעזען. די ווענט זענען געווען טורקוס־בלוי מיט גאָלדענע שטרייפן. טורקוס־בלויע שנירלעך האָבן אונטערגעהאַלטן די גאַרדינען פון עלפאַנט־ביין־קאָליר. דערצו נאָך דער גענעראַלשעס פּרעכטיקער טעפּיך און די געדעמפטע מאָדערנע עלעקטרישע באַלויכטונג. מען האָט געמוזט אָנערקענען קלאָטילדעס זעלטענעם געשמאַק. קלאָטילדע האָט בכיוון איינגעלאַדן די באַראָנעסע אויף אַ גלעזל טיי, כדי צו באַווייזן איר דעם סאַלאָן. דערביי האָט זי געהאַלטן פאַר אַ שעת־הכושר ענדלעך אָנצופאַרטרויען איר פריינדין איר פאַרבאָרגענעם סוד.

— כדי צו דינען דייטשלאַנד און זיין געניאַלן פירער, — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ ציטעריקער שטימע, — האָב איך באַשלאָסן צו עפענען אַ פּאָליטישן סאַלאָן.

די באַראָנעסע האָט אַזש אַ געשריי געטאָן פון אַנטציקונג.

— אַ פּאָליטישן סאַלאָן! — זי האָט אַרומגענומען קלאָטילדען, — הערלעך, מיין טייערע! אַ געניאַלער, אַ באַרוישנדיקער געדאַנק! פּשוט געניאַל! פּשוט געניאַל! האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

ביידע דאַמען האָבן געדאַרפט האָבן אַ שפּאָר ביסל צייט, ביז זיי האָבן זיך באַרויִקט.

די באַראָנעסע האָט די ערשטע צוריקגעפונען איר גלייכגעוויכט.

— און ווי דערשטוינט וועט ווערן אונדזער דאָקטאָר, ווען ער וועט דאָס אַלץ דערזען! — האָט זי געזאָגט. — „ווי הערלעך האָט דאָס מיין ווייבעלע איינגעאָרדנט, וועט ער זאָגן!“

קלאָטילדע האָט אָבער געהאַט נאָך אַן אַנדערן סורפּריז! איר בופעט! זי האָט אויפגעעפנט אַ שענקל, וואָס איז געווען פול אָנגעפּראָפּט מיט פלאַשן ליקער; ליקער פון בלערליי סאָרטן און טוצן ליקער-גלעזלעך.

— הערלעך, הערלעך! — האָט די באַראָנעסע אַ באַגייסטערטע אויסגערופן, — איר האָט אויפגעכאַפּט דעם גייסט פון אונדזער גרויסער צייט. די האָזיקע עפּאָכע וועט שאַפן עפּעס גרויסעס און געבן די מענטשן לעבנספרייד. זי האָט קלאָטילדען גראַטולירט. — ס'וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג פאָרויסצוזאָגן, אַז אייער פּאָליטישער סאַלאָן וועט בקרוב באַרימט ווערן אין דער גאַנצער שטאָט.

קלאָטילדע האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש בענעדיקטינער וויין.

## VIII

אינעם „שטערן“ האָט מען געשייערט און גערייניקט, אפילו די שפּיי-קעסטלעך אין די קאָרידאָרן האָט מען אָנגעפולט מיט פרישן זאַמד. מיטאָגצייט האָט די דינערשאַפט אַרויסגעטראָגן די קאַדקעס מיט די לאָרבער-ביימלעך פאַרן אַריינגאַנג אין האָטעל. אינמיטן גאַס האָט זיך פלוצים באַוויזן די גלאַנציקע ליסינע פונעם האָטעל-אייגנטימער, הער ראַסמייער, אַזוי, אַז פּאַביאַן האָט אים געקאָנט זען פון זיין באַלקאָן אויפן צווייטן שטאָק. ראַסמייער האָט מעשה באַלעבאָס, טייטנדיק מיטן גראָבן פינגער, דיריגירט מיט דער דינערשאַפט, ביז די לאָרבער-ביימלעך זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן ריכטיקן אָרט. לסוף האָט מען נאָך אַוועקגעלייגט אַ רויטן קאָקאָס-טרעטער, ווי עס פירט זיך אויף פייערלעכע חתונות. דעמלט האָט ראַסמייער זיך אַוועקגעשטעלט אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, כדי נאָכאַמאָל אַלץ צו באַטראַכטן, און מיט אַ קליינער באַפעלערישער באַוועגונג פון זיין ווייזפינגער האָט ער פאַרטריבן די דינערשאַפט אין האָטעל. אַצינד מעג שוין קומען אפילו דער קייסער אַליין.

עטלעכע שעה שפּעטער זענען פֿאַרן האָטעל צוגעפֿאָרן פֿיר עלעגאַנטע, אַלצ-אייגע זילבערגרויע אויטאָס און האַסטיק זיך פֿאַרהאַלטן בײַם טויער. לויטן קאָליר און לויטן האַסטיקן פֿאָרן האָט מען זיך געקאָנט משער זײַן צו וועמען זיי געהערן. מאָמענטאַל האָט זיך צווישן די לאָרבער-ביימלעך באַוויזן ראָסמייערס שישקעוואַטע ליסינע, כּדי פֿייערלעך זיך צו פֿאַרנייגן פֿאַרן צווייטן אויטאָ. ראָסמייער האָט אַמאָל געהאַט אַ האָטעל אין ניצע און געווינט געווען אויפֿצונעמען אַ סך פֿירשטן, מיליאָנערן און באַרימטקייטן. ער האָט געוווּסט ווי נוהג צו זײַן זיך אין אַזעלכע פֿאַלן.

פֿונעם אויטאָ זענען אויסגעשטיגן דער גאַולייטער האַנס רומף און זײַן לאַנגער אַדיוטאַנט פֿאָגעלסבערגער. ביידע אין שוואַרצע מונדירן. דער גאַולייטער, אַ צעשטראַלטער פֿון לעבנסלוסט און געזונטקייט, האָט לײַטזעליק דערלאַנגט ראָסמייערן די האַנט און האָט אים באַשאָנקען מיט עטלעכע לוסטיקע ווערטער. מען האָט געזען דעם פֿינקלענדיקן גלאַנץ פֿון זײַנע גאָלדענע צײן-פּלאָמבעס. ראָסמייערס שישקעוואַטע ליסינע האָט זיך עטלעכע מאָל געטרייסלט פֿון פֿרייד, און אויך דער אַדיוטאַנט האָט האַרציק געלאַכט. דערנאָך זענען ביידע שנעל פֿאַרשוווּנדן אין האָטעל, נישט לייגנדיק דעם מינדסטן אַכט אויף די לאָרבער-ביימלעך און אויף דעם רויטן קאָקאָס-טרעטער. ראָסמייערס ליסינע האָט זיך מיט דרך-ארץ פֿאַרנייגט פֿאַר די איבעריקע אויטאָס און לסוף זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זײַט, כּדי צו מאַכן אַ וועג דעם גאַנצן שטאַב אַדיוטאַנטן און אָפֿיצערן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט פֿאַביאַן געפֿרעגט דעם האָטעל-אייגנטימער, וואָס אַזוינס האָט אים דער גאַולייטער געזאָגט, און ראָסמייער האָט אים געענטפֿערט:

— ער וויצלט זיך שטענדיק איבער מײַן ליסינע. דאָסמאָל האָט ער געזאָגט: „די הערנער זענען נאָך אַלץ נישט אַרויסגעוואַקסן“.

קורץ פֿאַר בין-השמשות זענען שנעל פֿאַרן „שטערן“ פֿאַרפֿאָרן אַ רײ אויטאָס. ס'האָט זיך געהערט אַ סקריפּען פֿון טאָרמאָזן און אַ געקלאַפּערײ פֿון די אויטאָ-טירלעך. אַ געטומל האָט אָנגעפֿולט דעם וועסטיביול, מחמת דער גאַנצער ערשטער שטאָק איז געווען רעזערווירט פֿאַרן גאַולייטער. שוין מיט אַ טאָג צו-פֿריער האָבן גערטנער אָנגעהויבן דעקאָרירן דעם שפּייז-זאַל. די טישן האָט מען באַצירט מיט ווייסע רויזן, וועלכן דער גאַולייטער האָט שטאַרק ליב געהאַט. דער „שטערן“ האָט זיך באַוויזן מיט זײַן גאַנצן זילבער-געשיר און עשירות פֿון פֿינקלדיקע גלעזער אין קרישטאָלענע קאַראַפֿקעס. וווּנדערבאַרע ריחות פֿון ראַקן-זופּ, געבראָטענע הינער, פֿיש און אַנדערע געשמאַקע מאכלים האָבן אָנגעפֿילט דעם וועסטיביול. זינט אייניקע טעג איז דער הויפּט-קוכער שוין געווען פֿיבערהאַפֿט פֿאַרטאָן בײַם צוגרייטן די סעודה.

פֿון אַכט אַזייגער אָן האָט זיך פֿון די אויפֿנעם-צימערן געלאָזט הערן אַ מייס-

טערהאַפּט קלאַוויר=שפּילן. געשפּילט האָט אַ באַרימטער בערלינער פּיאַניסט. דער גאַליימער האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט מוזיק.

פּאַביאַן האָט גענומען אורלויב און נישט פאַרלאָזן דעם האָטעל, ווייל טאַובענהאַוז, ווי ער האָט צוגעזאָגט, האָט אים געזאָלט ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט פאָרשטעלן דעם גאַליימער. פּאַביאַן איז געווען אויף דער וואַך און געזעסן ביי זיך אין צימער. פון צייט צו צייט האָט ער א שמעק געטאָן אין קאָרידאָר און אריינגעזאַפּט אין זיך די אַלע ריחות, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן „שטערן“ פון פּאַרטער ביזן דאַך. טיילמאָל פלעגט ער אַראָפּגיין צו די שטיגן, אויפצוכאַפּן עפּעס פון אונטן. א סך האָט ער אָבער סיי ווי נישט געקאָנט זען, ס'איז צו אים דערגאַנגען בלויז דער שוואַכער קלאַנג פון די וויין=גלעזער. צעהיצטע קעלנער האָבן זיך האַסטיק געטראָגן מיט פלעשער וויין פאַרביי אים, אייגמאָל האָט ער אפילו געזען די שיישקעוואַטע ליבינע פון ראָסמייערן, וואָס האָט זיך אייצט רויט צעפלאַמט ווי גלוט. ראָסמייער האָט קאָנטראָלירט די עטיקעטן פון יעדער פלאַש וויין, וואָס מען האָט געטראָגן פאַר די געסט. ס'איז דאָך געגאַנגען וועגן זיין גוטן נאָמען. און ווי הערלעך דער בערלינער מייסטער שפּילט! בלויז מאָצאַרטן, מער נישט ווי מאָצאַרטן — „פיגאַראָ“, „דאָן=זשואַן“! די מוזיק האָט פּאַביאַנען באַרוישט. באַגערן און אַמביציעזע טרוימען האָבן דערוואַכט אין זיין האַרץ. אפשר שוין מאָרגן, אויב טאַובענהאַוז האָט נישט געבלאָפט?

נאָך עלף אזייגער, ווען ער האָט געוואָלט לייגן זיך שלאָפן און געווען שוין האַלב אויסגעטאָן, האָט ער דערהערט איילִיקע טריט אויף די טרעפ און אויפן קאָרידאָר. צו זיין איבעראַשונג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר. און א געוואַלדיק פאַרחידושטער האָט פּאַביאַן דערזען אריינגיין אין צימער דעם לאַנגן אדוואָקאַט, צוזאַמען מיט אים זענען אויך אריינגעדרונגען איינצלנע טענער פון מאָצאַרטס מוזיק.

— דער הער גאַליימער דערוואַרט דעם דאָקטאָר פּאַביאַן!

אַ ציטער פון שרעק און פרייד, אַן אמתער שווידער פון געמישטע געפילן האָבן ארומגעכאַפּט פּאַביאַנס האַרץ. ער איז בלאַס געוואָרן און אויפגעשפּרונגען.

— גלייך! — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט, — ווי איר זעט, האָב איך זיך געוואָלט שוין לייגן שלאָפן.

פאַגעלסבערגער האָט א שמייכל געטאָן, זעענדיק פּאַביאַנס צעמישונג.

— ס'וועט אוודאי נישט מער דויערן ווי עטלעכע מינוט, אמת? — האָט פאַגעלסבערגער געזאָגט און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

„קאַפּריזן פון א גרויסן מאַן, — האָט פּאַביאַן געטראַכט, אָנטועענדיק אין גרויס איילעניש זיין מונדיר. — פאַרוואָס האָט ער פריער נישט צוויסן געגעבן, אַז ער וויל מיט מיר רעדן נאָכן אָוונטברויט?“ אין דער גאַנצער איילעניש האָט ער זיך געפּרוווט פאָרשטעלן איינִיקע וואַרשיינלעכע פראַגן, און ווי ער וועט טרעפּ=

לעך ענטפערן. אָבער גראָד ווען ער האָט באַוואונדערט אין שפּיגל זיין מונדיר פון צימערינג־קאָליר און אויף פּראָבע אַ פּאָר מאָל קרעפּטיק אַ קלאַפּ געטאָן מיט די שטיוול, האָט ער דערהערט די זעלביקע אייליקע טריט אויף די טרעפּ, און דער אַדיוטאַנט איז אַריינגעפאַלן אין צימער, שוין נישט אָנקלאַפּנדיק.

— קומט זשע, הער פאַביאַן! — האָט פאָגעלסבערגער אויסגערופן אָן אָן אָטעם. — דער הער גאַולייטער האָט מיר באַפוילן אייך ברענגען ווי איר שטייט און גייט!

ער האָט אים געהאָלפן אָנטאָן דעם מונדיר און געצויגן ביי דער האַנט צו דער טיר, וועלכע איז געבליבן אויפגעפּראַלט. א פּערלדיקער סיגנאַל, איינער פון די צווייבערדיקע מאָצאַרט־סיגנאַלן, האָט זיך דערטראָגן פונעם וועסטיביול, באַגלייט מיט באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן.

— איר קאָנט אין גאַנג זיך צורעכט מאַכן. שנעל, ער איז מלא רציחה, וואָס איך האָב אייך גלייך נישט מיטגעבראַכט. אַזוי פירט זיך שוין שטענדיק ביי אונדז.

פאַרטאָן מיטן צוקנעפּלען דעם מונדיר, האָט פאַביאַן קוים צייט געהאַט אַ קוק צו טאָן אין שפּיגל. פאָגעלסבערגער האָט אים אַריינגעשטופּט אין זאַל, וואָס איז געווען פול מיט געסט, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם פּיאַניסט אין פראַק. קיינער האָט זיי נישט באַמערקט. דערנאָך האָט פאָגעלסבערגער געעפנט א טיר, וואָס האָט געפירט צו א צימער, וווּ מען האָט ביי עטלעכע טישלעך געשפּילט אין קאָרטן. פאַרבייגייענדיק, האָט פאַביאַן דערקענט טאַובענהאַוז, וועלכער איז מיט אַן איינגעפאַלן, שטייף פּנים געזעסן צווישן די קאָרטנשפּילער, איינגעהילט אין אַ וואָלקן רויך. אַן עלעגאַנטער פעך־שוואַרצער קליינער אַדיוטאַנט, וואָס האָט געקיבוצט ביי די קאָרטנשפּילער, האָט אָנגעוויזן אויף א טיר, און פאָגעלסבערגער האָט תיכף אָפּגעלאָזן פאַביאַנען. ער איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר און פאָרזיכטיק אָנגעקלאַפּט. דערנאָך האָט ער געעפנט די טיר און געגעבן פאַביאַנען א צייכן אַריינצוגיין.

— האָקטאָר פאַביאַן! — האָט ער געמאָלדן.

פאַביאַן האָט אַריינגעצויגן דעם אָטעם און איז אַריינגעגאַנגען. נאָך אויף דער שוועל האָט ער זיך שטיף פאַרנייגט.

## IX

פאַביאַן האָט אַ פאַרחידושטער פעסטגעשטעלט, אַז ער געפינט זיך אינעם ביליאַרד־זאַל פון „שטערן“. דער גאַולייטער איז געשטאַנען אָן אַ מאַרינאַרקע, אָנגעלענט אויפן ביליאַרד־טיש, מיט אַ ציגאַר אין מויל, און מיט זאָרגפעלטיקייט פון א דערפאַרענעם שפּילער געשמירט מיט קרייד דעם שפּיץ פון ביליאַרד־שטעקן.

נישט רירנדיק זיך פון אָרט, האָט ער מיט זיינע טונקל־בלויע אויגן געקוקט אויף פאביאנען און געענטפערט אויף זיין פארנייגונג מיט א לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ.

— דירעקטאָר זאַנפטלעבן, וועלכער איז היינט קראנק געוואָרן, — האָט ער אָנגעהויבן מיט א הויכער שטימע, — האָט מיר דערציילט, אז איר זענט אן אויסגעצייכנטער שפּילער. דעריבער האָב איך געהייסן בעטן אייך ארויפקומען.

— ס'איז פאר מיר א גרויסער כבוד, — האָט פאביאן געענטפערט, פארלירנדיק זיין זעלבסטזיכערקייט אונטערן בליק פון די בלויע אויגן, און א קלאפּ געטאָן מיט די אָפּצאַסן. זיין אמביציע איז געווען טיף באליידיקט. ער האָט דערוואַרט, אז דער גאוליימער וועט מיט אים רעדן וועגן וויכטיקע פּאָליטישע ענינים, וואָס וועט אים געבן די געלעגנהייט א גלאַנץ צו טאָן מיט זיין שכל. ס'איז אים געלונגען צו פארבאָרגן זיין אנטוישונג, נאָך מער, ער האָט זיך געפילט אין א געהויבענער שטימונג פונעם פאקט, אז ער האָט די מעגלעכקייט דעם היינטיקן אָוונט צו שליסן באקאַנטשאַפט מיט אזא הויכער פערזאָן.

— מאכט אייך גרייט, — האָט דער גאוליימער פאָרגעזעצט, — איך בין געוווינט אָפּצורוען זיך נאָך א טאָג ארבעט ביי א פּארטיע ביליארד. מיר שפּילן צו פופציק „פאַר ליע רוזש“.* פאַרשטאַנען?

— זייער גוט!

און זיי האָבן זיך גלייך ארייַנגעצויגן אין דער שפּיל. ערשט איצטער האָט פאביאן באמערקט דעם פּולשטענדיק נייעם גרויסן ביליארד־טיש. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער מיט דעם זעלבן דירעקטאָר זאַנפטלעבן געשפּילט אויף אן אַלטן אָפּגענוצטן ביליאַרד, אָבער ראָסמייער האָט משמעות איצט געהאַלטן, אַז דער אַלטער ביליאַרד פּאַסט נישט. הער זאַנפטלעבען, וועמען ער האָט היינט געהאט דעם כבוד צו פארטרעטן, איז געווען א יונגער מאָלער, וועלכער איז איצט גישט לאנג באשטימט געוואָרן אלס דירעקטאָר פון דער קונסט־שול. דעם פריערדיקן דירעקטאָר, אַן אַלטער השובער קינסטלער, האָט מען אָן שום שהיות באַפרייט, און זיין פּאָסטן האָט איבערגענומען זאַנפטלעבען, וועלכער איז קוים אלט געווען דרייסיק יאָר. דאָס אלץ איז פאביאַנען געקומען אויפן רעיון, ווי גאָר ער האָט אָנגעהויבן שפּילן, אגב אָן דערפאָלג, ווייל ער איז נאָך געווען צופיל דערנערווירט. ער האָט זיך דערמאָנט, אז וואָלפגאנג האָט וועגן דעם דאָזיקן זאַנפטלעבען אנומלטן געמאכט א שארפע באמערקונג: „א שאָד, — האָט וואָלפגאנג דעמלט געחוזקט, — וואָס ער מאָלט נישט אזוי גוט, ווי גוט ער שפּילט אין ביליארד. זיי האָבן זיך בפירוש טועה געווען, געדאַרפט אים מאכן פאר א דירעקטאָר פון א ביליארד־אקאדעמיע“.

צוליב אָט די אַלע לעבערלעכע געדאַנקען, וואָס זענען אים געקומען אין קאָפּ

* אויף רויט.

אריין, האָט ער דורכגעלאָזט אַ גאָר לייכטן גאָל. דער גאָליי־טער האָט זיך צעלאַכט און פאַביאַן האָט באַשלאָסן זיך מער צו קאָנצענטרירן אויף דער שפּיל. באַלד האָט זיך אים טאַקע איינגעגעבן צו טרעפן אַ סעריע פון פיר גאָלן, וואָס עס איז געווען אַ זעלטנהייט אין די באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן געשפּילט.

צו פאַביאַנען האָט זיך דערנענטערט דער לאַנגער פאָגעלסבערגער און אים געפרעגט אויפן אויער, צי ער ווינטשט זיך ווייסן ווייַן, רויטן ווייַן אָדער שאַמפּאַנער.

— איר דאַרפט וויסן, אַז קעלנער איז נישט דערלויבט דאָ אַריינצוקומען.

פאָגעלסבערגער איז געווען אַ יונגער מענטש מיט אַ ליאַלקעוואַטן און אויסדרוקלאָז פּנים. זעלטן העלע, ווייץ־בלאָנדע האָר־קאָסמעס האָבן געגלאַנצט אויף זיין שמאָלן קאָפּ, ווי אַ מעשענער העלם.

נאָכדעם ווי פאַביאַן האָט אים געזאָגט וואָס צו ברענגען, איז פאָגעלסבערגער שטיל אַרויסגעגאַנגען און אין אַ ווײַלע אַרום צוריקגעקומען מיט צוויי פלעשער מאָזעל־ווייַן. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אָוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל, געדרייכערט איין פאַפּיראָס נאָכן אַנדערן און נאָכגעפאָרשט יעדע באַוועגונג פונעם גאָליי־טער. ווי נאָר רומף האָט באַוויזן אויסצוטרינקען זיין גלאָז ווייַן, האָט פאָגעלסבערגער באַלד ווידער אָנגעגאָסן. דאָס איז משמעות געווען זיין גאַנצע באַשעפטיקונג.

אַ האַלבע שעה צייט האָבן זיי געשפּילט, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. אינעם ביליאַרד־זאַל האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע שטילקייט.

אינעם שכנותדיקן צימער ביי די קאָרטן־טישלעך איז אויך געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. בלויז פונעם עסזאַל האָט זיך אָפט געלאָזט הערן אַ טומל און געשרייען. באַלד האָט זיך פון דאָרט דערהערט אַ געבראַזג פון גלאָז און אַ פאַרטויבנדיק געלעכטער. רומף, וועלכער האָט זיך אָנגעלענט אויפן ביליאַרד־טיש, האָט זיך פאַרהאַלטן אינמיטן אַ גאַנג. קנייטשנדיק זיין נידעריקן שטערן, האָט ער געוואָרפן אַ בליק צו פאָגעלסבערגערן. פאָגעלסבערגער איז תיכף אויפגעשפּרונגען און פאַרלאָזט דעם זאַל. אינעם עסזאַל האָט זיך אויף אייניקע מינוט איינגעשטילט דער טומל.

אַ הויטער פון כעס, האָט רומף אַרויסגעמרוקעט אַ גראָב זידלוואָרט, גענומען זיך צום גלאָז און דערצאָרנט אַ טיפן שלוק געטאָן. דערנאָך איז ער ווידער צוגעגאַנגען צום ביליאַרד און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— נאָר מיט אַ קאָפּ־שטויס קאָן מען דאָ עפּעס אויפטאָן.

ער איז געווען אַ מייסטערדיקער שפּילער און געהאַט אַ סך גלענצנדיקע קאָמבינאַציעס.

פאַביאַן האָט מיט דרך ארץ צוריקגעצויגן זיך, כדי נישט צו שטערן זיין פאַרטנער ביים שווערן שטויס. איצט האָט ער געקאָנט רואיק אָבסערווירן דעם גאָליי־טער. רומף איז כמעט געזעסן אויפן ביליאַרד־טיש, האַלטנדיק דעם שטעקן

ווערטיקאַל אין דער לופטן, די בליקן פון זיינע טונקל־בלויע אויגן זענען געווען שאַרף אָנגעשפּיזט אויפן באַל.

ער איז געווען אַ נידעריקער, פעסטגעבויטער מאַן, מיט אַ שטאַרקן נאַקן און פעסטע, אַנטשלאָסענע געזיכטס־שטריכן. אויפן ערשטן בליק האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן זיינע זשאַווערק־רויטלעכע האָר. זיי זענען געווען מיטל געשוירן און זאָרגפעלטיק צוגעקעמט. זיינע שמאָלע באַקנבערד זענען געווען אַ ביסל צו לאַנג און האָבן זיך געקרייזלט ביי די אויערן, ווי זשאַווערק־רויטער וואָל. זיינע טונקל־בלויע אויגן האָבן אויסגעזען צו זיין האַרט און שטאַר, טיילמאָל ווי גלעזערנע. ער האָט געהאַט משונהדיק קליינע פיס און צאַרטע הענט. אויפן קליינעם פינגער פון זיין לינקער האַנט, וועלכע איז געווען אָנגעשפּאַרט אויפן ביליאַרדטיש, האָט ער געטראָגן אַ בריליאַנט, גרויס ווי אַן אַרבעס, וואָס האָט געפינקלט מיט זיינע פאַרבן. זיינע אָרעמס זענען געווען געדיכט באַוואַקסן מיט האָר, ווי איבערגעצויגן מיט זשאַווערק־רויטע זייד־פעדעם. פאַביאַן האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע באַוואַקסענע הענט. דאָס העמד, וואָס ער האָט געטראָגן, איז געווען פון רוי־זייד און פון אויסלענדישן שניט.

דער קאָמפּליצירטער שטויס איז רומפן געלונגען, און ער איז עלאַסטיש אַראָפּגעשפּרונגען פונעם ביליאַרדטיש. ער האָט געשמייכלט א גליקלעכער, ווי א ייִנגל, וואָס איז אים עפּעס געלונגען, און אַ טיפן שלוק געטאָן פון גלאָז.

פאָגעלסבערגער האָט א מאַך געטאָן מיט די הענט ווי צום אַפּלאָדירן, אָבער נישט געפּאַטשט. פאַביאַן האָט זיך דערלויבט אויף א פאַרנייגונג ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג.

פונעם דערפאָלג משמעות האָט דער גאַלייטער באַקומען אַן אויסגעצייכנטע שטימונג.

— יאָ, דאָס איז אזא שטויס, וואָס גיט זיך איין זייער זעלטן! — האָט ער געלאַכט. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אַדיוטאַנט: — פאָגעלסבערגער! — האָט ער אויסגערופן. — איצטער גלייב איך אויך, אז דער אָגער וועט מיר ברענגען גליק. רופט אַריין דעם גראַף דאָסע.

פון שכנותדיקן שפּיל־צימער איז באַלד אַריינגעקומען דער עלעגאַנטער שוואַרצער אַדיוטאַנט. דאָס איז געווען אַן אָפיציר פון באַרוף, און האָט געהאַט א פאַרטרוימטן און צאַרטן אויסזען.

— גראַף דאָסע! — האָט אים רומף צוגערופן, — טעלעפאָנירט תיכף קיין עלזאַס! איך וויל קויפן דעם האַסאָוון אָגער. זאָלן זיי זאָגן דעם לעצטן פּרייז. כ'האָב אַ פאָרגעפיל, אַז דער דאָזיקער אָגער וועט מיר ברענגען מזל.

גראַף דאָסע איז אײליק אַרויסגעגאַנגען.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז רומף איז אַן אייגנטימער פון דער גרעסטער קאָניוש־ניע פון ספּאָרט־פערד אין לאַנד. ער האָט זי פאַרלייגט במשך פון עטלעכע יאָר,

אויפֿלעזנדיק די גרעסטע צאָל קאָנסעקווענצן פֿון ספּאָרט־פֿערד, און באַזונדערס די, וואָס האָבן געהערט צו ייִדן.

אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער אייגנטימער פֿון די בעסטע פֿערד. אַחוץ דעם, האָט ער געהאַט אין זיין אייגענעם גוט, אין מזרח־פּרייסן, אַ האָדאָווליע פֿון ראַסאָווע פֿערד.

נאָך דעם איינגעגעבענעם שטויס האָט דער גאַליימער, זעט אויס, דערחפֿילט אַ באַדערפֿעניש זיך אָפּצורוען. ער האָט אָוועקגעשטעלט דעם ביליאַרד־שטעקן ביי דער וואַנט און זיך אַוועקגעזעצט צום טיש ביים גלאָז וויין.

— איר זענט אַ סך מאָל געווען אין אויסלאַנד, דאָקטאָר? — האָט ער זיך געווענדעט צו פּאַביאַנען.

— כ'בין געווען אַ קורצע צייט אין איטאַליע און אין לאָנדאָן, — האָט פּאַביאַן געענטפֿערט מיט רינסטרייטקייט.

— אַ שאָד, — האָט רומף פֿאָרגעזעצט. מען דאַרף זיין אַ לענגערע צייט אין אויסלאַנד, כּדי צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. איך האָב אַ סך יאָרן געדינט אויף שיפֿן און לאַנג געלעבט אין אַמעריקע און אין מעקסיקע. כ'וואָלט אייך געקאָנט אָנדערציילן געשיכטעס, אַז איר וואָלט גשתומם געוואָרן. האָט איר שוין ווען געהערט וועגן די מעקסיקאַנער שעכטהייזער? אין אָט די שעכטהייזער האָב איך אַ יאָר צייט געאַרבעט אַלס קיילער. — פּלוצים האָט ער געענדערט די טעמע. — אָבער פֿאַר דעם האָזיקן טאַובענהאַוז האָט איר צוגעגרייט אַ רעדע, אַז דער טייוול כאַפּט עס!

— כ'האָב זיך בלויז געהאַלטן ביי די אָנגעוויזענע פּונקטן בירגערמייסטער, — האָט פּאַביאַן געענטפֿערט, נישט קיין פּינטל טועגדיק מיטן אויג.

— און די העלדן־בריק, און דער וואָקזאַל־פּלאַץ, און דאָס געמיינשאַפֿט־הויז?

— האָט רומף לאַכנדיק געפֿרעגט.

— דאָס זענען אַלץ געווען דעם בירגערמייסטערס אָנרעגונגען, — האָט פּאַביאַן געענטפֿערט שמייכלענדיק. ס'האָט אים געפֿרייט, וואָס דער גאַליימער האָט ענדלעך אין אים דערזען נישט נאָר בלויז אַ פּאַרטנער צום ביליאַרד.

רומף האָט זיך פֿריידיק צעלאַכט.

— איך זע, אַז מ'קאָן זיך אויף אייך פֿאַרלאָזן, מיין פֿריינד! — האָט ער געזאָגט מיט אַ סך אָנערקענונג. — איר הערט פֿאַנעלסבערגער, ער וויל אונדז איינרעדן, אַז דאָס אַלץ זענען טאַובענהאַוזס איינפֿאַלן, כאַ־כאַ־כאַ! ניין, מיין ליבער, טאַובענהאַוז איז טאַקע אַן אויסגעצייכנטער באַאַמטער, ווען מיר אַלע שעצן, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט פֿאַרמאָגט קיין פֿאַנטאַזיע. סוף כּל סוף איז דאָס אָבער אַלצייגס! יעדנפֿאַלס וועל איך מיט אַלע כוחות אונטערשטיצן זיינע פּלענער און אים באַהילפֿיק זיין, אויף וויפֿל ס'איז אָפּהענגיק פֿון מיין מאַכט.

ווען פּאַביאַן איז שפּעט ביינאַכט אַרויף צו זיך אין שטוב, האָט ער אויף די

טרעפ באַגעגנט ראָסמייערן אַרויסגיין פון אַ צימער. ראָסמייער האָט אויסגעזען אַ דערשעפטער און די גוליעס אויף זיין ליסינע האָבן געפלאַמט פורפור=רויט.

— אַזוי לאַנג זענט איר געווען ביי אים? — האָט ער שטיל געפרעגט, כדי נישט אויפצוּוועקן זיינע האָטעל=געסט, הגם פון די אונטערשטע צימערן האָט זיך געטראָגן אַן אומבאַשרייבלעכער טומל. — איך גראַטולירט אייך! אייער קאַריערע איז שוין אַ פאַרזיכערטע, מיין חשובער הער, אויב איר האָט געוווּסט וויאַזוי מיט אים זיך צו באַגיין. ער האָט דאָך דעם מאָלער, דעם זאַנפטלעבן, איינס=צוויי געמאַכט פאַר אַ דירעקטאָר פון דער קונסטשול בלויז דערפאַר, ווייל יענער שפּילט גוט אין ביליאַרד.

און ער האָט גענומען דערציילן וועגן מאָלער זאַנפטלעבן, וועלכער האָט פריער ממש געהונגערט און געווען פאַרשולדיקט איבער די אויערן, און היינט פאָרט ער אין אַ „מערצעדעס". אַן אָפיצער האָט אויך דערציילט, אַז דער גאַלייטער וועט זיך בקרוב איבערציען אין שטאָט און וווינען אינעם בישאָפן=פּאַלאַץ. מען האָרף האָפן, אַז דער גאַולייטער וועט זיך דעמלט אויך דערמאָנען וועגן זיין נישט באַצאָלטן חשבון. ער, ראָסמייער, איז דאָך סוף=כל=סוף נאָר אַ פשוטער האָטעל=אייגנטימער! דער חשבון איז שוין ביים היינטיקן טאָג אויסגעוואַקסן אויף הונדערט און זעכציק טויזנט מאַרק. אויף הונדערט און זעכציק טויזנט מאַרק!

— פאַרלירט נישט דעם מוט, ראָסמייער, — האָט פאַביאַן אים געטרייסט,

— איר וועט זיך דאָס צענפאַכיק אויסשלאָגן.

— לאָמיר האָפן, לאָמיר האָפן, — האָט ראָסמייער געמורמלט. — נאַטירלעך, גיב איך גאַנץ גערן אויף קרעדיט, פאַר מיר איז דאָס אַ פאַרגעניגן און אַ כבוד. — האָט ער געזאָגט אַראָפּגייענדיק. — איך ווייס אויך, פאַר וועמען איך טו דאָס און וואָסער גרויסער זאַך איך דין. ווער קאָן דאָס פאַרגעסן? איך גראַטוליר אייך נאָכאַמאָל!

דער גערויש פון שטימען האָט פאַרשלונגען זייערע ווערטער.

פאַביאַן האָט זיך געלייגט שלאָפן אַ צופרידענער. ער האָט אין דעם היינטיקן אָוונט זיך באַקענט מיט דעם גאַולייטער, וועלכער האָט אים אויסגעוויזן צו זיין אַ פריילעכער, פשוטער און גוטמוטיקער מענטש.

עטלעכע אָוונטן איז ער געבליבן אין האָטעל, אָפּוואַרטנדיק טאָמער רופט אים דער גאַולייטער, וועלכער האָט בעתן געזעגענען זיך געבעטן, אַז ער זאָל במשך פון די נאָענטסטע טעג שטיין צו זיין רשות.

אָבער אַ געוויסן פרימאָרגן, זייער פרי, האָט אים דאָס שטובמיידל מודיע געווען, אַז דער גאַולייטער פאָרט אַוועק. ער איז שנעל אַרויס אויפן באַלקאָן און איז דערשטוינט געוואָרן פון גרויסן המון, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אויף דער גאַס.

באַלד זענען אָנגעקומען זילבער־גרויע אויטאָס, זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ מחנה נייגעריקע. צוערשט האָט זיך באַוויזן דעם גאָלייטערס סוויטע, דערנאָך ער אַליין אין דער באַגלייטונג פון פּאָגעלסבערגערן. הינטער זיי איז געשטאַנען ראָסמייער. זיין שישקעוואַטע ליסינע האָט געגלאַנצט אין דער מאָרגן־זון.

דער עולם האָט געפּאַטשט מיט די הענט און באַגייסטערט געשריען: „הייל, הייל!". דער גאָלייטער איז אַריין אין אויטאָ. אין דער זעלביקער רגע האָט זיך צווישן עולם דורכגעשטופּט אַ פרוי, אַרעם אָנגעטאָן, אין אַ געלן טיכל אויפן קאָפּ. זי האָט געפּרוווט מיט כוח דורכשלאָגן זיך צום גאָלייטערס אויטאָ, אָבער דער המון האָט איר געשטערט און צוריקגעהאַלטן. די פרוי האָט מיט אַ שרעקלעכן קול כסדר געשריען: „אַליקס! אַליקס!"

אָפיצערן אין שוואַרצע מונדירן זענען אַרויסגעשפּרונגען פונעם לעצטן אויטאָ און, אָפּשטופּנדיק די פרוי, האָבן זיי זיך געשטעלט מיט די רוקנס צום גאָלייטערס אויטאָ, כדי אים צו באַשיצן.

די סירענעס האָבן זיך צעליאַרעמט, און די אויטאָס זענען שנעל אָפּגעפאָרן. די לעצטע זענען אַריין אין זייער אויטאָ די אָפיצערן אין די שוואַרצע מונדירן.

דער גאַס איז שנעל געוואָרן ליידיק, בלויז די פרוי מיטן געלן טיכל אויפן קאָפּ איז געבליבן אויפן אָרט און נאָך אַלץ אָן אויפהער געשריגן: „אַליקס! אַליקס!" זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אויסגעשטרעקט די הענט צו די אויטאָס, וועלכע זענען פאַרשוונדן געוואָרן.

X

עטלעכע שעה שפּעטער האָט פּאַביאַן, צו זיין גרויסער דערשטוינונג, ווידער געטראָפן די אויפגערעגטע פרוי אינעם געלן טיכל אויפן קאָפּ. זי איז געזעסן אינעם וואַרטצימער פון זיין קאַנצעלאַריע, בעת ער איז, ווי געוויינטלעך, צווישן עלף און צוועלף געקומען אין זיין פּריוואַטער ביוראָ. פּאַביאַן האָט זי גלייך דערקענט לויטן טיכל, הגם זי האָט עס שוין געהאַט אַראָפּגענומען פון קאָפּ און געהאַלטן אויף די קני. אין וואַרטצימער זענען געזעסן נאָך צוויי קליענטן, עלטערע סוחרים. ווי נאָר פּאַביאַן איז אַריינגעקומען, האָבן זיי זיך גלייך אויפגעשטעלט און זיך מיט אים באַגריסט, ווי אַלטע באַקאַנטע.

אַריינגייענדיק אין קאַבינעט, האָט ער קודם־כל געפרעגט, ווער עס איז די פרוי מיטן געלן טיכל.

— דאָס איז פרוי פרידע אַליקס, — האָט פרייַלין צימערמאַן געענטפערט. — די געוועזענע אייגנטימערין פונעם רעסטאָראַן „אונטערן קאַרפּ" אין אייכשטעטן, ביי אַמזעלוויז.

— דאָרט, ווו מ'האָט געגעסן די געשמאַקע קאַרפּן? — האָט פּאַביאַן אַ גוט געשטימטער געפרעגט און געהייסן אַריינרופן די פרוי אַליקס. די דאָזיקע פרוי האָט אים אינטערעסירט. אַלע האָבן געוווסט, אַז דער גאַלייטער רומף איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געוואָרן דער אייגנטימער פון איינשטעטען.

די פוילערטע פרידע אַליקס האָט פּאַמעלעך זיך אַריינגעשלייכט אין צימער און געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וואַקלענדיק זיך פון איין פוס אויפן צווייטן, ביז פּאַביאַן האָט זי געבעטן זיך אַוועקזעצן. דאָס גלעל טיכל האָט זי געהאַלטן אין דער האַנט. זי האָט נאָך אויסגעזען יונג, נישט געקוקט אויף איר איינגעפאַלענעם פּנים. אירע שיטערע און גרוילעכע האָר זענען געווען צוזאַמענגענומען אין אַ געבעכדיק קליינעם קאָק.

— איך זוך רעכט און גערעכטיקייט! — האָט זי שטיל אָנגעהויבן, נישט אויפהייבנדיק די אויגן, — כ'בין געקומען אייך בעטן, אַז איר זאָלט אָננעמען מיין ספּראַווע. איך האָב געלט! — האָט זי צוגעגעבן. — אויב ס'איז נייטיק, קאָן איך גלייך איינצאָלן אַ קאַנטאַ, איר דאַרפט מיר נאָר זאָגן וויפל.

איר שטימע האָט געקלונגען עפּוואָס הייזעריק.

דאָס האָט פּאַביאַנען באַוויגן צו מאַכן עטלעכע באַמערקונגען אין אַ וויציקן טאָן. ער האָט אַפילו האַפערדיק געלאַכט, כדי צי באַרואיקן די אויפגערעגטע פרוי. זאָל זי אים קודם־כל דערציילן, וואָס עס ליגט איר אויפן האַרצן. זי קאָן רואיק דערציילן און נישט אײַלן זיך.

— קאָן איך אָנהייבן פון סאַמע אָנהייב? — האָט די פרוי אַליקס גע־פרעגט, — כ'מיין, וויאַזוי ס'איז צו דעם אַלעם געקומען?

צום ערשטן מאָל האָט זי אויפגעהויבן איר בליק. זי האָט געהאַט שיינע, קלאָרע, יונגע אויגן.

— כ'וואָלט אייך אַפילו געבעטן דאָס צו טאָן, — האָט פּאַביאַן איר צוגע־געבן מוט.

און די יונגע פרוי מיט די גרוילעכע האָר און יונגע אויגן האָט אָנגעהויבן דערציילן. פּאַביאַן האָט איר איבערגעריסן גאַנץ זעלטן, ווען ער האָט איר גע־שטעלט די אָדער אַנדערע פראַגע.

— ווי נאָר דער דאָזיקער האַנעס איז פּלוצים געוואָרן אַ גרויסער מאַן, — האָט זי אָנגעהויבן. אָבער פּאַביאַן האָט איר שוין גלייך איבערגעריסן:

— וועלכער האַנעס? — האָט ער געפרעגט.

די יונגע פרוי מיט די גרוילעכע האָר האָט זיך איינגעקאָרטשעט און געקוקט מיט מורא אַרום זיך, הגם זי האָט געוווסט, אַז ס'איז מער קיינער נישטאָ אין צימער.

— כ'וועל נישט אָנרופן דעם פאַמיליע־נאָמען, — האָט זי געזאָגט מיט אַ געדעמפּטער שטימע. — איר וועט שפּעטער אַליין פאַרשטיין וועמען איך מיין.

פאַביאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געבעטן פאַרזעצן.

— אַלזאָ דער דאָזיקער האַנעס איז פּלוצים געוואָרן אַ גרויסער מאַן, — האָט די פרוי ווידער אָנגעהויבן דערציילן, — דאָס איז געווען אַן ערך מיט דריי יאָר צוריק. יאָ, מיט דריי יאָר צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל ווידער געזען דעם דאָזיקן האַנעס.

איינמאָל, זומער־צייט, אין זייער אַ הייסן טאָג איז צו אונדזער הויז פאַרפאָרן אַן אויטאָ מיט דריי הערן אין מונדירן. „גיי אַרויס, אַליקס, — זאָג איך צו מיין מאַן, — ס'זענען געקומען חשובע געסט“. דעמאָלט האָב איך געזען אין גאָרטן אַן עלעגאַנטן הער, אָבער כ'האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז האַנעס, אַזוי עלעגאַנט האָט ער אויסגעזען, אַן אמתער שרה.

ער האָט אַרומשפּאַצירט אין גאָרטן, פּונקט ווי ער וואָלט געווען דער אייגנטימער פון איינשטעטן, און זיך אָפּגעשטעלט ביי די אויסגעקינצלטע ביימער. איר דאַרפט וויסן, אַז אין גאָרטן זענען געוואַקסן איינצלנע בוקביימער, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי געשניצטע פיגורן. אונדזער נחלה האָט אַמאָל געהערט צו אַ וואַלד־באַאַמטן, וועלכער האָט די דאָזיקע ביימער אַזוי קונציק אַרומגעשניטן און אַרומגעשוירן. פריער איז געווען אַ סך אַזעלכע ביימער, אָבער איצטער זענען געבליבן בלויז דריי: אַ האָן, אַ יעזש און אַ באַלעם. לכתחילה איז נאָך געווען אַ ווילדער חזיר, אַ קאַרליק און אַ מכשפה מיט אַ קיישל אויף די פּלייצעס און נאָך כלערליי נאַרישקייטן. אָבער אַליקס האָט זיי כמעט אַלע אויסגעהאַקט, מחמת זיי האָבן פאַרנומען צופיל פּלאַץ אין אונדזער גאָרטן.

— און ווו איז דער ווילדער חזיר? — האָט דער עלעגאַנטער הער אַ פרעג געטאָן, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ געהאַט עפּעס אַ דעה צו זאָגן. „איך האָב אים אויסגעהאַקט, — האָט אַליקס געענטפערט, — ס'זענען פון אים פאַרבליבן נאָר שטעכלקעס“. „אויסגעהאַקט? און ווו איז אַהינגעקומען די מכשפה און די אַנדערע פיגורן?“ „די אַלע נאַרישקייטן האָב איך אויסגעהאַקט“. „און דו וווּנדערסט זיך גאָרנישט, פונוואַנען איך ווייס דאָס אַלץ?“ „איר זענט מסתמא פריער אַמאָל געווען אין דער דאָזיקער געגנט!“ דער עלעגאַנטער הער האָט זיך צעלאַכט. „יאָ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — איך בין באמת געווען אין דער דאָזיקער געגנט, און דו, קאָנראַד, דאַרפסט מיך קענען, קוק זיך נאָר בעסער איין“. „עס מוז שוין זיין זייער לאַנג, אַז כ'האָב אייך דאָ נישט געזען“. דער עלעגאַנטער הער האָט זיך ווידער צעלאַכט. „דו האָסט מיר אַפילו איין מאָל אַ ביס געטאָן אין נאָז. גיב אַ קוק אָט דאָ, ס'איז נאָך קענטיק דער שראַם. דעמאָלט זענען מיר נאָך געגאַנגען אין דער דאָרפשולע, און מיר האָבן זיך צעבויקערט, ווייל כ'האָב צוגעגנבעט דיין ווייגאַכט־איי. איך בין דאָך האַנעס, אַציגד דערקענסטו מיך שיין, האַ?“

דאָס איז באמת געווען דער זעלביקער האַנעס. זיין פאָטער איז אַמאָל געווען דער אייגנטימער פון דער נחלה, אָבער ס'איז ביי אים אַלץ געגאַנגען מיט דער

פוטער אַראָפּ, און ער האָט זי געמוזט פאַרקויפן. ער האָט געשיכורט טאָג און נאַכט. וועגן האַגעסן האָב איך בלויז געוווסט, אַז ער איז געווען אַ פּויאַק, האָט זיך נישט געלערנט און אַרומגעדרייט זיך פּוסט און פּאַס. שפּעטער איז ער אַוועק קיין אַמעריקע, און זאָל האָבן געאַרבעט אַלס קוכער אויף שיפן.

און אַט קומט ער אַריין, דער דאָזיקער האַגעס, קוקט זיך אויף אַלץ אַרום אין שטוב און אין קיך. צוזאַמען מיט אים זענען אויך אַריינגעקומען די עלעגאַנטע הערן אין די מונדירן. ער זעצט זיך אַנידער אויף אַ בענקל נעבן אויוון, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף די הענט. „אַזוי, — זאָגט ער, — פּלעגט מיין מוטער שטענדיק זיצן דאָ, אויף דעם אָרט, פּונקט ווי איך אַצינד. זי האָט געהאַט אָן אַ שיעור דאגות, ווייל ס'האָט אַלעמאָל אויסגעפעלט געלט. מיין פאָטער אָבער האָט געלעבט אַ גוטן טאָג". פּלוצים האָט ער אַ פרעג געטאָן וועגן טערעסען. „טערעסע אַרבעט שוין מער נישט ביי דיר, קאָנראַד? טערעסע, — זאָגט ער צו די הערן, — פלעגט פרעג־לען קאַרפּן, האָט איר אַזעלכעס אין אייער לעבן נישט געגעסן! זיי פלעגן שווימען אין פּוטער און געווען אַזוי כרופּקע, אַז ס'איז געווען אַ תענוג בלויז צו קוקן אויף זיי. אַפילו די פּלעטווערס האָט מען געקאָנט עסן, אַזוי קרוכע זענען זיי געווען. הער זיך איין, קאָנראַד! טערעסע מוז דאָ אַהערקומען און אויף איר שטייגער אָפּפרעג־לען פאַר אונדז עטלעכע קאַרפּן. זי וועט באַקומען אומזיסטע באַן־בילעטן מיטן ערשטן קלאַס און הונדערט מאַרק טרינקגעלט. שרייב איר גלייך אָן, קאָנראַד".

דערנאָך האָט ער באַשטעלט טאָפּלטע פּאָרציעס קאַרפּן פאַר צען געסט און געהייסן ברענגען דעם בעסטן ווין. ער האָט אַ וואָרף געטאָן הונדערט מאַרק אויפן טיש און געזאָגט: „די רעשט — פאַר דיר, קאָנראַד, כאָטש דו האָסט מיר אַ ביס געטאָן אין נאָז".

טערעסע איז טאַקע געקומען צו פאָרן און אָנגעפּרעגלט קאַרפּן, און האַגעס איז געקומען מיט זיינע געסט אין דריי אויטאָס — אַלץ חשובע לייט. ער האָט אַפילו מיטגעברענגט אַ קעסטל ווין. „דיין ווין איז צו גאָרנישט, קאָנראַד, — האָט ער געזאָגט. — כדי אָבער דו זאָלסט נישט ליידן קיין היזק — שרייב אונדז צו צום חשבון צען פלעשלעך. פאַרן אַוועקגיין האָט ער געזאָגט: „היינט איז מיר דיין באַלעבאַטישקייט נאָך מער געפעלן, ווי דאָס ערשטע מאָל. ס'איז דאָך מיין פאָטערס נחלה, וווּ איך בין אַלס ייִנגל אויפגעוואַקסן. פאַרקויף זי מיר, קאָנראַד, וועסט דערביי מאַכן נישט קיין שלעכט געשעפט". „ניין, — האָט אים אַליקס געענטפערט. ער האָט האַגעסן נישט געקאָנט פאַרטראָגן צוליב זיין פאַרריסנקייט.— איך האָב צען יאָר געהאָרעוועט טאָג און נאַכט, ווידער דערפירט די דאָזיקע ווירט־שאַפט צו אַ געהעריקער מדרגה. דער דאָזיקער האַגעס, זאָגט ער צו מיר, האָט איין מאָל צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס דריי יונגע יעזשעס צום טויער פון דער סטאָדאָלע".

„כ'מיין, אַז דו וועסט זיך נאָך מיישב זיין, קאָנראַד, כ'וועל דיר באַצאָלן דאָפּלט, כאָטש דו האָסט אויסגעהאַקט דעם ווילדן חזיר און די מכשפה. נעם דיר דאָס אַריין אין קאָפּ. דו ווייסט דאָך גוט, אַז דאָס איז מיין פאָטערס נחלה און ווער נאָך ווי אַ זון קאָן ווי געהעריק באַערן דעם אָנדענק פון זיין פאָטער. קויף דיר אין שטאָט אַן אַנדערווירטשאַפט, וועלן דעמלט דיינע פריינד, די קאָמוניסטן, האָבן אַ כבוד געגעבן צו דיר. דאָס דאָזיקע אָרט און אַלץ אַרום זענען דאָ ווי באַשאַפן פאַר מיר. איך וויל מיר דאָ מאַכן אַ קליין הייפל“.

נאָך דריי חדשים איז ער ווידער געקומען.

„נו, וואָס הערט זיך, קאָנראַד? כ'האָב מיטגעבראַכט געלט און כ'לייג עס גלייך אויפן טיש, הגם דו האָסט מיר אַ ביס געטאָן אין נאָז. כ'טראָג נישט קיין פאַרדרוס אויף דיר. כ'גיב דיר נאָך אויך אַ צולאָג דערצו — אַ גאָלדן האַנטזייגערל פאַר דיין פרוי“.

אָבער אַליקס האָט אים געענטפערט: „ניין“. דעמלט האָבן זיך ביי האַנעסן אָנגעצונדן די אויגן. „אייגנטלעך דאַרף מען זיך גאַנץ אַנדערש נוהג זיין מיט פאַרשוינען, וועלכע בייסן אַנדערע די נעז. ווילסט, אָדער נישט?“ אַליקס איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. „ניין“, — האָט ער געזאָגט. האַנעס איז געוואָרן אין כעס. זיין פנים איז געוואָרן רויט און די אָדערן אויפן שטערן האָבן זיך אָנגעדראָלן. „נו, גוט! אפשר וועסטו אַן אַנדערש מאָל חרטה האָבן אויף דיינע ווערטער. אין אַכט טעג אַרום וועל איך ווידער קומען, קאָנראַד“.

און ער איז טאַקע אין אַ וואָך אַרום געקומען. אָבער דאָסמאָל מיט עפּעס אַ ציווילן מאַן. יענער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ מעטער און אָנגעהויבן מעסטן דעם רעסטאָראַן. „דאָ, אין דעם דאָזיקן קאָנווערט ליגט אַ טשעק. קאָנסט גאָרקאָנטראָלירן. כ'וויל נישט מענטשן זאָלן זאָגן, אַז כ'האָב אָוועקגערויבט דאָס גאַסטהויז „אונטערן קאַרפּ“. ביסט אַלץ נישט געקומען צום שכל? כ'גיב דיר נאָך די לעצטע וואָך צייט זיך מיישב צו זיין“.

אַליקס האָט בלויז געדרייט מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט, אַזוי שטאַרק האָט ער זיך אויפגערעגט צוליבן ציווילן פאַרשוין, וואָס האָט אויסגעמאָסטן די שטוב.

— פונקט אַכט טעג שפּעטער, — האָט די פרוי פאַרענדיקט איר דערציילונג, — איז ווידער געקומען דער ציווילער מאַן, וועלכער האָט געמאָסטן די שטוב. אין אויטאָ צוזאַמען מיט אים זענען געקומען נאָך צוויי פאַרשוינען. זיי האָבן צוגענומען אַליקסן און פון דעמלט אָן איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

פרוי אַליקס איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט שווער געאָטעמט. זי האָט פאַנאַנדערגעלייגט איר געל טיכל און געפרווּווט עס צוריק צונויפלייגן.

— זינט דעמלט איז ער נעלם געוואָרן? — האָט פאַביאַן געפרעגט.

— יאָ, זינט דעמלט איז ער פאַרשוואונדן, — האָט די פּויערטע געענטפערט. — עס איז שוין באַלד דריי יאָר.

זי האָט געשריבן און געשריבן, געשיקט איין ביטע נאָך דער אַנדערער און נישט באַקומען קיין שום תשובה. לכתחילה האָט זי נישט געוווּסט, ווו אַליקס געפינט זיך, צי לעבט ער נאָך. אָבער מיט אַ חודש צוריק איז זי געוווּיר געוואָרן, אַז ער געפינט זיך אינעם לאַגער בירקהאַלץ, אַן אַרבעטער האָט אים דאָרט געזען. און אָט איצטער וויל זי פאַרפירן אַ פּראָצעס, און אויב ס'וועט נייטיק זיין, אַפילו דערגיין ביז צום העכסטן געריכט.

פּאַביאַן האָט זיך אויפגעשטעלט.

— ליבע פרוי אַליקס! — האָט ער אַ פאַרטראַכטער געזאָגט, דרייענדיק מיטן קאָפּ. — דער דאָזיקער פאַל ווייזט אויס צו זיין זייער אַ מערקווירדיקער. מ'וואָלט נאָך געדאַרפט אַ ריי מאָמענטן אויפקלערן. אָבער דאָס איז נישט נייטיק, מחמת איך קאָן זיך מיט דעם ענין נישט פאַרנעמען. כ'בעט אייך מיך גוט צו פאַרשטיין! יעדער אַדוואָקאַט האָט זיין געביט, פּונקט ווי דאָקטוירים. איין דאָקטער איז אַ ספּעציאַליסט אויף אויערן, דער אַנדערער — אויף אויגן, אַ דריטער — אויף לונגען, אמת? אייער ענין געהערט אינגאַנצן נישט צו מיין ספּעציאַליטעט. איך האָב אייך דאָ אויפגעשריבן דעם אַדרעס פון מיינעם אַ קאָלעגע, זייער אַ טיכטיקער אַדוואָקאַט, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע ענינים. גייט צו אים, איך וועל צו אים גלייך אָנטעלעפאָנירן, ער זאָל אייך אויפנעמען.

## XI

פּאַביאַן האָט געהאַט אַ גרונט צו זיין צופרידן. ער איז אינגאַנצן אומדערוואַרט נאָמינירט געוואָרן אַלס רעגירונגס־ראַט. ער האָט זיך דערפון שטאַרק דערפרייט. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט בכלל ליב געהאַט טיטולן, ניין, נאָר ווייל אַדאַנק דער דאָזיקער נאָמינאַציע איז אויסגעוואַקסן זיין חשיבות. „רעגירונגס־ראַט“! — דאָס דאָזיקע וואָרט האָט עפּעס אַ באַזונדערן אויסקלאַנג. אין שטאָט האָט מען שוין געוווּסט, ווי פיין דער גאַולייטער האָט אים אויפגענומען. שוין דער פאַקט, אַז דער גאַולייטער האָט מיט אים געפירט אַ שעהנלאַנגן פּאָליטישן שמועס, האָט צוגעגעבן זיין פּערזאָן אַ געוויסן אָרעאָל.

במשך פון די לעצטע וואָכן האָט זיך פּאַביאַנס אַדוואָקאַטן־פּראַקטיק אַזוי באַדייטנדיק פאַרגרעסערט, אַז ער האָט געמוזט צונעמען אַלס געהילף אין קאַנצעלאַריע אַ דערפאַרענעם יוריסט, כדי ער זאָל פירן די טאָג־טעגלעכע ענינים. ער האָט ווידער פאַרדינט אַ סך געלט, און קיינער האָט אים נישט געקאָנט נעמען פאַר אומגוט, וואָס ער איז געווען דערפון זייער צופרידן.

דאָס גליק האָט אים אויסערגעוויינלעך צוגעשפּילט, און פונדעסטוועגן איז נישט געווען קענטיק, ער זאָל עפּעס אַרויסווייזן אַ פרייע מינע. אַ פאַרזונקענער אין רעיונות, אָפט אַ פאַרזאָרגטער, פלעגט ער פאָרן איבער דער שטאָט. זינט זיינע געשעפטן האָבן אָנגעהויבן גיין נאָרמאַל, האָט ער מער צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן קריסטען. זי איז געווען ערגעצוווּ ווייט. צו זיין גרויסן עגמת=נפש איז פון זיין געדעכעניש פאַרלוירן געגאַנגען איר שמייכל, איר אומבאַשרייבלעכער צאַרטער שמייכל, וואָס האָט שטענדיק באַשטראַלט איר פּנים. וויפל ער זאָל זיך נישט האָבן געגעבן די מי, האָט ער איר שמייכל נישט געקאָנט אַרויסרופן אין זכרון.

אַ געווויסן טאָג האָט ער געפונען אין שטוב אַ פּאָסקאַרטל מיט אַן איטאַליענישער מאַרקע, און זיין פּנים האָט ווידער אויסגעזען פריילעך און גליקלעך. ער האָט אַפילו געלאַכט צו זיך אַליין, אָט איז זי, קריסטע, ווידער.

קריסטע האָט צו אים געשריבן פון פלאָרענץ, אין אַ זייער האַרציקן טאָן. „אָט זעסטו", — האָט ער געטראַכט מיט פרייד. די דאַמען לערכע=שעלהאַמער זענען בשלום אָנגעקומען קיין איטאַליע, נאָר ביי ברענער האָבן זיי זיך געמוזט פאַרהאַלטן. זיי זענען בפועל ממש געבליבן שטעקן אין שניי און געמוזט אַוועקשיקן דעם אויטאָ מיט דער באַן. קריסטעס האַרציק קאַרטל האָט פאַביאַנען אָנגעפילט מיט גליק און אויף אַ ווייל האָט פאַר זיינע אויגן ווידער אַ שוועב געטאָן קריסטעס פאַרכישופטער שמייכל. דעם גאַנצן אָוונט האָט ער אָפּגעגעבן אויף אָנשרייבן קריסטען אַ גאַנגן בריוו. ס'איז אייגנטלעך נישט געווען קיין ליבע=בריוו, נײַן, אויך נישט קיין ליבע=דערקלערונג; אָבער אַ פרוי, וועלכע קאָן לייענען צווישן די שורות, וואָלט אויסגעצייכנט געקאָנט אַרויסלייענען דאָס, וואָס זי וואָלט געוואָלט אַרויסלייענען.

ער האָט געשריבן, אַז זינט יענעם שמועס אין קאַפע „רעזידענץ", איז זי אים אויף עפּעס אַ וואונדערלעכן אופן געוואָרן נענטער. אַז ער קאָן נישט פאַרגעסן איר שילדערונג פון דער מעסע אין דער קאַטעדרע פּאַלמאַ=דע=מאַלאָרקאַ, און ס'פאַרגייט נישט קיין טאָג, אַז ער זאָל וועגן דעם נישט טראַכטן. דערביי הערט ער כסדר די וואונדערלעכע אָרגל=טענער פון דער האָזיקער קאַטעדרע.

„...איך זע נאָך אַלץ כסדר אייער פאַרטרוימט פּנים, בעת איר האָט פאַרענדיקט אייער דערציילונג", — האָט ער איר געוואָלט שרייבן, ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן, וואָרעם אין דער אמתן איז די וויזיע פון איר פאַרטראַכטן פּנים ביי אים פאַרשוואונדן, און דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט אומעט. האָט ער צו איר געשריבן, אַז ס'איז זייער מערקווירדיק, וואָס שוין בלויז טראַכטנדיק וועגן איר, פילט ער זיך אַ געלייטערטער און מער עמפּינדלעך אויף אַלעם וואָס גוט איז, אַזוי אַז ער איז איצט ווידער אימשטאַנד צו לייענען לידער, וועלכע האָבן אים פריער זיך אויסגעוויזן צו זיין באַנאַל און פלאַך. ער פילט זיך באמת אַלס אַ בע=

סערער מענטש. נאַטירלעך, איז דאָס פון זיין זייט פשוט עגאָיזם, וואָס ער וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל שוין צוריקקומען. ער איז זיך אָפּן דערצו מודה, און ער טרוימט וועגן דעם, ער זאָל דאַן שטענדיק זיין נעבן איר. ווי געזאָגט, איז דאָס געווען אַ לאַנגער בריוו, אַן אַרט השתפכות הנפש, פון וועלכער זי האָט געקאָנט פאַרשידנס אַרויסדרינגען.

## XII

די נייע אויפבוי־צענטראַלע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט. די שרייבמאַשינ־קעס האָבן געקלאַפּט, און די נייע מיטאַרבעטער זענען געזעסן איינגעבויגענע איבער די צייכן־טישן. פּאַביאַן האָט ליב באַקומען זיין נייע באַשעפטיקונג. זי האָט נישט געהאַט קיין ריין ביוראָקראַטישן כאַראַקטער און האָט אים דערמעגלעכט צו זיין אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע מענטשן. טראָץ דעם שלל אַרבעט, האָט ער נאָך יעדן טאָג געהאַט אַ פּאָר שעה אויך פאַר זיך. דערצו איז אים העכסט אָנגענעם געווען, וואָס ער האָט זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן צו אַ פּאָסטן, וואָס פאַרזיכערט אים אַ רואיק לעבן, אָן זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ, צוגלייך מיט טויזנטער אַנדערע מלוכהשע און מוניציפּאַלע באַאַמטע.

אין פאַרשידענע גאַסן פון דער שטאָט האָט מען שוין אויפגעריסן דעם ברוק, ס'האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע, פאַרפּעכיקטע מאַשינען מיט קעסלען, וואָס זייער סמאָלע־געשטאַנק האָט אָנגעפילט די גאַנצע שטאָט. די אַספאַלט־אַרבעטער פון די אַנדערשטאָטישע פירמעס האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט.

פּאַביאַן האָט זיך שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט, און די צאָל אַרבעטלאָזע האָט זיך פאַרקלענערט פון טאָג צו טאָג.

איינער פון די ערשטע אינטערעסאַנטן אין זיין נייער ביוראָ איז געווען דער אַרכיטעקט קריג.

מיט צעשויבערטע האָר און אַ צעפּלאַטערטער בינדע איז ער אַ צעשטורעמ־טער אַריין צו אים אין צימער און אויסגעשטרעקט די הענט אַנטקעגן, ווי ער וואָלט אים שוין יאָרנלאַנג נישט געזען.

— זאָגט מיר נאָך איין זאַך, מיין פריינד! — האָט ער אַ צעהיצטער אויסגע־רופן — זאָגט מיר איין זאַך! ווי אַזוי איז עס דער דאָזיקער טאַובענהאַוז אַרויפגע־קומען אויפן געדאַנק וועגן אַ נייעם מאַרקפּלאַץ? דאָס איז דאָך מיין אידעע, מיט וועלכער כ'טראָג זיך שוין אַרום פינף יאָר, און טאַובענהאַוז איז דאָך דאָ בסך־הכל קוים עטלעכע חדשים!

פּאַביאַן האָט זיך צעלאַכט און פאַרגעלייגט קריגן אַ גלעזל קאָניאַק.

— באַרואיקט אייך, ליבער פריינד, — האָט ער געזאָגט. — איך האָב טאַו־בענהאַוזן געמאַכט אייניקע פאָרשלאָגן צו זיין פּראָגראַם, אויך וועגן אייער אידעע

אויסצובויען אַ נייעם מאַרקפּלאַץ. כ׳האָב געהאַלטן אײַער אײַנפֿאַל פֿאַר אויסגעצייכנט און געוואָלט דערויף תּיכּף אויפֿמערקזאַם מאַכן טאָובענהאַוזן.

קריגן איז אַ שטיין אַראָפּ פֿון האַרצן. ער איז אויפֿגעשפּרונגען און געדריקט פֿאַביאַנען די האַנט.

— אַלזאָ, איר האָט דאָס געטאָן! הייסט עס, אַז אײַך האָב איך צו פֿאַרדאַנקען, וואָס דער צווייטער מאַרקפּלאַץ האָט פֿאַרנומען אַזאַ אָרט אין דער גרויסער רעדע!

— האָט ער אויסגערופֿן און פֿון פֿרייד אַרומגעטאַנצט איבערן צימער. — מ׳וואָלט געקאָנט מיינען, אַז איך האָב גאָר געגנבֿעט די דאָזיקע אידעע בײַ טאָובענהאַוזן. איר ווייסט שוין מן־הסתּם, אַז אויך איך האָב איצטער באַקומען דעם באַוווּסטן בריוו? דער רעמאָנט פֿון בירגערמייסטערס וווינונג איז דאָך שוין פֿאַרענדיקט! אויב די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג וועט מיך באַפֿרייען פֿון פּאָסטן, גלייבט מיר, אַז איך בלײַב דערמיט מיט מײַנע ביידע מיידלעך אויף דער גאַס, אָבער דאָס, וואָס איר האָט מיר געזאָגט, גיט מיר צו אַ ביסל בטחון.

ער האָט אַרויסגעצויגן פֿון קעשענע ראָלקעס פּאַפּירן און זיי פֿאַנאַנדערגעוויקלט אויפֿן טיש.

— גיט אַ קוק, אַזעלכע פּלענער קאָן מען נישט אָנצייכענען במשך פֿון עטלעכע טעג. קאָן איך מיר אָנגיסן נאָך אַ גלעזל קאָניאַק?

— כ׳בעט אײַך האַרציק!

פֿאַביאַן האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין שטודירן די פּלענער, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן זייער געוויסנהאַפֿט און מיט אַ פּעדאַנטישער גענויקייט.

— דער פּלאַץ וועט זיכער זייער שיין אויסזען, — האָט ער געזאָגט. — האָט נישט קיין מורא, אַז די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג וועט אײַך באַפֿרייען פֿון פּאָסטן. מיר וועלן אָן איר מוזן אַ סך אַרבעטן צוזאַמען, ליבער פֿרײַנד. איר זענט דאָך אַ פֿאַכמאַן אין אַ סך געביטן. שוין בעת מײַן נאָענטסטן וויזיט וועל איך טאָובענהאַוזן פֿאָרלייגן אײַערע פּראָיעקטן.

דער אַרכיטעקט האָט אַזש געפּאַטשט אין די הענט.

— אויף אַן אמת? און איר וועט אים אויך זאָגן, אַז איך טראָג זיך אַרום מיט דער דאָזיקער אידעע שוין פֿינף יאָר? אַפֿילו קריגער האָט זיך וועגן דעם וואַרעם אָפּגערופֿן, הגם ער האָט שטענדיק געקאַרגט געלט. ס׳וואָלט פֿאַר מיר געווען ממש אַ רעטונג, ווען איך באַקום די דאָזיקע אַרבעט. צווישן אונדז גערעדט, האָב איך די לעצטע טעג נישט געקאָנט געפֿינען קיין רו. פֿאַרגעסט נישט, אַז איך דאַרף אויסהאַלטן צוויי מיידלעך, הערמינען און העלענען, צוויי יונגע דאַמען, וועלכע שטעלן שוין פֿאָדערונגען. גיט טאָובענהאַוזן אויך אָנצוהערן, אַז כ׳בין אַפֿילו גרייט אַרײַנצוטרעטן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויב ס׳איז נייטיק.

— כ׳גלייב נישט, אַז דאָס זאָל נייטיק זײַן.

קריג האָט זיך צעלאַכט.

— איר ווייסט דאָך אַזוי גוט ווי איך, אַז אַלע אַרבעטן ווערן איבערגעגעבן נאָר פּאַרטיי־מיטגלידער, — האָט ער אויסגערופן.

פּאַביאַן האָט אים געענטפערט מיט אַ ווירדיקער מינע:

— ניין, — האָט ער געזאָגט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, — איך ווייס נישט דערפון, און ווען אפילו כ'וואָלט געוווסט, וואָלט איך וועגן אַזעלכע זאַכן נישט גערעדט אין דער עפנטלעכקייט, מ'דאַרף נישט גלייבן אין אַלץ, וואָס מענטשן זאָגן.

קריגער האָט געוואָרפן אויף אים אַ בליק פון דער זייט.

— איר זענט גערעכט, ליבער פריינד, — האָט ער אים געענטפערט מיט אַ פאַרענדערטן טאָן און זיך באַמיט צו זיין צוריקגעהאַלטן. — מענטשן פּלוידערן היינט באמת נישט געשטויגענע זאַכן. כ'וואָלט אייך געווען זייער דאַנקבאַר, ווען איר וואָלט זיך געוואָלט אַ ביסל איינשטעלן פאַר מיר ביי טאָובענהאַוזן. פּריוואַטע אַרבעטן זענען היינט, ווי איר ווייסט, באמת אַ זעלטנקייט. דער רעמאָנט פון טאָובענהאַוזס וווינונג האָט מיך געקאָסט אַ סך מי, אָבער איך קאָן דאָך נישט פאַר דעם פאַרלאַנגען קיין באַזונדערן האָנאָראַר, אמת? איר וועט אַלזאָ אַליין זען, וואָס ס'וועט זיך לאָזן דערגרייכן. מאָרגן גיי איך צו האַביכטן, איר קאָנט דאָס טאָובענהאַוזן געבן אָנצוהערן.

ווען פּאַביאַן האָט טאָובענהאַוזן פאָרגעלייגט קריגס פּראָיעקטן, איז ער גראָד געווען אין אַ געדריקטער שטימונג.

— דער דאָזיקער קריג, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָך מער נישט ווי אַ פּעדאַנט און פּחדן. כ'האָב אים אָפּגעמשלט אַזעלכע הערלעכע טרעפּ פאַר מיין פּריוואַטער וווינונג, מיינט איר, אַז ער האָט געוואָגט זיך צו נעמען בויען? „מ'וואָלט געדאַרפט, האָט ער געזאָגט, אַלץ איבערבויען, די טרעפּ דאַרפן קאָסטן דרייסיק טויזנט מאַרק". וואָס גייט עס מיך אָן, פרעג איך אייך? איז אַ בירגערמייסטער נישט ווערט קיין דרייסיק טויזנט מאַרק? וואָס שייך די פּראָיעקטן — זענען זיי גאַנץ גוט, גוט און זאָרגפעלטיק געמאַכט, אָבער וואָס קאָן מען אַרויסלייענען פון די אַלע האָריזאָנטאַלע און ווערטיקאַלע, פון די אַלע לאַנגווייליקע ליניעס? איך פרעג אייך, הער רעגירונגס־ראַט, צי דען זשע האָט דער דאָזיקער קריג קיינמאָל נישט געהערט וועגן אַזאַ זאַך ווי פּערספּעקטיוו?

— דאָס זענען דאָך בלויז ריין טעכנישע צייכענונגען, — האָט פּאַביאַן געוואַגט צו באַמערקן.

— אָבער מיר זענען דאָך נישט קיין טעכניקער און נישט קיין בוימייסטער. מיר מוזן עפּעס זען! זאָגט קריגן, ער זאָל פאָרשטעלן פּערספּעקטיוו־צייכענונגען, פון וועלכע ס'זאָל עפּעס קאָנען פאַרשטיין אַפילו אַ דילעטאַנט. ערשט דעמלט וועלן מיר זיך קאָנען דעצידירן.

„פּערספּעקטיוו־צייכענונגען? נאָר פאַר אָביעקטן, וואָס קאָסטן מיליאָנען, איז מעגלעך אַרויסצושטעלן אַזעלכע פאָדערונגען" — האָט אים קריג דערקלערט. ביי

פּאַביאַנען האָט געאַרבעט אַ יונגער, זייער באַגאַבטער מאָלער, וועלכער האָט אויסערגעוויינלעך געשיקט אויסגעפירט עפעקטפולע פּראָיעקטן, וועלכע דער ארכיטעקט קריג האָט באַצייכנט אַלס „רעקלאַמעס און פּלאַקאַטן". לסוף האָט זיך אָבער קריג געלאָזט צורעדן צו אַרבעטן צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן מאָלער.

— וואָס טוט ניט אַ מענטש פאַר צוויי מיידלעך, וועלכע זענען שוין ראוי לחופּה? — האָט ער געזיפצט.

דער יונגער מאָלער האָט צו פּאַביאַנס גרעסטער צופרידנקייט גלענצנדיק דערפילט זיין אויפגאַבע. יאָ, ווי אַנדערש האָט איצטער אויסגעזען דער ווייסטער פּלאַץ הינטער דער רייטשולע! מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ מאַרקפּלאַץ פון אַן איטאַליעניש שטאָט. אַ פילפאַרביקער המון האָט זיך געשטופּט ביי די אויסגעוועלבטע דורכגענג, איבער די בודקעס פון גרינס און פּאָמעראַנצן האָבן זיך געוויגט קאָלירטע שירעמס, ניט ווייט האָבן שפּאַצירט עלעגאַנט געקליידטע דאַמען, ס'זענען געפאָרן פּרעכטיקע אויטאָבוסן, און איבער די דעכער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ הערלעכער בלויער הימל.

— דאָס הייסט פאַלש פאַרשטעלן די ווירקלעכקייט, — האָט קריג געלאַכט. — מ'וועט קיינמאָל ניט זען אַזאַ הימל אין דער דאָזיקער שטאָט!

אַזעלכער איז ער שוין געווען דער דאָזיקער קריג. קיינער קאָן אַ מענטשן ניט איבערמאַכן.

פּאַביאַן אָבער האָט אַרויסגערופן דעם יונגן מאָלער אויף אַ שמועס.

— איר האָט וועגן עפּעס פאַרגעסן, — האָט ער צו אים געזאָגט. — ווייסט איר וועגן וואָס? אויפן גאַנצן מאַרקפּלאַץ זעט מען ניט קיין איינציקן מענטש אין אַ ברוינעם מונדיר, אָן וועלכן עס ווירקט הייַנט ניט איבערצייַגנדיק אַ בילד פון אַ דייטשישער שטאָט. אָבער דאָס לאָזט זיך נאָך פאַרריכטן, אמת? חוץ דעם, מיין איך, אַז מיר מוזן דעם נייעם מאַרקפּלאַץ אַ נאָמען געבן, שרייבט אונטן צו: טאובענהאוז-פּלאַץ.

טאובענהאוז איז געווען אַנטציקט פונעם בילד.

— אָט אַזוי טאַקע דאַרף אַ זאַך אויסזען, מ'זאָל זיך קאָנען אין איר אַנגאַזשירן, — האָט ער דערקלערט, — מען דאַרף דאָך דעם עולם עפּעס ווייזן. אויסגעצייכנט! אויסגעצייכנט! ווי איך זע, האָט דער דאָזיקער קריג אַפילו שוין אַ נאָמען געגעבן דעם פּלאַץ.

— דאָס איז געווען מיין פאָרשלאַג, אויב איר דערלויבט, — האָט פּאַביאַן באַשיידן געזאָגט.

טאובענהאוז האָט אַראָפּגענומען די ברילן און געהויכט אויף זיי. ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— דאָס שמייכלט מיר, איך דאַנק אייך. אָבער מיר וועלן דעם פּלאַץ משנה שם זיין. מיר וועלן אים אַ נאָמען געבן „האַנס-רומף-פּלאַץ", אַנדערש וואָלט מען

אונדז געקאָנט פאַרוואַרפן פּוסטע גאווה. אין פיר וואָכן אַרום זאָל מיר קריג פאַרלייגן אַלע פאַרגעזעענע הוצאות און די מעגלעכע הכנסות. ווי ווייט האַלט איר שוין מיטן אַספּאַלטירן די גאַסן?

* * *

יעדן פאַרמיטאָג און אָוונט־צייט פלעגט פאַביאַן אַריינפאַלן אין זיין אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע, כדי צוצוהערן די לויפנדיקע ענינים און אונטערשרייבן אייניקע בריוו.

פאָרנדיק אַזוי איין מאָל צו דער קאַנצעלאַריע, האָט ער פּלוצים ווידער דערזען די פויערטע מיטן געלן טיכל. אויף וויפל ער האָט געהערט, האָט די פרוי אַליקסינט אייניקע וואָכן אַנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלע אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריעס מיט איר ספּראַווע. איצטער איז זי געשטאַנען פאַרן שויפנצטער פון ניקאָלאַיס יובילער־מאַגאַזין, אַ באַצויבערטע פון בריליאַנטענעם האַנקרייץ, וואָס איז געווען דאָס אייגנטום פון דער פרוי צעציליע ש. זי איז געווען אויף אַזויפיל באַגייסטערט, אַז זי איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און אָנגעשפּאַרט זיך מיט די דלאָניעס אין שויפנצטער. פאַביאַן האָט דאָס געקאָנט געניי אָבסערווירן, ווייל גראָד האָט זיך זיין אויטאָ פאַרהאַלטן אויף דעם דאָזיקן אָרט.

אינעם זעלביקן מאָמענט איז שטיל צוגעפאָרן אַ געוויינלעכער אויטאָ, פון וועלכן ס'זענען אויסגעשטיגן צוויי הערן. איינער פון זיי האָט די פויערטע אַ ריר געטאָן פאַר די אַקסלען. אַז זי האָט זיי דערזען, האָט זי אויפגעציטערט פון שרעק און שרייענדיק געגומען אַנטלויפן. אָבער ביידע מענער האָבן זי תיכף פעסט אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעשטופּט אין אויטאָ, נישט קוקנדיק אויף איר פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד און מוראדיקן געשריי. דער אויטאָ איז אָפּגעפאָרן, און פאַביאַן האָט בלויז באַוויזן צו זען — שוין ווייט אין גאַס, ווי צוויי הענט האָבן פאַרצווייפלט געריסן זיך פונעם אויטאָ־פענצטער.

דאַן איז דער אויטאָ נעלם געוואָרן.

## XIII

אַ שפּאָר ביסל צייט איז אַדורך ביז קריג האָט באַקומען די באַשטעלונג. ער האָט שוין פאָרגעשטעלט אַ סמעטע פון הוצאות און הכנסות, אַ גענויע קאַלקולאַציע און אויסרעכענונגען פון דער מעגלעכער דעקונג. אויפן נייעם פּלאַץ וועלן זיין פערציק גרויסע געוועלבער און מאַגאַזינען, ס'וועט אויסוואַקסן אַ נייער האַנדלסקוואַרטאַל. אָבער דער זעלבער טאַובענהאַוז, וועלכער האָט אָן שום וואַקלענישן געהייסן זיך מאַכן טרעפּ פאַר דרייסיק טויזנט מאַרק, האָט איצטער געהאַט אָן אַ שיעור באַוואָרענישן. ענדלעך איז אָנפאַרטרויט געוואָרן שילינגען, פאַביאַנס נאָכפאָלגער, אָפּצוקויפן די רייטשולע.

דאָ אָבער איז אַנטשטאַנען א נייע מניעה, וואָס האָט בכלל געשטעלט דעם גאַנצן פּלאַן אונטער א פראַגעצייכן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רייטשולע איז גראָד איצטער איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענט. יאָרנלאַנג האָט זי געהערט צו א מילנער, וועלכער האָט זי באַנוצט פאַר א סקלאַד פון ליידיקע מעל-זעק און מער גאָרנישט. מיט פיר וואָכן צוריק האָט אָבער די רייטשולע אָפּגעקויפט עפּעס אַן אַנדערשטאָטישער אונטערנעמער, און דעם קויף-אַקט האָט געמאַכט דער יורידישער ראַטגעבער שוואַבאַך. דער פרעמדער אונטערנעמער האָט בדעה געהאַט איבערצובויען די רייטשולע אויף א קינאָ.

דער אַרכיטעקט קריג איז געוועזן אויסער זיך.

— עפּעס א פאַטאַלער גורל! — האָט ער געקלאָגט און אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל. — קום מיט פיר וואָכן צוריק, נו, זאָגט אַליין! אוודאי האָבן מיר פאַרלוירן א סך צייט. ס'איז באמת נישט לייכט צו לעבן אויף דער דאָזיקער וועלט!

— אָבער מיר דאַרפן נאָך נישט פאַרלירן דעם מוט, ליבער פריינד, — האָט אים פאַביאַן באַרואיקט.

— אַך, כאָטש רייסן די האָר פון קאָפּ! — האָט קריג געשריגן.

פּלוצים האָט טאַובענהאַוז געמאַכט א גרויסמוטיקן זשעסט, אויף וועלכן קיינער האָט זיך נישט געריכט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיטן פּראָיעקט, איז אים שוין שווער געווען פון אים צו רעזיגנירן. שוואַבאַך האָט געמוזט צוריקקויפן די רייטשולע פונעם פרעמדן אונטערנעמער, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן נאָך פיל שוועריקייטן.

דער פרעמדער אונטערנעמער האָט במשך פון פיר וואָכן פאַרדינט אויף דער דאָזיקער טראַנזאַקציע דרייסיק טויזנט מאַרק.

דער אַרכיטעקט קריג האָט פריי אָפּגעאָטעמט.

— ס'האָט קיין סך נישט געפעלט און דער בייזער צופאַל וואָלט אונדז אָפּגעשפּילט א חתונה, — האָט ער א גליקלעכער אויסגערופן און פאַרבעטן פאַביאַנען אויף אָוונטברויט.

פאַביאַן האָט זיך פאַרטראַכט.

— לאָמיר זיך מער נישט גריבלען אין דעם, וואָסער צופאַל דאָס איז געווען, — האָט ער געזאָגט. — לאָמיר זיך בעסער פרייען, וואָס אַלע שוועריקייטן זענען באַזייטיקט געוואָרן.

אַחוץ אים, קריגן און טאַובענהאַוזן האָט קיינער וועגן דעם פּראָיעקט נישט געוווּסט. איצט ערשט איז אים קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס טאַובענהאַוז האָט מיט אַזאַ עקשנות אונטערגעשטיצט די אָפערטע פון "ציר" בערלינער אַספאַלט-פירמע, כאָטש זי איז געווען מיט צען פּראָצענט העכער פון אַנדערע. אַצינד האָט ער שוין פיל זאַכן פאַרשטאַנען.

אין די צייטונגען האָבן זיך באַוויזן אינטערעסאַנטע פאָטאָגראַפיעס פון די אַספאַלט-אַרבעטן און דאָס פאַנטאַסטישע בילד פון נייעם מאַרקפּלאַץ, וואָס האָט דערמאָנט דעם צויבער פון די דרום-איטאַליענישע שטעט.

טאַובענהאַוז איז געווען באַגייסטערט. „מען דאַרף דעם פאָלק עפּעס ווייזן!" — דאָס איז געווען זיין באַליבטער אויסדרוק.

— פּראָפּאַגאַנדע איז דאָס וויכטיקסטע אויף דער וועלט. ניט אַריין בילדער אין די צייטונגען, וויפל גאָר איר קאָנט.

הגם דער נייער מאַרקפּלאַץ האָט געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן ערשט אין פרילינג, האָבן שוין איצטער זיך געפונען אַ סך בעלנים אויף די געוועלבער, וואָס די שטאָט וועט בדעה האָבן צו פאַרדינגען.

מענטשן האָבן שוין געהערט, אַז די שעלהאַמער-פאַבריקן האָבן אָפּגעדונגען דעם עלעגאַנטסטן מאַגאַזין. מ'האָט זיך אויך תוך דעם דערמאָנט האַמבורגער שיף-פאַבריק, און אַז דער שניידער מערץ האַלט ביים עפענען אויפן נייעם מאַרק אַ מאַגאַזין פון מיליטערישע מלבושים.

קריג איז געווען אויסער זיך פון פרייד.

— כ'פריי זיך פאַר מייגע ביידע מיידלעך, — האָט ער געזאָגט.

טאַובענהאַוז האָט אים געלאָזט מודיע זיין, ער זאָל נישט זשאַלעווען קיין שום הוצאות, די געוועלבער זאָלן האָבן באמת אַ גרויסשטאָטישן אויסזען.

טאַובענהאַוזן האָט געברענט די אמביציע. ער האָט בפירוש קאָקעטירט דעם עולם, כדי ביי אים נושא-חן זיין, מען זאָל פון אים רעדן, מען זאָל אים לויבן, ער האָט געוואָלט אומבאַדינגט זיין אין צענטער פון אַלע ענינים. זיין דראַנג צו רעקלאַמירן זיך איז געווען אָן אַ גרענעץ. ווער ס'וואָלט זיך אויף אים דערקענט און גענומען אין באַטראַכט זיינע פאַרלאַנגען, וואָלט געקאָנט אויסגעצייכנט מיט אים מיטאַרבעטן. און פאַביאַן האָט זיך אויף אים פאַרשטאַנען פון דער ערשטער מינוט אָן.

די געלט-זאַמלונג, וועלכע טאַובענהאַוז האָט אינספּירירט בשעת זיין גרויסער רעדע, האָט געהאַט אַן איבערראַשנדיקן דערפאָלג. זי האָט אַריינגעבראַכט קיילעכיקע צוויי מיליאָן מאַרק. בלויז די שעלהאַמער-פאַבריקן האָבן דעקלאַרירט פערציק טויזנט. שפּעטער איז טאַובענהאַוזן געלונגען צו באַקומען די הסכמה פון די ראַטמענער צו מאַכן אַן הלוואה פון צוועלף מיליאָן אויף אַן התחלה, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. מ'האָט געדאַרפט האָבן אַ סך געוואַגטקייט אויף צו ווענדן זיך מיט אַזאַ פאָרשלאָג צו די ראַטמענער, וואָרעם אין קריגערס צייטן האָבן זיי אויפגעהויבן אַ ויצעקו, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן הונדערט טויזנט מאַרק. די מערהייט פון זיי האָט אָבער געהערט צו דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פאַרטיי און דערצויגן געוואָרן מיטן געדאַנק, אַז די עיקר-אויפגאַבע פון געלט באַשטייט אין דעם, ס'זאָל זיין אין גאַנג.

מיט אַזאַ סומע האָט מען שוין געקאָנט עפּעס אויפטאָן. פּאַביאַן האָט אָפּגע־האַלטן כסדרדיקע קאָנפערענצן מיט אַרכיטעקטן, בוימייסטער, בויאַרבעטער, אינ־זשעניערן, גערטנער, אַזוי אַז ער האָט זיך גישט געלאַנגווייליקט, בשעת קריסטע האָט פאַרבראַכט אין פלאָרענץ.

טאָובענהאוזן האָט די אַמביציע נישט געלאָזט רוען, און כמעט יעדן טאָג פלעגט ער קומען צו פאַביאַנען מיט נייע פאָרשלאָגן.

דער ווינטער איז שוין געשטאַנען פאַר דער טיר און טאָובענהאוז האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אינעם דאָזיקן יאָר וועט מען קענען דורכפירן בלויז צוגרייטונגס־אַרבעטן. אין פרילינג וועט ער זיך אָבער א נעם טאָן, ווי ס'באַדאַרף צו זיין! איין זאך איז אים אָבער זייער געלעגן אויפן האַרץ. ווינטער־צייט קאָן מען חאָטש אַן אמת נישט בויען, אָבער פּלאַנירן קאָן מען דאָך, אמת? אָן אויפ־הער האָט אים באַשעפטיקט די געפּלאַנטע צפון־דרומדיקע טראַסע.

— דער גאָולייטער, ליבער רעגירונגס־ראַט, פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל ווי צום שנעלסטן דורכהאַקן די צפון־דרומדיקע טראַסע, — האָט ער געזאָגט צו פאַביאַ־נען. — „אַ שטאָט מוז מען קענען שנעל אַדורכשניידן אין אַלע ריכטונגען“, זאָגט ער. לאָמיר אָננעמען, אַז ס'ברעכט אויס א מלחמה, וואָס וואָלט דעמלט געווען? אוודאי, מיר ביידע ווינטשן זיך נישט קיין נייע מלחמה, אָבער כ'גלייב נישט, אַז מיר זאָלן זיך פאַרן דאָזיקן געדאַנק דערשרעקן, האַ? אַזוי צי אַנדערש, מוזן מיר זיך ענערגיש נעמען, מיין ליבער רעגירונגס־ראַט, צו דער אַרבעט דורכצוהאַקן די טראַסע.

און פאַביאַן האָט זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צו דער טראַסע.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן לאַנגע באַראַטונגען מיט פאַרשידענע פאַכלייט. די צפון־דרומדיקע טראַסע איז פונדעסטוועגן אַ פּראָיעקט, איבער וועלכן מ'האָט זיך גע־דאַרפט ערנסט מיישב זיין. מ'האָט דערלויבט דער פּרעסע אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דעם ענין. די פּרעסע האָט כמעט איינשטימיק מסכים געווען מיטן געדאַנק וועגן בויען די טראַסע. דער אינדוסטריעלער אויפבלי פון דער שטאָט און די מעגלעכקייט פון א מלחמהאויסברוך!!! טאָובענהאוז האָט געקאָנט דערלויבן דער פּרעסע אַרויס־צוזאָגן זיך, מחמת ער איז געווען זיכער, אַז ס'וועט גענוג זיין זייגס אַ ווונק, און די פּרעסע וועט אַנטשוויגן ווערן.

דער פּאָלקאָווניק מינען, וועלכער איז געווען פון אַלעמען געאַכטעט, האָט דעם ענין באַלויכטן פון סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט. אוודאי איז די נייע טראַסע נייטיק, יאָ, עס איז לעבנסוויכטיק! „לאָמיר קוקן אויף דער מעגלעכקייט פון א מלחמה דרייסט אין די אויגן אַריין!“ — האָט ער געשריבן. — לאָמיר אָננעמען, אַז די סטראַטעגיע פאָדערט אָנצוגרייטן דעם שונא פון צפון־זייט, לאָמיר אָננעמען, אַז די סטראַטעגיע וויל דעם שונא אַריינגאַרן אין אַ פאַסטקע און אַריינפירן אים אין אַ טעות מיט אַ שנעלן ריקצוג־מאַנעוור אויף דרום. טאַקע צוליב די דאָזיקע טעמים

פֿאָדער איך דורכצושלאָגן די טראַסע, און יעדער אמתע פּאַטריאָט וועט דאָס זעלביקע פֿאָדערן".

ס'איז געווען ממש צו שטוינען, מיט וואָסער שנעלקייט די עפֿנטלעכע מיינונג איז געוואָרן פֿאַרן דורכברעכן די טראַסע.

דער דאָזיקער ענין איז שוין דערבאַטירט געוואָרן מיט צען יאָר צוריק. אָבער דעמאָלט האָבן זיך כמעט אַלע אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּלאַן: דער היסטאָריקער-פֿאַריין, די ליגע צו פֿאַרשענערן די שטאָט, די קונסט-אַקאַדעמיע, די קינסטלער און אַרכיטעקטן, די פּרעסע פֿון אַלע שאַטירונגען, דער הויזבאַזיצער-פֿאַריין, די קאַפּוציִנער, ווי מ'פֿלעגט אָנרופֿן די איינוווינער פֿון דער קאַפּוציִנער גאַס. אויך דער אַרכיטעקט קריג גופֿא האָט דעמאָלט געמאַכט אַ ליאַרעם. וווּ זענען אָבער אַהינגעקומען די דאָזיקע לייט? זיי האָבן נישט געוואַגט צו עפֿענען די מיילער, זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, ס'האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן נישט עקזיסטירט.

דער אַרכיטעקט קריג האָט אַ ביסל געקלאָגט, וואָס די אַלטע באַראָק-פֿאַסאַדן וועלן פֿאַרשווינדן פֿון דער קאַפּוציִנער גאַס. אין דער פּרעסע אָבער איז וועגן דעם געווען שטיל.

— סאַראַ גרויסער שאָד די הערלעכע, אַלטע פֿאַסאַדן, — האָט ער געקלאָגט און אָוועקגעזעצט זיך אויף זיין שטול אינגאַנצן אַ צעבראָכענער.

— ווען דאָס אַלטע שטייט אין וועג, — האָט פֿאַביאַן געזאָגט, — מוזן מיר עס אָפּרוימען, מעג עס זיין ווי שיין. די שטאָט מוז צערייסן די קייטן, וועלכע זענען אויף איר אַמאָל צוליב וואָסערע נישט איז סיבות אַרויפֿגעלייגט געוואָרן. ניט אַ טראַכט וועגן אַ מלחמה, למשל. וואָלט דען מעגלעך געווען, אַז מיליטערישע אויטאָס און טאַנקן זאָלן קאָנען דורכפֿאָרן דורך דער ענגער קאַפּוציִנער גאַס? אַ מאָדערנע שטאָט דאַרף לופֿט און פֿרייהייט.

קריג האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— כ'זע שוין, אַז כ'קאָן זיך מער נישט צופּאַסן צו דער נייער צייט, — האָט ער געזאָגט אַ רעזיגנירטער. — אָבער דערלויבט מיר אַ פֿראַגע: וווּ זאָלן זיך אַהינטאָן אָט די אַלע מענטשן פֿון דער קאַפּוציִנער גאַס? ווו? — ער האָט פֿאַרבראָכן די הענט.

פֿאַביאַן האָט געלאַכט.

— ווען ס'האַנדלט זיך אין טובֿת-הכּלל, קאָן מען זיך נישט רעכענען מיט אַזעלכע נעבעכזאַכן. מ'מוז זיך בלויז רעכענען מיט דער נויטווענדיקייט. מ'וועט מוזן די מענטשן איינאָרדענען אין די האָטעלן אָדער ערגעץ אַנדערש. ניט אַ טראַכט וועגן בערלין, מינכען, האַמבורג; טאַובענהאַוז טוט דאָס זעלביקע. מיינט איר, אַז דאָרט טאַכט מען גרויסע שהיות? דער בערלינער בירגערמייסטער האָט אויך געפּרוווט פּראָטעסטירן און געמוזט לסוף אָפּטרעטן פֿון זיין פּאָסטן, ווייל ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די העכערע מאַמיען. נאַטירלעך, האָבן מיר שוין אויך געטראַכט

וועגן אייערע בידנע קאַפּוציגנער. איר וווּנדערט זיך? אויפֿן וועג קיין אַמזעלוויז דאַרף אָנטשטיין אַ גאַנץ נייע פֿאַרשטאָט. דאָס וועט זיין אַ מאָדערנע דייטשישע גאָרטן־שטאָט, אַ שטאָט פֿאַר צען טויזנט איינוווינער. די פּלענער זענען שוין כמעט פֿאַרענדיקט. בקרוב וועלן די קאַפּוציגנער זיך קאָנען אויסקלייבן נייע דירות.

קריג האָט זיך אויפֿגעהויבן. „ער איז שוין אויך אַ געכאַפּטער", — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און זיך געזעגנט מיט פֿאַביאַנען אין אַ געדריקטער שטימונג.

אויף דער קאַפּוציגנער גאַס האָבן אָנגעהויבן ווילדעווען די קילאָפּן, משאָאויטאָס, באַלאָדענע מיט גרוז, זענען געפֿאָרן דורך דער שטאָט. די אַלטע קאַפּוציגנער גאַס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הויפֿן גרוז. וווּ זענען אַהינגעקומען די איינוווינער פֿון דער קאַפּוציגנער גאַס, די „קאַפּוציגנער"? די דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, סיחרים, באַאַמטע, עמעריטן? זיי זענען פֿאַרשוווּנדן נישט טוענדיק קיין פּיפּס און מ'ווייסט נישט וווּ. דער שטאָטישער מוזיי האָט זיך באַזאָרגט מיט עטלעכע אַלטע שלעסער און קליאַמקעס.

פֿאַביאַן איז במשך פֿון אַ קורצער צייט געוואָרן אַ מאַכט אין שטאָט. מ'מוז אָבער מודה זיין, אַז ווען ס'איז נייטיק געווען, האָט ער אויסגענוצט זיין גרויסן איינפֿלוס לטובת זיינע פֿריינד אויך. אַזוי האָט ער אויך נישט פֿאַרגעסן וועגן חשובן מעדיציניש ראַטגעבער פֿאָלע פֿון אַמזעלוויז.

לעצטנס איז פֿאַביאַן געווען אָפֿט אין קאָנטאַקט מיטן פּראָפֿעסאָר זאַנדקול, דעם דירעקטאָר פֿונעם שטאָטישן שפּיטאָל, אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָיעקט איבערצוטראָגן דעם שפּיטאָל אויסערהאַלב דער שטאָט. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער פֿאַרקירעוועט דעם שמועס אויפֿן פֿאַרדינסטפֿולן גרינדער פֿונעם רענטגען־אינסטיטוט פֿאָלע אין פֿאַרגעשטעלט יענעמס בקשה. ס'האַנדלט זיך, ווי ער קאָן אים דאָס זאָגן בסוד, וועגן אַן עפּאָכעמאַכנדיקער דערפֿינדונג פֿון דעם וועלט־באַרימטן געלערנטן.

פֿאַר דעם דאָזיקן ענין איז געווען שווער צו געווינען דעם פּראָפֿעסאָר זאַנדקול.

„פֿאָלע וועט מיר קאַליע מאַכן די זעלטענע אַפּאַראַטן, — האָט ער זיך געוועדט. — אַלס ייד איז ער פֿול מיט איינגעבוירענעם האַס. לייענט, כ'בעט אייך, מיין בוך. די ביבל דערציילט נענוג וועגן זייער פֿאַרטערישן און שווינדלערישן כאַראַקטער. איז דען נישט קיין גענוגנדיקער באַווייז די מענטאַליטעט פֿון אַ יחודית?".

זאַנדקול האָט נישט לאַנג צוריק פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך וועגן „דער פּסיכאָלאָגיע פֿון די יידן", ווו ס'איז געקומען צום אויסדרוק זיין בליגדער יידן־האַס.

פֿאַביאַן האָט אויסגענוצט זיין גאַנצע איבערצייגונגס־קראַפֿט און סוף־כל־סוף איבערגערעדט זאַנדקולן צו מאַכן אַן אויסנאַם.

אין יענער האָט דערקלערט:

„כ'בין געניינט צו דערלויבן פאלען ארבעטן יעדן זונטיק פון צען ביז אכט אזייגער, נאָר מיטן באדינג, אז איר וועט פאר אים געמען אויף זיך די פולע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און מיר געבן א שריפטלעכע גאַראַנטיע".

די דאָזיקע גאַראַנטיע האָט אים פאַביאַן געגעבן. ער האָט טעלעפאָניש פאַר־בעטן מאַריאַן אין זיין ביוראָ און איר מיטגעטיילט די גוטע בשורה.

דאָס שיינע מיידל האָט געשטראַלט פון פרייד און האָט זיך אים געוואָרפן אויפן האלדז.

— גאָט אין הימל! — האָט מאַריאַן א צעשמייכלטע אויסגערופן און די טרערן האָבן געגלאַנצט אין אירע שוואַרצע אויגן. — דער פאַפאַ וועט זיין איבער־גליקלעך און וועט אייך אייביק זיין דאַנקבאַר.

— לאָזט אייער פאָטער הארציק גריסן, — האָט פאַביאַן געזאָגט, — כ'וואָלט מיט פאַרגעניגן אליין געקומען קיין אמזעלוויז. אָבער איר ווייסט דאָך, ווי שטאַרק כ'בין איבערגעלאָדן מיט ארבעט.

— דער פאָטער און מיר אַלע האָבן א סך עגמת־נפש, וואָס די אומשטענדן דערלויבן אייך מער נישט אונדז צו באַזוכן, — האָט מאַריאַן געזאָגט.

— די אומשטענדן?

מאַריאַן האָט געלאַכט.

— וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי? לאָמיר זיין אויפריכטיק: ווייל מיר זענען יידן.

פאַביאַן האָט זיך אויפגעהויבן.

— איר ווילט מיך באַליידיקן, פרייליין מאַריאַן, — האָט ער געזאָגט. כ'נעם זיך אבסאָלוט נישט איבער מיט אַזעלכע שטותים. דעם קומענדיקן זונטיק, פינף אַזייגער, וועל איך זיין ביי אייך. כ'וועל אייך נישט שטערן?

מאַריאַן האָט געפאַטשט מיט די הענט.

— הערלעך! — האָט זי אַ פרייליכע אויסגערופן. — איר וועט טרעפן גליק־לעכע מענטשן.

זי האָט תיכף געוואָלט מיט אים זיך געזעגענען, כדי וואָס גיכער צו ברענגען אַהיים די פרייליכע בשורה. פאַביאַן האָט זי אָבער פאַרהאַלטן און געשמועסט מיט איר נאָך אַ האַלבע שעה, הגם זיין וואַרטצימער איז פול געווען מיט אינטע־רעסאַנטן. מאַריאַנס פריידיקער געלעכטער האָט זיך געלאָזט הערן איבער זיין גאַנצער ביוראָ.

ביים געזעגענען זיך האָט זי אַ צעשמייכלטע און אַ פאַררויטלטע אים געבעטן, צו דערלויבן איר אלס דאַנק אַ קוש צו טאָן אים אין האַנט. דערביי זענען ווידער געשטאַנען די טרערן אין אירע שוואַרצע אויגן.

פאַביאַן האָט עס שמייכלענדיק אָפּגעוווּנדעט.

— דאָס וואָלט געווען נאָך שענער! — האָט ער נעזאָגט, — אַלס דאַנק בעט איך פון מיין זייט אַ געפעליקייט, שיינע מאַריאָן.

און ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן. זי האָט אים נישט פאַרווערט, נאָר איז פלוצים שטיל געוואָרן.

— דאָס איז געווען מיין דאַנק, מאַריאָן!

מאַריאָן האָט זיך הויך צעלאַכט.

— וואָסערע איינפאַלן איר האָט פונדעסטוועגן, — האָט זי אויסגערופן, נאָך אַלע אַ שטאַרק פאַרדרוימלטע און שמייכלענדיק, האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט.

— ביז זונטיק!

בשעת זי איז צוריקגעגאַנגען דורך די ביוראָ-צימערן, האָט פריילין צימערמאַן געטראַכט: „ווען איך וואָלט געקאָנט אַזוי לאַכן, ווי זי, און זיין אַזוי שיין, ווי זי, וואָלט מיך נישט געאַרט צו זיין אַפילו אַ יידישקע.“

## XIV

איילייקע טריט האָבן געסקריפעט איף די טרעפ, שפּאָרן האָבן געקלונגען און הייטערע שטימען האָבן אָנגעפילט דעם קאָרידאָר. קלאָטילדע האָט געעפנט איר „סאַלאָן“ און אויפגענומען אירע געסט. אַ סך פון זיי זענען געווען יונגע אָפיצירן, פריינד פונעם אָבערלייטענאַנט פאָן טינען. דער גימנאַזיע-לערער האָקטאָר דעב-לער האָט געהאַלטן דעם ערשטן רעפעראַט. ער האָט אויסגעקליבן די טעמע: „די הייליקע רוימישע אימפעריע פון דער דייטשישער נאַציע“.

במשך פון לאַנגע וואָכן האָט קלאָטילדע צוזאַמען מיט דער באַראָנעסע טו-נען אָפּגעשטאַט די ערשטע וויזיטן אין די עלעגאַנטסטע הייזער פון שטאָט. אַלץ האָט געמוזט זאָרגפעלטיק צוגעגרייט ווערן. די באַראָנעסע האָט באַגלייט קלאָטיל-דען, כדי זי אונטערצושטיצן ביים דערפילן די שווערע אויפגאַבע. קלאָטילדע אַליין איז געווען אַ ביסל נישט דרייסט, די באַראָנעסע אָבער האָט צו יעדער צייט געהאַט גרייט אַ פאַסיקן אויסדרוק. אומעטום האָט זי אָנגעהויבן איפן זעלבן אופן: „דער עיקר איז — די גייסטיקע גרייטקייט, דאָס שאַפן גייסטיקע יסודות פאַר דער נייער מלוכה“.

ביידע דאַמען זענען כמעט אין אַלע בירגערלעכע הייזער אויפגענומען גע-וואָרן מיט גרויס העפלעכקייט, בפרט ווען ס'איז געווען זיכער, אַז זיי זענען נישט געקומען ווען אַ געלט-זאַמלונג אָדער פאַר עפעס אַן אומדאַנקבאַרן געזעלשאַפט-לעכן ענין. פון קלאָטילדעס וויזיט-קאַרטע איז געווען קלאָר, אַז זי שטאַמט פון דער רייכער משפחה פראַנק, אַז זי איז די פרוי פונעם רעגירונגס-ראַט פאַביאַן — די רעכטע האַנט פונעם בירגערמייסטער טאָובענהאַוז:

קלאָטילדע האָט אויף איר פּרעמיערע באמת אויסגעזען אימפּאָזאַנט און אַנטציקנדיק. אויף איר טונקעלן קליידל האָט זי געטראָגן אַ לאַנגן שנור העל־רויטע קרעלן, וואָס האָבן אויסגעצייכנט האַרמאָנירט מיט דער פייערלעכקייט פון איר קאָסטיום. דער נייער סאַלאָן האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. מאַרטע, אַ צעפלאַמטע פון גערירטקייט, האָט דערלאַנגט טיי.

דאָקטאָר דעבלער האָט באמת גערעדט זייער אינטערעסאַנט, אפשר אַ ביסל צו לאַנג, יעדנפאַלס האָט דער שלל היסטאָרישע פּרטים אַ ביסל געמאַטערט. ער איז געווען יונג און שלאַנק, און איז באַזונדערס געפעלן געוואָרן די דאַמען מיט זיינע בלאָנדע האָר. קלאָטילדע האָט געוווּסט, וואָס זי טוט. „אפשר לעבן מיר היינט איבער, נישט אָפּגעבנדיק זיך פון דעם קיין חשבון, דעם מאָרגנרויט פון אַ נייער רוימישער אימפּעריע פון דער דייטשישער נאַציע?“.

די שטימונג פון די געסט איז לכתחילה געווען אפשר אַ צו ערנסטע, זי איז ערשט לעבעדיקער געוואָרן, בעת מאַרטע האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען די געטראַנקען פון קלאָטילדעס באַר. דעמלט האָבן זיך אפילו געלאָזט הערן הילכיקע געלעכטערס, באַזונדערס פון יענעם ווינקל, וווּ ס'זענען געשטאַנען די אָפיצערן.

— עסטרייך? יאָ, עסטרייך. ענדלעך האָט עסטרייך זיך אומגעקערט צו אירע ברידער אין רייך.

— ס'איז צו שיינען, — האָט די באַראָנעסע געזאָגט צו קלאָטילדען. — ווער וואָלט עס פאַרשטאַנען די אַלע היסטאָרישע צוזאַמענהאַנגען? איך, מיין ליבע, דערפילט באמת אַ הייליקע און גרויסע פליכט מיט אייער אויפקלערונגס־אַרבעט. וואָס האָט אַלץ אונדזער געפייניקט פאָטערלאַנד נישט דורכגעמאַכט אין די דאָזיקע טויזנט יאָר! גרויל, מלחמות, איבערקערענישן. גאָט צו דאַנקען, וואָס ענדלעך קערעוועט מיט אונדז איצט אַ שטאַרקע, צילבאַוווּסטע האַנט, וואָס וועט פירן צו שלום און גרויסקייט. וואָלט, אַ גלעזעלע פון דעם דאָזיקן שמאַראַגד־גרינעם ליקער. מאַרטע ווייסט שוין וועלכן.

דערנאָך האָבן ווידער אָנגעהויבן סקריפּען טריט אויף די טרעפּ און דער נידער, די שפּאָרן האָבן געקלונגען און די שטימען האָבן אָפּגעהילכט הויך און לעבעדיק אויפן קאָרידאָר. די צייטונגען האָבן געבראַכט אויספירלעכע באַריכטן און פאַרויסגעזאָגט דעם דאָקטאָר דעבלער אַ גרויסע צוקונפט.

יעדנפאַלס איז דאָס געווען אַ באַדייטנדיקער דערפאָלג.

— איך ווינטש אייך גליק, מיין ליבע, — האָט די באַראָנעסע צומאָרגנס געזאָגט צו קלאָטילדען, בעת זי האָט געטרונקען ביי איר טיי. מיד פון דער נעכטיקער פּרעמיערע, איז קלאָטילדע נאָך געלעגן אין בעט. — איר וועט זען, אייער סאַלאָן וועט ווערן דער גייסטיקער צענטער פון שטאָט, אַזוי ווי איך האָב דאָס פאַרויסגעזאָגט. די היגע געזעלשאַפט מוז זיך דערצו, נאַטירלעך, ערשט צוגעוווינען.

דער בלאָנדער יונגער דאָקטאָר דעבלער האָט געבראַכט דאָס אײַז, אָבער דעם פּראָפֿעסאָר האַל פֿון היסטאָריקער־פֿאַרײַן איז ערשט געלונגען צו שאַפֿן די וואַרעמע אַטמאָספֿער פֿון געמיטלעכקייט.

דאַסמאָל האָט מען געלאַכט אַפֿילו אינמיטן רעפֿעראַט. די שטײַפֿקייט, וואָס האָט געהערשט דעם ערשטן אָוונט, איז ווי פֿאַרשוווּנדן.

דער פּראָפֿעסאָר האַל האָט אָנהייב נײַ־יאָר געהאַלטן אַ רעפֿעראַט אויף דער טעמע: „די קולטור פֿון די גערמאַנער און די אַמזעלוויזער אויסגראָבונגען".

ער איז געווען קליין און דאַר, דער פּראָפֿעסאָר האַל, אַלט און חשיבֿותדיק, עפּעס אײַנגעבויגן, און די ווײַסע לאַנגע האָר האָבן געוויגט אַרום זײַן ליסעגע, ווי זײַדענע פֿענדלעך. הגם ער האָט גערעדט מיט אַ דינער שטימע, האָט מען כּסדר געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז נאָר אַן אַלטער געלערנטער קאָן אַזוי שעהנלאַנג הערלעך רעדן וועגן זאַכן, וועלכע האָבן הינטער זיך שוין אַ געשיכטע פֿון טויזנטער יאָרן. מ'האָט זיך דען נישט געטראַכט, ווי ער וואָלט מיט די אַלטע גערמאַנער יאָרנלאַנג צוזאַמען געוווינט? לכתחילה איז מען געווען עפּעס פֿאַרחידושט, בעת ער האָט דערקלערט, אַז די גערמאַנער זענען געווען אַן ערב־רב. די באַראָנעסע האָט זיך פֿאַרקרימט. אָבער דער דאָזיקער אומגינסטיקער אײַנדרוק איז תּיכּף פֿאַרווישט געוואָרן פֿון זײַנע ווײַטערדיקע אויספֿירן. ווען וואָלט עס אײַנגעפֿאַלן, אַז די אַלטע גערמאַנער האָבן זיך ראַזירט? זיי האָבן זיך ראַזירט, מײַנע חשובֿע דאַמען און הערן! אין די אַלטע קבֿרים זענען אַפֿילו געפֿונען געוואָרן קונסטפֿולע ראַזירמעסער, און מ'האָט שטענדיק געגלייבט, אַז זיי זענען, האָריקע און קודלאַטע, מיט לאַנגע בערד, געלעגן אויף בערן־פֿעל און געטרונקען מעד! אייניקע פֿון זיי זענען אַפֿילו געווען רוימישע אָפֿיצערן. און דער ברודער פֿונעם באַרימטן הערמאַן האָט גערעדט לאַטײַן. ווען מ'האָט זיך צוגעהערט צום פּראָפֿעסאָר האַל, האָט מען זיך ממש איבערגעטראָגן אין זייערע פֿויערישע ווירטשאַפֿטן, צווישן קונסטפֿולע חפֿצים, רײַכע מייסטערהאַפֿטע שניצערייען און באַפּוצונגען אויף פֿאַרקאַנעס און אויף פֿראַנטאַלן פֿון רעדער. דער ווײַסהאָריקער געלערנטער האָט אַפֿילו געוויזן אייניקע שאַרבנס, וועלכע זענען געפֿונען געוואָרן בעת די אַמזעלוויזער אויסגראָבונגען. מען האָט אָנגעטראָפֿן אויף שפּורן פֿון אינטערעסאַנטע אָרנאַמענטן, וועלכע מ'קאָן קוים דערזען, אָבער זיי שטאַמען אָן ספֿק פֿון די לעגענדאַרע צײַטן, וועלכע קיינער פֿון די צוהערער האָט נישט געקאָנט ריכטיק זיך פֿאָרשטעלן.

— דאָס זענען אַלזאָ געווען די אָבֿות פֿון אַ שטאַרק, שעפֿעריש פֿאָלק, וועלכן גאָט האָט אויסדערוויילט צו הערשן איבער דער גאַנצער וועלט, — האָט דער פּראָפֿעסאָר האַל מיט זײַן דינער שטימע באַגײַסטערט פֿאַרענדיקט, און די ווײַסע האָר האָבן געוויגט אַרום זײַן פֿאַרמאַטערטער ליסעגע.

הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן זענען געווען דער אויסדרוק פֿון פּראָפֿעסאָרס דערפֿאָלג.

קלאָטילדע האָט געהאַט אַ גרונט צו זיין צופרידן מיט אירע דערפאָלגן. אפילו טאָובענהאָוז האָט זיך מיט איר פאַראינטערעסירט. אין אַ געוויסער געזעלשאַפט האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער קאָן נישט פאַרשטיין, וויאַזוי מ'קאָן זיך שיידן מיט אַ פרוי, וועלכע שטייט אויף אַזאַ הויכן גייסטיקן ניוואָ.

ביידע דאַמען, קלאָטילדע און די באַראָנעסע, האָבן טריומפירט. זיי האָבן געטרונקען טיי אין קלאָטילדעס געשמאַקפולן סאַלאָן און געפּלוידערט. די באַראָנעסע האָט קאָקעטירט מיט אירע שמאָלע הענט, אויף וועלכע עס האָבן געפינקלט אירע רינגלעך, און איז געווען באַרוישט פון אירע אייגענע שיינע ווערטער.

— לאָמיר זיך פרייען, מיין טייערע, — האָט זי געזאָגט, — און לאָמיר געניסן פון דעם פאַרגעניגן צו געהערן צו די פּיאָנערן, וועלכע העלפן צו צום גייסטיקן ווידעראויפבוי פון נייעם רייך.

קלאָטילדע האָט איינגעפירט אַ בוך, אין וועלכן זי האָט פאַרצייכנט די טעמעס פון די קינפטיקע רעפעראַטן. דאָס איז געווען אַ גאָר לאַנגע רשימה. „דאָס ניבעלונגען־ליד“, „די אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן“, „די באַדייטונג פון פרידריך דעם גרויסן“, „די אומשטערבלעכע דייטשישע מיליטער־פירער“, אאַוו. אאַוו. אָן אַ סוף.

אַ סך שווערער איז געווען צו געפינען די אַנטשפּרעכנדיקע רעדנער. כדי ראוי צו זיין צו רעדן אין קלאָטילדעס סאַלאָן, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ שם פון אַ מענטש אָן אַ פגם אין דער געזעלשאַפט, מיט אַ שטאַרקן נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוואוסטזיין.

אויך דער פאָלקאָווניק פאָן טינען האָט שוין לאַנג פיגורירט אויף דער רעדנער־ליסטע. ער האָט געוואָלט רעדן וועגן דער שלאַכט ביי ווערדען, בעת וועלכער ער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. „די העלדן פון דער פעסטונג דואָמאָן“ — אַזוי האָט געקלונגען די טעמע פון זיין רעפעראַט.

## XV

ראָסמייער, דער אייגנטימער פון „שטערן“, איז באמת געווען גערעכט. טאָובענהאָוז האָט דאָס באַשטעטיקט אין אַ שמועס מיט פאַביאַנען, דערקלערנדיק, אַז דער גאַולייטער האָט באַשלאָסן איבערצוטראָגן זיך אין דער שטאָט. ער וועט אַמטירן אין בישאָף־פּאַלאַץ, אָבער וווינען אינעם „שלאָס“ פון איינשטעטען.

צום „שטערן“ האָבן ווידער געקומען צופאָרן אויטאָס. אַ גאַנצע וואָך איז דער האָטעל געווען פול מיט לוסטיקן געפּילדער. דער גאַולייטער האָט פון מינכען מיטגעבראַכט צוויי אַרכיטעקטן, וועלכע האָבן געדאַרפט האָבן דעם אויפזיכט איבער די רעמאָנטן און בוי־אַרבעטן אין בישאָף־פּאַלאַץ.

אויך דער „שלאָס" אין איינשטעטן איז צוגעפּאַסט געוואָרן אויף אַ וווינונג אויף אַ לענגערער צייט.

נאָך דעם ווי רומף האָט אָפּגעקויפט די ווירטשאַפט „אונטערן קאַרפּ", איז אין איינשטעטן חדשים לאַנג געווען אינגאַנצן שטיל. דאָס באַשיידענע גאַסטהויז מיט זיין הויכן אַלטמאָדישן דאַך איז געשטאַנען פאַרוואָרלאָזט ביים וועג, די פענצטער ברודיק און אָן פאָרהאַנגען, אייניקע — מיט אויסגעהאַקטע שויבן. עס האָט אויסגעזען קלאָגעדיק. מיטאַמאָל זענען אָנגעקומען גערטנער, וועלכע האָבן דעם גאָרטן פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּגעקליבענעם סאָד! דער „האָן" איז געבליבן, מען האָט אים אַרומגעשיירן, דעם „יעזוש" האָבן זיי אויסגעהאַקט, און פון דעם צעשויבערטן באַלעם האָבן זיי געמאַכט אַ „יעזוש". דערנאָך זענען פון שטאָט אָנגעקומען מויערער און אַנדערע באַלמעלאָכעס. די אַלטע שילד פונעם גאַסטהויז האָט מען איבערגעמאָלט, הויכע אייזערנע שטאַכעטן האָבן אָפּגעטיילט די נחלה פונעם שאָסיי, און די צייטונגען האָבן געשריבן: „דער פיעטעטפלער זון האָט פאַרן געלט, וואָס ער האָט פאַרדינט אין אויסלאַנד, צוריק דערוואָרבן דעם פאָטערס גאַסטהויז, אין וועלכן ער איז אויסגעוואַקסן, און דערפירט דאָס הויז צו זיין אַלטער חשיבות".

אָבער דעם קומענדיקן פרילינג האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ גאַנצע מחנה מויערער און אַנדערע באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן ביזן זומער אויפגעבויט אַ מאַסיוו וווינהויז און גערוימע געביידעס פאַר דער באַלעבאַטישקייט, אין רויען צושטאַנד, דערצו דריי קלענערע ווילעס פאַר כלערליי מעגלעכע צוועקן.

אַזוי אַרום איז פונעם פּלאַן צו פאַרוואַנדלען דאָס גאַסטהויז „אונטערן קאַרפּ" אין אַ יאַגד־לאָקאַל גאָרניש געוואָרן. ס'איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף געמאַכט געוואָרן מיט דער ראָמאַנטיק און מיט דער אידיליע.

דער גאַולייטער האָט געמוזט געדענקען, אַז ער איז קודם־כל אַ דינער פון דער מלוכה און איז אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַב סעקרעטאַרן, אַדיוטאַנטן, באַדינער און וואַכלייט, דערפאַר וועט זיך נישט לאָזן מקריב זיין אַ סך צייט „אויף יענער־מאָלצייטן ביים קאַמין".

אַן עק מיט די ראָמאַנטישע שטותים!

דעם נאָענטסטן פרילינג האָט זיך רומף בכבודו ובעצמו באַוויזן מיט אַ חברה געסט, באַגלייט פון אַ דריי אויטאָס, דינער און וואַכלייט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פריילעך לעבן.

דאָס אַלטע קליינע גאַסטהויז איז געלעגן אָן אַ זייט ביים וועג און האָט געדינט אַלס שענק פאַר שאָפערן און באַלעגאָלעס. רומף מיט זיינע געסט האָט בלויז איין מאָל באַטראַכטן דאָס אַלטע הויז. די געסט האָבן באַוווּנדערט דעם קונסטפּילן „האָן", וועלכער האָט איצט געהאַט אַ הערלעכן עק, און אַ ביסל געחוזקט פונעם קליינעם „יעזוש" מיט זיין שפּיציקן שנוקל.

געוווינט האָבן זיי אינעם גרויסן הויז, וועלכן מען האָט אָנגערופן „רינער שלאָס“.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען דער דאָזיקער שלאָס? די היגע איינוווינער האָבן שוין געזען אַ סך זאַכן, אָבער אַזאַ „שלאָס“ נאָך קיינמאָל נישט! ער איז געווען זייער מאַסיוו געבויט און האָט געהאַט צוויי מעכטיקע טורעמס. די מויערן זענען געווען אַזוי דיק, ווי ביי אַ פעסטונג, און די פענצטער זענען געווען אין טיפע נישעס. דאָס הויז האָט געבויט אַ מינכענער אַרכיטעקט, און ער האָט עס איינגעאָרדנט אַזוי באַקוועם און פּרעכטיק, אַז מ'האָט זיך גלייך אין אים גוט געפילט.

די גאַסטצימערן האָבן זיך געעפנט אויפן פּאַרטער, פון צווייטן זייטן האָבן ברייטע טרעפּ, טאַקע ווי אין אַ שלאָס, באַצירט מיט מאַסיווע אייזערנע פּאַרענטשעס, געפירט צום ערשטן שטאָק, צו די אַפּאַרטאַמענטן פון באַלעבאָס און צום אַזוי גערופענעם קאַוואַלערן-פליגל פון די אַדיוטאַנטן. דאָס הויז האָט געהאַט נאָך אַ מערקווירדיקייט — די סוטערינעס, וואָס איז געווען אויסגעבויט פּונקט ווי אַ געוועלבער שטאָק. דאָרט זענען געווען די קיכן, די שפּייזקאַמערן און גרויסע ווייַנקעלערס, צו וועלכע קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטריט, הגם זיי זענען געווען גאַנץ אינטערעסאַנט. די סופיטן זענען געווען געמויערט מיט אַ מיטלאַלטערלעכע געוועלבונג און ערטערווייז אַזוי דיק ווי די מויערן גופא, זיי האָבן אין זיך אַנטהאַלטן אַ סך טאָנען אייזערנע בעלקעס.

„אַ קלוגער באַלעבאָס בויט אויף פעסטע פונדאַמענטן“ — האָט רומף געזאָגט און ביטערע געלאַכט.

ס'איז אָנגעקומען אַ באַן מיט איידעלע ראַסשווע פערד און זיי האָבן פאַרפילט די שטאַלן. יאַגד-אויספלוגן, רייט-איבונגען, פּיקניקס, קאָנצערטן, פייערלעכקייטן, פּאַראַדן און מאַרשן האָבן פאַרווײַלט די געסט. אָבער די גאַנצע שמחה האָט מער נישט געדויערט ווי דריי וואָכן.

די אַוטאָס זענען אַוועקגעפאָרן, די וואַך איז פאַרשוואונדן, די אַדיוטאַנטן, סעקרעטאַרן. די הערלעכע רייט-פערד האָט מען ווידער פאַרלאָדן אין וואַגאָנען, און דער גאַנצער שטאַב פונעם גאַוליייטער האָט זיך מיטאַמאָל אַריבערגעטראָגן קיין מזרח-פּרייסן.

איינשטימען און דער „שלאָס“ זענען ווידער פאַרזונקען געוואָרן אין שטילקייט, אין רו.

יעדעס יאָר פלעגט דער גאַוליייטער אויף עטלעכע וואָכן קומען קיין איינשטעטען. איינמאָל איז ער אפילו געבליבן צוויי חדשים. אָבער שטענדיק פלעגט ער אַוועקפאָרן פּונקט אַזוי אומגעריכט, ווי ער פלעגט אָנקומען.

דאָסמאָל אָבער איז זיין אויפהאַלט, ווייזט אויס, געווען אויסגערעכנט אויף אַ לענגערע צייט, מעגלעך, אַז אויף יאָרן. דער גאַוליייטער האָט איינגעאָרדנט זיינע אַמטלעכע לאָקאַלן אינעם בישאָף-פּאַלאַץ, אָבער געזעסן האָט ער אין „שטערן“

טערער אין „שלאָס“. אין פּאַלאַץ האָט מען איינלאָקירט אַן אָפּטיילונג זעלנער, אין אײַנשטעטן האָט סטאַציאָנירט אַ שטאַרקע וואַך. מיט אַ טראַנספּאָרט רייטפּערד איז אָנגעקומען דער רייטמייסטער מעין, וועלכער איז ביז איצט געווען לייטער פון דער פּערד־סטאַנציע אין מזרח־פּרייסן. ס'האָט געווימלט פון אָפיצערן, סעקרעטאַרן. אין איינער פון די קליינע ווילעס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַזונדערע פּאָסט־אָפּטיילונג.

אויפגעמעס, מיטאָגן און אָוונטברויטן זענען געגאַנגען געפּאָרט מיט סעודות, שיכרות און אָרגיעס. אַזוי האָט זיך עס געצויגן וואָכנלאַנג. פון צייט צו צייט האָט רומף איינגעאָרדנט אויך גרעסערע סעודות אין „שטערן“, און אויף איינעם אַזאַ גרויסן באַנקעט איז אויך פּאַביאַן געווען צווישן די איינגעלאַדענע געסט.

ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ גרויסן כבוד, און די דאָזיקע איינלאַדונג געהאַלטן פאַר אַ סימן, אַז פון איצטער אָן געהערט ער צו די אויבערשטע פון שטייסל. רומף האָט, וואָס יאָ אמת, אים קוים באַמערקט, אָבער פּאַביאַן איז געווען צופרידן ישוין בלויז פון רומפס פעסטן האַנטדרוק.

נאָכן מיטאָג האָט ער געטרונקען ווײַן צוזאַמען מיט דעם לאַנגן פּאָגעלסבערגער און דעם נידעריקן שוואַרצן גראַף דאָסע, מיט וועלכן ער האָט זיך אויסגעצייכנט אונטערגעהאַלטן אין אַ שמועס וועגן דער פראַנצויזישער מאָלעריי. ער האָט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז דער דאָזיקער קליינער גראַף זאָל זיין אַזוי באַהאַוונט אין די דאָזיקע ענינים.

אויפצומאָרגנס האָט ער דורכגעבלעטערט די צייטונגען, צי מ'האָט נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען וועגן רעגירונגס־ראַט פּאַביאַן. ניין, מ'האָט אים נישט פאַרגעסן.

מיטאַמאָל אָבער האָט זיך אין אײַנשטעטן אַלץ געענדערט. דער גאַולייטער האָט געשוויגן, נישט געוויצלט זיך מער ביים טיש, שטיל געטרונקען זיין רויטוויין, געדרונצלט דעם שטערן, און זיינע טונקל־בלויע אויגן זענען געווען שטייף, ווי בלעזערנע קיילעכלעך גלאָז. ער האָט יעדן טאָג געפירט לאַנגע טעלעפאָן־געשפּרעכן מיט מינכן, און טיילמאָל פלעגט ער אַפילו קריצן מיט די ציין. ס'איז געוואָרן פריקרע אין זיין סביבה, און די אַדיוטאַנטן האָבן זיך באַמיט צו האַלטן זיך פונדערווייטן.

אומגעריכט איז דער גאַולייטער אינמיטן נאַכט אַרויסגעפאָרן קיין מינכן. אַ גאַנצע וואָך איז נישט געווען וועגן אים קיין שום ידיעה. אין דריי טעג אַרום האָט געזאָלט געפייערט ווערן זיין געבורטס־טאָג און נאָך אַלץ האָט מען וועגן אים גאָרנישט נישט געהערט. דערווייל איז ער אומדערוואַרט צוריקגעקומען אינמיטן נאַכט. ווען אין דער פרי איז פון שלאָפצימער אַרויסגעגאַנגען דער אַלטער קאַמערדינער, וועלכער האָט פריער געדינט ביים זאַקסישן קיניג, האָט זיין פּנים געשטראַלט פון גליק. צום פרישטיק איז רומף געקומען אין אַ פרעכטיקער שטימונג.

— מיר וועלן לעת עתה פארבלייבן דאָ נאָך עטלעכע חדשים, — האָט ער גע־זאָגט, — יעדנפאלס וועלן מיר מיין געבורטסטאָג דאָס מאָל פייערן אינעם „שלאָס“, און נאָר אין דער אייגענער סביבה.

ער האָט צוגעגעבן, אַז ער וואָלט דאָסמאָל נישט געוואָלט האָבן קיין שום לאַנגווייליקן באַלעט פון בערלין אָדער אַן ענלעכע אַטראַקציע. ס'איז אים אָבער צוריקפאָרנדיק איינגעפאַלן אַ פיינע אידעע, באמת אַ גלענצנדיקע אידעע.

די אַדיוטאַנטן האָבן געקוקט אויף אים פול מיט דערוואַרטונג.

— יאָ, אַ גלענצנדיקע אידעע, — האָט ער לאַכנדיק איבערגעחזרט. — איר, מיינע הערן, האָט האָר אַלע שיינע כלות, אמת? מיט אייניקע פון זיי בין איך שוין באַקאַנט, מ'האָט מיר דערציילט, אַז איר, גראַף דאָסע, האָט אַ כלה אַ פרעמירטע שיינהייט?

דער גראַף דאָסע, וועלכער איז געווען אַזאַ נישט אָנגעעוודיקער, האַרטער, כמעט אַ העסלעכער, איז געוואָרן איינגאַנצן רויט.

— זי איז באמת אַ שיינהייט. אויף אַ שיינהייטס־קאָנקורס אין וויין האָט זי באַקומען דעם ערשטן פריז, — האָט ער דערקלערט.

דער גאָולייטער האָט זיך אַרומגעקוקט.

— הכלל, מיינע הערן, מיר וועלן איינלאַדן צום געבורטסטאָג אייערע כלות, אויך אייער שיינהייט, גראַף דאָסע.

גראַף דאָסע האָט אַ זאָג געטאָן אין פאַרלעגנהייט, אַז זיין כלה שפּילט אין ווינער טעאַטער און ס'וועט איר מסתמא שווער זיין צו קומען צו דער געבורטס־טאָג־פייערונג.

דער גאָולייטער האָט אים מיט אַ שמייכל איבערגעריסן, זאָגנדיק אָנגע־שלאָסן:

— רייכסמייסטער מעין וועט זיך שוין מיט דעם פאַרנעמען.

אין אַזאַ אויסגעצייכנטער שטימונג האָבן זיי דעם גאָולייטער נאָך קיינמאָל נישט געזען.

## XVI

אינעם שטאַב פון גאָולייטער האָט געהערשט אַ גרויסע אויפרעגונג. די אַד־יוטאַנטן זענען געווען אַלטע בחורים, חוץ איינעם, וואָס האָט מיט אַ האַלב יאָר צוריק חתונה געהאַט, ווייל זיין כלה האָט אים געבוירן אַ קינד.

דער שטענדיק צופרידענער רייכסמייסטער מעין, אַ פאַרשוין מיט אַ חוצפּה־דיק פנים און קאַשטאַן־ברוינע האָר, אַ באַרימטער רייטער אויף וועטגעיעגן, האָט פאַרלייגט זיין „הויפּט־קוואַרטיר“, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אינעם צימער פאַר רויכערער. ער האָט באַשטעלט אַ פלאַש קאָניאַק און גענומען טעלעפאָנירן,

טעלעגראַפירן און אויסשטעלן כלעריי צייכענישן. צוויי דאַמען האָבן געדאַרפט קומען פון מערב־דייטשלאַנד, צוויי פון בערלין און איינע פון ווין.

—איר האָט געהערט, גראַף האָסע? — האָט ער זיך געווענדעט צום שוואַרצהאָריקן אַדיוטאַנט, וועלכער האָט זיך געדרייט אַן אויפגערעגטער איבערן צימער. — ער אינטערעסירט זיך ספּעציעל מיט אייער פּרעמירטער שיינקייט, „מיס עסטרייך", ס'איז דעריבער אונדזער פליכט זי אַהערצוברענגען טויט אָדער לעבעדיק.

גראַף דאָסע, הגם ער האָט קיינמאָל נישט געטרונקען, האָט זיך אָנגעגאָסן אַ טאָפּלטע פּאָרציע.

— געוויס, — האָט ער געענטפערט און איז רויט געוואָרן. די האַנט האָט אים געציטערט, ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם כוס. — שאַרלאָטע וועט זיין גליקלעך, איבערגליקלעך! נישט ווילנדיק האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ ווינער דיאַלעקט, — אָבער איר דאַרפט וויסן, מיין ליבער, אַז זי שפּילט אין ווינער טעאַטער, וועלכער גאַסטראָלירט איצט אין בודאַפּעשט, און מיר האָבן בלויז קנאַפּע צוויי טעג! כ'וואָלט געווען אומגליקלעך, ממש פאַרצווייפלט, ווען ס'וואָלט זיך נישט איינגעגעבן זי אַהערצוברענגען.

— און די לופטהאַנזע! * צו וואָס האָבן מיר אַ לופטהאַנזע? — האָט מעין געלאַכט, — אַ טעלעגראַמע אויף איר פּריוואַט־אַדרעס, צום טעאַטער אין ווין און אַ טעלעגראַמע צום טעאַטער אין בודאַפּעשט. דער מיוול אַליין וואָלט זיך געמוזט אַריינמישן, אַז ס'זאָל אונדז נישט געלונגען אַראָפּצוברענגען די געטלעכע שאַרלאָטע.

גראַף דאָסע האָט אויף אַ בלעטל פון אַ נאָטיץ־בלאָק אָנגעשריבן שאַרלאָטעס פּריוואַטן אַדרעס. זי איז באמת געווען אַ פּרעמירטע שיינהייט, זי האָט באַקומען מיט צוויי יאָר צוריק אויף אַ ווינער שיינהייטס־קאָנקורס דעם ערשטן פּריז און פון דעמולט אָן געטראָגן דעם נאָמען „מיס עסטרייך". איצטער איז זי אַרויסגעטראָטן אין ווין אַלס טענצערין. קיינער פון די הערן האָט זי ביז היינט נישט געזען, בלויז דער בלאָנדער פאַנעלסבערגער האָט געזען איר בילד אין אַן אילוסטרירטער צייטונג און געהאַלטן, אַז איר אויסזען איז אַ „באַרוישנדיקער".

מעין האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ הויפן פּאַפּיראָסן און זיי אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש.

— נעמט אין באַטראַכט, גראַף דאָסע, — האָט ער אויסגערופן, — אַז ס'זענען שוין פאַרביי די ציַיטן, ווען איר האָט געקאָנט עגאָיסטיש פאַרבאַהאַלטן אייער שיינהייט אונטער אַ גלעזערנעם קלאָש. מיין רשימה איז שוין באַלד פאַרטיק. פּרווט, כ'בעט אייך, אויסזוכן פאַנעלסבערגערן. ער האָט אָנגעקלונגען נאָך אַ סעקרעטאַרין.

---

* געזעלשאַפט פאַר לופט־קאָמוניקאַציע.

נאָך האָסע איז אַוועק צו זיך אין צימער, כּדי כאָטש אַ שעה צו שפּילן אויפֿן פֿידל, וואָס ער האָט כּמעט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט. בעת ער האָט געשפּילט, איז אויף זיין בעט געלעגן זיין פּראַכטפֿולער שאָף-הונט, וועלכער האָט אויף אים געקוקט מיט אַ פֿאַרדאַגהטן, געהויצלטן שטערן. פּלוצלינג האָט האָסע איבערגעריסן דעם עטיוד אינמיטן שפּילן און איז אַרויסגעגאַנגען. ער האָט נישט געקאָנט מער איינזיצן אין צימער.

די האָפֿענונג אַזוי אומדערוואַרט, ווי דורך אַ נס, ווידער צו זען בקרוב זיין געליבטע, האָט אים באַרוישט. ער איז געגאַנגען צופֿוס אין שטאָט, כּדי צו פֿאַרטרייבן די צייט.

— ווי לאַנג וועט עס דויערן, פּאַשאַ, ביז איך וועל באַקומען אַ תּשובֿה פֿון דער מאַדאַם? — האָט ער געפֿרעגט דעם הונט.

דער הונט, וועלכער האָט געפֿילט די פֿריִערדיקע אויפֿרעגונג פֿון זיין באַלעבאָס, איז אים געשפּרונגען אַנטקעגן און פֿריילעך געבילט. דער גראַף האָט געעסן מיטאָג אין שטאָט און אַ מידער געגאַנגען צופֿוס צוריק אַהיים. קיין תּשובֿה איז נאָך אַלץ נישט געווען. ערשט אין אָוונט איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פֿון בודאַפּעשט.

מען איז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די לופֿטפֿלי-סטאַציעס. ער איז געווען אין אַ פֿריילעכער שטימונג און אַ ביסל בגילופֿין, זיין רשימה איז שוין לאַנג געווען פֿאַרטיק. די יונגע אַדיוטאַנטן זענען געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. בלויז איינער איז געווען ווילד פֿון כּעס: זיין כּלה האָט אים טעלעגראַפֿיש מודיע געווען איר אָפּזאָג.

דער אָפֿיציעלער טייל פֿון דער געבורטס-פֿייערונג האָט זיך אָנגעהויבן זיבן אין דער פֿרי און האָט געדויערט ביז איינס אַזייגער בייטאָג. צו דער פֿייערונג איז געקומען אַ קוריער פֿון מינכען, עס זענען געקומען פֿאָרשטייער פֿון דער מלוכה-מאַכט און פֿון דער שטאָט-פֿאַרוואַלטונג. דער גאַוליטער האָט באַקומען אַ טאַץ בלומען און גאַנצע קאַסטנס מיט וויין. איינס אַזייגער האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿייערלעכער מיטאָג אין „שטערן”, וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן ביז פֿינף אַזייגער פֿאַרנאַכט.

פֿאַביאַן איז ווידער געווען צווישן די איינגעלאַדענע געסט. דאָסמאָל האָט אים דער גאַוליטער באַערט מיט אַ לענגערן שמועס. ער האָט אים צוגעזאָגט בקרובֿ צו באַזוכן אין ביוראָ פֿון דער אויפֿבוי-צענטראַלע, און מודיע געווען, אַז די אויפֿבוי-פּלענער האָבן געפֿונען אָנערקענונג ביי די העכסטע אינסטאַנצן.

בעתן מיטאָג, נאָכדעם ווי מען האָט דערלאַנגט ליקער, איז מען געלעם געוואָרן. ער איז אַוועק צום וואָקזאַל מקבל פּנים זיין די ערשטע פֿון די פֿאַרבעטענע דאַמען. דאָס איז געווען די פֿרוי פֿון מאַיאָר זילבערשמיד, אַ גבֿירטה, די אויסדערוויילטע פֿונעם לאַנגן פֿאָגעלסבערגער. ער האָט זי אָפּגעפֿירט קיין אייכשטעטן און איז תּיכּף ווידער אַוועק צום וואָקזאַל, כּדי מקבל פּנים צו זיין זיין כּלה קלאַרע.

— דער ווינער אעראָפּלאַן וועט אָנקומען קיין דרעזדן אין צוואַנציק מינוט אַרום! — האָט אים גראַף דאָסע מודיע געווען, בעת ער איז צוריקגעקומען. גראַף דאָסע איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, מחמת ער האָט געהערט, אַז דאָס איז דער לעצטער אַעראָפּלאַן אויף דער דאָזיקער ליניע. ס'איז, לויט זיין מיינונג, געווען אויסגעשלאָסן, אַז שאַרלאָטע זאָל באַוויזן צו קומען פאַר צען אַזייגער, צום אָנהייב פון דער פייערונג. הגם ער האָט געשמייכלט, האָט ער אויסגעזען אינגאַנצן א צעטומלטער.

— מיר וועלן זיך באַלד א געם טאָן צו די לופטפלי=סטאַציעס! — האָט מען געלאַכט און זיך געהייסן פאַרבונדן מיט דער לופטהאַנזע אין בערלין. במשך פון א קנאַפּ פערטל שעה האָט ער אַלץ דערליידיקט. די שייגע שאַרלאָטע האָט נאָך באַוויזן זיך אויסצורוען צוויי שעה אין אַ האָטעל. אַ ספּעציעלער אַעראָפּלאַן וועט צו איר אַרויסגעשיקט פון בערלין.

גראַף דאָסע האָט אָפּגעאָטעמט. ער האָט שוין כמעט געהאַט פאַרלוירן די האָפענונג. א ווילע שפּעטער האָט ער טעלעפאָניש גערעדט מיט שאַרלאָטען, וועלכע האָט זיך געפונען אויפן דרעזדנער פלי=פּלאַץ. הגם זי האָט אין אַעראָפּלאַן באַקומען די ים=קראַנקהייט, האָט זי פונדעסטוועגן נישט איבערגעריסן די רייזע.

איצטער איז קיין גליקלעכערער מענטש פונעם גראַף דאָסע נישט געווען. זיין פּאַשע האָט געמוזט צען מאָל אַריבערשפּרינגען איבער זיין אויסגעשטרעקטער האַנט, ביז ער איז אינגאַנצן דערשעפּט געוואָרן. דערנאָך, אין בין=השמשות, איז ער אַרום שפּאַצירן מיטן נאָך אַלץ קייכנדיקן הונט פאַרן „שלאָס", ער איז געגאַנגען אהין און צוריק, כדי ער זאָל צו יעדער צייט קאָנען תיכף גיין צום טעלעפאָן, ווען מען וועט אים רופן. עס האָט געווייעט א לייכט ווינטל און פאַנאַנדערגעטראָגן הויכע שנייעלעך איבער די פעלדער. ענדלעך איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער בערלינער אַעראָפּלאַן איז אָנגעקומען קיין דרעזדן, און אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער — אַז ער איז שוין פון דאָרט אַרויסגעפלויגן.

ס'איז אים קאַלט געוואָרן, און ער האָט אָנגעטאָן דעם וואַרעמען ווינטער-מאַנטל און איז אוועק מיטן הונט צום פלי=פּלאַץ.

אין א שעה אַרום וועט דאָ זיין שאַרלאָטע.

בעת מעינים אויטאָ איז אָנגעקומען צום פלי=פּלאַץ, האָט מען שוין געקאָנט הערן דעם געררויש פון מאָטאָר, און אין דעם מאָמענט האָט גראַף דאָסע באַמערקט אין דער פינצטערניש אַ רויט ליכט, וואָס האָט זיך שנעל דערנענטערט. ווען דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, האָבן אין העלן ליכטשיין פון דער קאַבינע געווירבלט שנייעלער, וועלכע מ'האָט פריער גאָרנישט געזען. גראַף דאָסע האָט שאַרלאָטען גלייך דערקענט לויטן אויפן, ווי זי האָט אוועקגעשטעלט דעם פוס אויפן לייטער, און זיין האַרץ איז פאַרגליווערט געוואָרן. מ'קאָן פאַרגעסן, ווי העסלעך א

מענטש איז, אָבער ערשט איצטער האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מ׳קאָן אויך פאַרגעסן, ווי שיין א מענטש איז.

שאַרלאָטע האָט אויסגעזען ווי אַן אמתע דאַמע. זי האָט געטראָגן א נורקן־פּוטער און פונעם הימעלע אויפן קאָפּ האָבן אַרויסגעגלאַנצט טייערע שפּילקעס. ס׳איז דאָך נישט קיין וווּנדער, אַז א פּרעמירטע שיינהייט האָט א נורקן־פּוטער און טייערע שפּילקעס. און פּרעמירט איז זי געוואָרן נישט דורך אַבי וועמען, נישט דורך עפּעס א גימנאַסטיקער־פאַריין אָדער א קלוב, נאָר דורך דער זשורי פון צוועלף ערשטקלאַסיקע ווינער מאָלער.

— א פּלעד צוצודעקן זיך ליגט אין אויטאָ, מיין גנעדיקע פרוי, — האָט מעין מיט אייפער געזאָגט און א קוק געטאָן אויפן גראַף האַסע מיט א פילזאָגנדיקן בליק: — „איצטער פאַרשטיי איך, פאַרוואָס איר האָט זי ביז איצט אַזוי פאַרבאַהאַלטן“.

די דאַמען האָט מען איינגעאָרדנט אין איינער פון די ווילעס נעבן „שלאָס“, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר געסט. דינסטמיידלעך און פריזירערקעס זענען געשטאַנען גרייט צו זייער דינסט. ווען ביידע הערן זענען אָנגעקומען מיט שאַרלאָטען, האָט גראַף פאָגעלסבערגער אָקאָרשט אָנגעגאָסן אין פאָדערצימער גלעזלעך ווערמוט. אַלע זענען שוין געווען אין א הייטערער שטימונג. דער זייגער איז געווען האַלב צען.

# XVII

דעם גאָלייטערס שטאַנדהאַפטיקייט איז געווען ממש צו באַוווּנדערן. פון זעקס אַזייגער אין דער פרי איז ער געווען אויף די פיס, גערעדט מיט הונדערטער מענטשן, פיר שעה געפראַוועט אַ מיטאָג, אויסגעטרונקען צוויי פלעשלעך שווערן באָרדאָ און דערצו נאָך אַ סעריע שנאַפּסן. דערנאָך האָט ער אויפגענומען אין פּאַלאַץ ביי א טיש אָפיציעלע דעלעגאַציעס, און בעת ער איז ניין אַזייגער צוריקגעקומען אין „שלאָס“, האָט ער זיך געפילט פונקט אַזוי פריש, ווי זעקס אַזייגער אין דער פרי. אפילו דער שרונט אויף זיין זשאַווערדיק־רויטן שייטל איז נאָך געווען פונקט אַזוי פעדאַנטיש פאַרקעמט, ווי אין דער פרי. ווען ער איז געקומען אהיים, האָט ער זיך געלייגט אויפן טאַפּטשאַן און געלייענט א קרימינעלן ראָמאַן.

נאָך דער אָנגעשטרענגטער רייזע האָט די שיינע שאַרלאָטע געמוזט א שעהלע זיך אָפּרוען. זי האָט שוין לאַנג פאַרשטאַנען, אַז שיינקייט איז א באַרוף, וועלכן מ׳קאָן נישט נעמען גענוג ערנסט. דער רייטמייסטער מעין האָט ליבעסווירדיק איבערגערוקט דאָס אָוונטברויט אויף א שעה שפּעטער, און דער גראַף

דאָסע האָט צוגעזאָגט צו ברענגען שאַרלאָטען צו דער באַשטימטער צייט. דער גאַליימער וועט סיווי נישט באַווייזן זיך פאַר צוועלף.

עלף אזייגער האָט ערגעץ אין אַ געבנצימער אָנגעהויבן שפּילן אַ קוואַרטעט, און די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן. די הערן, וואָס זענען שוין אַ ביסל געווען בגילופֿין פונעם מיטאָג אין „שטערן", זענען געווען אין גאָר אַ געהויבענער שטימונג, און די איינגעלאַדענע דאַמען האָבן גיך פאַרלוירן די בושה, פאַרשייט געלאַכט און געשפּאָט. זיי האָבן זיך באַמיט צו שפּילן די ראָל פון דאַמען, זיי זענען אָבער שוין צו אָפט אַרויסגעפאַלן פון דער דאָזיקער ראָל. צום בעסטן איז דאָס געלונגען דער פרוי פון מאַיאָר זילבערשמיד, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ בעסער הויז. פאָגעלסבערגער האָט שוין אַ גאַנץ יאָר זיך געקליבן מיט איר חתונה צו האָבן. מעינס געליבטע, קלאַרע, די טאָכטער פון אַ רייכן פאַבריקאַנט, אַ יונג שיין מיידל, וועלכע מעין האָט פאַרפירט, האָט זיך לכתחילה אויפגעפירט זייער מאַנירלעך, זי האָט אָבער גיך פאַרלוירן איר צירלעך-מאַנירלעכקייט און אָנגעהויבן אָן אויפהער הויך צו לאַכן און נישט געקאָנט זיך מער באַהערשן. אַ ביסל ווייטער איז געזעסן אַ זייער עלעגאַנטע דאַמע, אַ לייטערין פון אַ מאָדע-סאַלאָן אויף קופירשטנדאַם אין בערלין. זי האָט לכתחילה מיט קיינעם נישט גערעדט קיין וואָרט און נאָר געקוקט מיט פאַרליבטע אויגן אויף איר פריינד, דעם שווייגנדיקן אַדיוטאַנד פרעי, און מעין האָט זיך אַ ביסל פאַרדעכטיק געדרייט אַרום איר.

גראַף דאָסע איז געזעסן געבויגן איבערן טעלער און געשטראַלט פון פרייד. זיין פנים האָט היינט גאַנץ שיין אויסגעזען. אין אַ געהויבענער שטימונג האָט ער געטרונקען צו יעדן איינעם, ווער ס'האָט נאָר אויף אים אַ קוק געטאָן, און בעת ביי דער פריילעכער קלאַרע איז אַראָפּגעפאַלן איר סערוועטקע, האָט ער תיכף מיט דינסטגרייטקייט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול. יעדע רגע האָט ער געקוקט אויפן זייגער און אויף מעינס אַ ווונק האָט ער פאַרלאָזן דעם זאַל. נאָך עטלעכע מינוט איז ער צוריקגעקומען אין דער באַגלייטונג פון דער שיינער שאַרלאָטע.

אַלע הערן זענען אויפגעשפּרונגען, די דאַמען האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, און אַפילו דאָס פריילעכע געלעכטער פון דער אַ ביסל שיכורלעכער קלאַרען איז איבערגעהאַקט געוואָרן אין סאַמע מיט פון אירער אַ קלינגענדיקער קאַסקאַדע. ס'איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן, און מען האָט געהערט בלויז די שטורמישע הייל-אויסגעשרייען פון די וואַכלייט, וועלכע האָבן געפייערט דעם געבורטסטאָג אונטן אין קעלער.

שאַרלאָטע איז באמת געווען זייער שיין, זי האָט אויסגעזען, מיט איר זעלטן-סימעטרישן געבוי, ווי די מיטאָלאָגישע יונאָנע, און דאָך געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ שלאַנקער פרוי. דאָס חערלעכסטע ביי איר איז געווען דער גלייכמעסיקער קאָליר פון איר הויט, גלאַט ווי עלפנביין, נאָר עטוואָס צו בלאַס. גאָלדענע, צאַרטע לאָקן האָבן זיך געקרייזלט איבער אירע שלייפן און די ווייעס האָט זי אויפגעהויבן

אזוי מאַיעסטעטיש פּאַמעלעך, ווי א פּאַווע עפּנט איר פעכער פעדערן. אירע הענט, וועלכע האָבן דערמאָנט די מייסטערהאַפטע פרויען=הענט פון באַטיטשלי, האָבן געזאָלט די צוועלף ווינער מאָלער ספּעציעל פּרעמירן.

מיט עסטרייך האָט געטראָגן א שטאָל=בלויען פאַנטאַזיע=קאָסטיום און גאָלדקאָלירענע שיך. זי האָט גערעדט מיט אַ ווייכן הנעוודיקן ווינער דיאַלעקט. ווען זי איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט מען באַמערקט, אז אירע ליפּן זענען געווען א ביסל צו רויט „געפאַרבט, און די בגילופנדיק. קלאַרע האָט באַלד ארויסגענומען איר שפּיגעלע פונעם האַנט=טאַש, אַ קוק צו טאָן, צי אירע ליפּן זענען אויך נישט צו רויט.

ווי נאָר די שיינע שאַרלאָטע האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, איז אַריינגעקומען דער גאַולייטער. אַ צעשטראַלטער פון גוטער שטימונג, האָט ער אייליק געדריקט די הענט פון די דאמען, וועלכע ער האָט שוין טיילווייז געקענט. דערזעענדיק שאַרלאָטען, איז ער ווי פארבליפט געוואָרן און געקוקט אויף איר מיט אַ שמייכל און נישט באַהאַלטענעם נייגער. ער האָט זיך צו איר פריינדלעך פּאַרנייגט און געגעבן צו פילן זיין אויסטיילן זי מיט אַ קרעפטיקן האַנטדרוק. דערנאָך האָט ער געבעטן די געסט, זיי זאָלן זיך פילן איינגאַנצן פריי. — פּירט אייך אזוי, ווי איך וואָלט דאָ נישט געווען, — האָט ער הויך געזאָגט. — איך בין א מענטש פון פאָלק.

די דאמען זענען געווען אנטציקט פון זיין פּשטות, ווארעם סוף כל סוף איז ער דאָך געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פערזאָנען אין דייטשלאנד, און מ'האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ער געהערט צו יענער גרופּע, וועלכע האָט מיטגעמאַכט דעם מאַרש צו דער פעלדהערן=האַלע.*

רומף האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט, און דער קעלנער אינעם שווארצן פראַק האָט אָנגעגאָסן אין זיין גלאָז רויטוויין.

— צי איז עס נישט געווען מיינע א גלענצנדיקע אידעע צו פארבעטן אהער די דאמען? — האָט ער געשריגן איבערן טיש, אויפמערקזאם באטראכטנדיק יעדע דאמע באזונדער. — און אָט, מיינע הערשאפטן, איר זענט ביי זיך אין דער היים, פאַרגעסט דאָס נישט.

ער האָט שווייגנדיק געגעסן די זופּ, נישט אראָפּלאָזנדיק פון אויג די שיינע שאַרלאָטע. לסוף האָט ער איר געגעבן אַ ווונק, אַז זי זאָל זיך אַוועקזעצן נעבן אים.

---

* היטלערס אַזוי גערופענער „ביר=פּוטש", דעם 8 נאָוועמבער 1923, האָט זיך אָנגעהויבן פונעם באַשטימטן מאַרש צו דער „פעלד=הערן=האַלע"—א געביידע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן לכבוד די דייטשע מיליטער=אָנפירער.

— ווי איך זע, האָט איר אויך נאָך נישט געגעסן קיין אָונגט־ברויט, — האָט ער געזאָגט, — איר וועט דאָך אַוודאַי מיר נישט אָפּזאָגן אין אייער געזעלשאַפט, מיס עסטרייך? גראָף דאָסע וועט נאָך אָפּט האָבן אַ געלעגנהייט אייך צו זען.

פאָגעלסבערגער איז אויפגעשפּרונגען, און שאַרלאָטע האָט פאַרנומען זיין אָרט ביי דער זייט פון גאָולייטער. אויף אַ ווײַלע האָט זי זיך לייכט פאַרוויטלט, און אירע אויגן האָבן באַקומען אַ רייצנדיקן גלאַנץ. ס'איז בפירוש געווען קאָנטיק, אַז זי טריומפירט: אַזאַ פּראָמינענטע פּערזאָן האָט זי אויסגעטיילט פון אַלע דאַמען!

נאָכן קורצן איבעררײַס האָבן זיך די שמועסן ביים טיש באַנייט און שוין ווידער האָט זיך געלאָזט הערן קלאַרעס פרייליכער געלעכטער.

— ווי כ'האָב געהערט, האָט איר געהאַט אַ נישט איבעריק אָנגענעמע רייזע, מיס עסטרייך? כ'מעג האָך אייך אַזוי אָנרופן?

שאַרלאָטע האָט זיך פאַרנייגט.

— אויב ס'איז אייך ליב, ביטע זייער, — האָט זי געענטפערט אַ ביסל אָנגעהרייסט. — ניין, די רייזע איז געווען נישט קיין לייכטע, באַזונדערס שלעכט איז געווען פאַר דרעזדן. כ'האָב זיך גאָר נישט גוט געפילט אין דער קאַבינע.

— איר האָט געהאַט די ים־קראַנקהייט?

שאַרלאָטע האָט זיך צעלאַכט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, נישט אינגאַנצן, — האָט זי געענטפערט. — אָבער ס'האָט קיין סך נישט געפעלט.

זי האָט דערציילט אַ סך פּרטים פון איר רייזע. זי האָט געפילט, אַז דער גאָולייטער הערט זי גערן. ס'האָט איר אויך נישט געאַרט, וואָס ער האָט זי בסדר אויפמערקזאַם באַטראַכט. זאָל ער זי רואיק באַטראַכטן, זי איז געווינט דערצו. זי האָט צו אים קאָקעטירט מיט אירע בליקן און געלאָזט אין גאַנג אירע פאַרפירערישע וויעס. וואָס מער זי געפעלט אים, אַלץ מער נוצן וועט זי ברענגען דאָסען, וועלכער איז גאַנץ אָפּט זייער נישט צופרידן געווען פון זיין שעף.

— פיינלעך, זייער פיינלעך, — האָט רומף געלאַכט און געגעבן אַ צייכן די באַדינער, אַז זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף שאַרלאָטעס גלאָז. — פיינלעך, בפרט פאַר אַ דאַמע. און שיינע פרויען דאַרפן דאָך באַשאָנקען ווערן מיט אַ ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט, אמת?

שאַרלאָטע האָט שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַלס צייכן, אַז זי שאַצט ווי געהעריק אָפּ די שאַרפע באַאָבאַכטונג פונעם גאָולייטער.

— מיך וווּנדערט גאָר, וואָס איר האָט נישט אַ צי געטאָן פאַרן אַליאַרם־טאָרמאָז, — האָט רומף געשפּאַסט און גלייכצייטיק ערנסט אַ קוק געטאָן שאַר־לאָטען אין פּנים אַריין.

— מען מעג דען? — האָט שאַרלאָטע אַזוי זיך אַ פרעג געטאָן.

רומף האָט זיך הויך צעלאַכט.

— נאַטירלעך, אַז מען מעג, — האָט ער געענטפערט און זיינע בלויע אויגן האָבן געפינקלט פון צופרידנקייט, — מען פּראָטעסטירט פּשוט קעגן אַזאַ צו שנעלן טראַנספּאָרט און מ׳פאָדערט צוריק דאָס געלט.

די שיינע שאַרלאָטע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אומגלויבן.

— און אַז דער פּראָטעסט העלפט נישט, שטייגט מען פּשוט אויס! — האָט רומף פאָרגעזעצט זיין לצנות, באַהערשט פון זיין צעבאַלעוועטקייט.

גראַף ראָסע האָט זיך פאַרקרומט. ער האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער נאַרישער שפּאַס לגבי שאַרלאָטען איז זייער געשמאַקלאָז. דאַקעגן פאַגעלסבערגער און מענין האָבן זיך הויך צעלאַכט. זיי האָבן שוין נישט איינמאָל געהערט פון גאָליימער דעם דאָזיקן וויץ. אויך די פרוי פון מאַיאָר זילבערשמיד האָט זיך הילכיק צעלאַכט. זי האָט נישט פאַרלוירן קיין וואָרט פון דעם דאָזיקן געשפּרעך און האָט גאַנץ אָפן טריומפירט איבער דער איינגעבילדעטער שיינהייט, וועלכע זי האָט מקנא געווען. לסוף האָט זיך אויך צעלאַכט די שיינע שאַרלאָטע, נאָר אין איר געלעכטער האָט זיך געפילט בזיון און באַליידיקונג.

— ווי מיאוס! — האָט זי אויסגערופן און געדראָט דעם גאָליימער מיט איר שיינעם ווייזפינגער, — איר מאַכט זיך לוסטיק איבער מיר, הער גאָליימער!

גראַף ראָסע איז געזעסן אויף זיין שטול ווי אַ געפּלעפּטער.

— שאַרלאָטע! — האָט ער וואָרנענדיק אויסגערופן איבערן טיש, אָבער קיינער האָט אויף אים נישט געלייגט קיין אכט.

רומף האָט געפּלאַצט פאַר געלעכטער.

— איר זענט וווּנדערבאַר! — האָט ער אויסגערופן.

אויך די קעלנער אין די שוואַרצע פראַקן, וועלכע האָבן באַדינט דעם דאָזיקן טיש, האָבן געלאַכט. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויך געגעבן פון זיך צו וויסן. איבעריקנס, האָבן זיי שאַרלאָטען באַדינט מיט אַ באַזונדערער זאָרגפעלטיקייט, באַצויבערטע פון אַזויפיל שיינקייט.

רומף האָט זיך ענדלעך באַרויִקט. ער האָט אָנגעפילט זיין גלאָז און געטרונקען צו שאַרלאָטען.

— מיט אַ געוויסע צייט צוריק האָב איך איבעריקנס אַליין געלייענט, — האָט ער פאָרגעזעצט, — אַז צוויי יונגע דאַמען פון דער ענגלישער געזעלשאַפט זענען טאַקע, נישט לאַנג טראַכטנדיק, באמת אויסגעשטיגן פונעם עראָפּלאַן גראָד אינעם מאָמענט, ווען ער איז געפלויגן איבער לאָנדאָן.

— זיי האָבן אוודאי בדעה געהאַט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, — האָט די שיינע שאַרלאָטע אַ זאָג געטאָן און נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איר באַמערקונג האָט ווידער אַמאָל ארויסגערופן אַן אַלגעמיינע פריילעכקייט.

— וואַרשיינלעך! — האָט רומף לאַכנדיק געשריגן, און די גאַנצע געזעלשאַפט איז מיטגעריסן געוואָרן פון זייער געלעכטער. וואַרשיינלעך, שענסטע מיס עסטרייך!

די שיינע שאַרלאָטע האָט זיך אָבער געפילט געטראָפן. זי האָט צונויפגעצויגן די ברעמען און מער אויף קיינעם נישט געלייגט קיין אכט. ווי דורך א כישוף האָט איר פנים פלוציים אָנגענומען אַן אומצוטריטלעכן אויסדרוק. דאָס מערקווירדיקסטע איז אָבער געווען דאָס, וואָס די אויפרעגונג האָט זי נאָך שענער געמאַכט. זי האָט באמת אויסגעזען ווי א באַליידיקטע געטין.

אויך רומף האָט זיך נישט געקאָנט אַקעגנשטעלן דעם האַזיקן איינדרוק. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז מיט זיין לצנות צו ווייט פאַרפאָרן און אויפגעהערט לאַכן. באַלד איז אין זאַל אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

— כ'האָב נאָר געוואָלט זאָגן, — האָט ער מיט אן איבערבעטנדיקן טאָן זיך געווענדעט צו דער געקרענקטער שאַרלאָטען, — אַז די לופטרייזנדע זענען הייַנט נאָך איבערטריבן דעליקאַט. מען דאַרף זיך צוגעוווינען צו דער ים=קראַנקייט אויף די אעראָפּלאַנען. לעצטנס זענען מיר געפלויגן קיין קעלן, און דאָס וועטער איז געווען פאַטאַל, מיר זענען האָך עפּעס אַלטע לאַנדסקנעכט,* אָבער איך זאָג אייך, שיינע שאַרלאָטע, מיר האָבן געבראָכן, אָן שום חרפה, ווי קיוט=הינט.

רומף האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

שאַרלאָטע האָט א ביסל אויפגעעפנט איר עטוואָס צו רויט געפאַרבט מיילעכל און א שמייכל געטאָן. דאָס, וואָס דער גאַולייטער האָט זי אָנגערופן ביים נאָמען, איז גענוג געווען, אַז זי זאָל אים תיכף מוחל זיין.

רומף האָט דערציילט וועגן זיינע נסיעות אויפן ים, ווו די פּאַסאַזשירן האָבן שוין אונטער זיך א גרויסע דערפאַרונג, גאָר אַנדערש ווי רייזנדע מיט אעראָפּלאַנען.

צופרידן, וואָס דער שמועס איז אַריבער אויף א נייער טעמע, האָט שאַרלאָטע געפרעגט, צי ער איז א סך געפאָרן אויפן ים?

— אויפן ים? — האָט רומף אויסגערופן און גענומען אויסציילן אויף די פינגער, אויף וועלכע ימען ער איז אַלץ געפאָרן: — אויפן אַטלאַנטישן, אויפן שטילן אָקעאַן, אויפן אינדישן אָקעאַן... אַז ער האָט שוין אָבער געהאַלטן ביים געלן ים, האָט דער רייטמייסטער מעין זיך אויפגעהויבן, כדי צו האַלטן א טאָסט לכבוד דעם גאַולייטער.

* געדונגענע סאָלדאַטן.

# XVIII

דער פרייִדיקער גלאַנץ אויף גראַף דאָסעס געזיכט האָט זיך אויסגעלאָשן. זיין פּנים האָט ווידער אויסגעזען מאַט און גרוי, ס'איז פון אים אַראָפּ דער אָנהויך פון שיינקייט, און נאָר אַ שוואַכער שמייכל איז נאָך געבליבן, עפּעס אַ קינסטלעכער, ווי אַן אויפגעצוווּנגענער. דער גראַף האָט נישט געהערט, וואָס דער רייטמייסטער מען האָט גערעדט, ער האָט בלויז מעכאַניש אויפגעהויבן זיין גלאָז, ווען אַלע זענען אויפגעשטאַנען, און מעכאַניש געעפנט דאָס מויל, ווען אַלע האָבן געשריגן „הייל“, אָבער קיין שום קלאַנג האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט.

פון מאָמענט זינט זי האָט נושא חן געווען אין די אויגן פונעם גאַלייטער, איז שאַרלאָטען קיין איינציק מאָל אפילו נישט איינגעפאַלן אַ קוק צו טאָן אויפן גראַף און צוואַרפן אים כאָטש אַ שמייכל. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט פאַר איר מער נישט עקזיסטירט.

ער האָט זי אָבסערווירט פאַרטייעט, רויכערנדיק איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. איר שמייכל איז געוואָרן לעבהאַפטיקער, שיינענדיקער, אירע אויגן האָבן געפינקלט פרייִדיק און פיבערהדיק. זי האָט אויסגעטרונקען אַ פול גלאָז שאַמפּאַניער, הגם זי האָט דעם געטראַנק נישט לייכט געקאָנט פאַרטראָגן.

גראַף דאָסע האָט זי גוט געקענט! זי האָט זיך באַמיט צו געווינען דעם גאַלייטער, ער זאָל זיך אין איר פאַרליבן. ס'איז גענוג געווען אַ קוק צו טאָן, וויאַזוי זי האָט זיך געסטאַרעט אַרויסצושטעלן זיך מיט אירע וווּנדערבאַר געפורעמטע ברוסטן.

היט דיך, שאַרלאָטע!

זי האָט ליב געהאַט פּראָסטע, קרעפטיקע, געזונטע מענער. פאַרוואָס דען נישט? מעגן זיי זיין אפילו אַזעלכע גראָבע יונגען, אַזעלכע פּראָסטאַצקע, ווי אָט דער רומף, וועלכער איז אַ געוועזענער קוכער אויף אַ פראַכט-שיף.

בעת זי האָט שפּאַסנדיק געדראָט דעם גאַלייטער מיטן פינגער, איז דאָס האַרץ ביים גראַף דאָסע פאַרגליווערט געוואָרן. וואָס פאַר אַ נאַיוויטעט, גאָרנישט צו פאַרשטיין! זי האָט דאָך אים נישט געקענט, זי האָט דאָך וועגן אים גאָרנישט געוווּסט, וועגן דעם „מענטש פון פאָלק“, זי האָט נישט געקענט זיין גרענעצלאָזע גאווה און זיינע קאַפּריזן, וועלכע קאָנען זיך מאָמענטאַל פאַרוואַנדלען אין שנאה און דערפירן מענטשן צום אומקום.

די קעלנער האָבן אָנגעשטעלט אויף די טישן פלעשער שאַמפּאַניער און ליקערן. מען האָט שוין געקאָנט אָנהייבן די שמחה.

רומף האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און הויך געלאַכט. אַצינד איז ער געווען אין זיין סטיכיע. ער פלעגט זיך ערשט גוט פילן, ווען זיינע געסט זענען שוין טויט שיכורע געפאַלן פון די פיס און געוואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע. די

פײנענקע קלאָרע האָט צעבראָכן איר גלאָז שאַמפּאַניער, זי איז משמעות שוין געווען אײנגאַנצן שיכּור און הילכיק געלאַכט, ווי אַ צעווײנטער גלאָק, וועלכן מ'קאָן שוין נישט אײנהאַלטן. דער רײַטמײַסטער מעין מיטן עזותדיקן פּנים האָט זי געהאַט אויפן געוויסן, ווי ער האָט שוין געהאַט אויפן געוויסן פיל אַנדערע. ער וועט פאַרטאַכלעווען איר געלט, און ווען זי וועט בלײַבן אָן אַ גראָשן, וועט ער זי מער נישט וועלן קענען, — דאָס איז זיכער!

בײַם טיש איז שוין געווען אַ צושטאַנד פון צעהוליעטקייט און גרויסן טומל, עס האָט שוין געהאַלטן בײַ פאַרשײַטקייט און ווילדע געשרייען.

— לודוויק דער פערצנטער, — האָט רומף געשריגן מיט אַ קול, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אַפילו אין טומל, — אָדער לודוויק דער זעכצנטער? — ווי האָט ער געזאָגט? העלפט מיר, מעין! Apres nous

Apreś nous le deluge! *, — האָט מעין געענטפערט, דער אײנציקער, וועלכער האָט ווי עס איז גערעדט פראַנצויזיש.

— נישט אמת! ער האָט אונדז נישט געקענט. יעדנפאַלס איז דאָס נישט חל אויף אונדז, — האָט רומף געשריגן. — מיר מוזן דעם שפּרוך ענדערן, מעין: „נאָך אונדז וועט זײַן אַ גן־עדן!“

מעין האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף, פאַנאַנדערגעשפּרייט די הענט און דעקלאַמירט מיט פּאַטאָס:

Apreś nous le paradis! **

מען האָט באַגײַסטערט אַפּלאָדירט.

— שטעלט אַוועק אין אַ זײַט צוויי טוץ פון דעם דאָזיקן געטלעכן וואַו קליקאָ, — האָט רומף באַפוילן די קעלנער אין די שוואַרצע פראַקן און אויפגעהויבן זײַן גלאָז צו שאַרלאָטען.—צי איז עס געווען לודוויק דער פערצנטער אָדער לודוויק דער זעכצנטער, איז דאָך סוף־כּל־סוף אַלצײנס, — האָט ער געזאָגט, — איך יעדנפאַלס באַדויער זייער, וואָס כ'בין הײַנט נישט אײנער פון די ליכטיקע קיניגן!

שאַרלאָטע האָט זיך פאַררויטלט. זי האָט נישט געוווסט, וויאַזוי אויסצוטײַטשן זײַנע ווערטער, האָט זי זיי פונדעסטוועגן אָנגענומען פאַר אַ קאָמפּלימענט.

באַלד דערנאָך איז דער גאַלייטער אויפגעשטאַנען, און די גאַנצע געזעלשאַפט איז אַריבערגעגאַנגען אין שכנותדיקן סאַלאָן. דער סאַלאָן האָט אויסגעזען, ווי אַ גאָרטן פול מיט בלומען. אינדערמיט איז געשטאַנען אַ גרויסער מאַהאָניטיש. בעתן אַריבערגיין אין סאַלאָן האָט שאַרלאָטע זיך פאַרהאַלטן און צוגעגאַנגען צום גראַף דאָסע. אָבער אין מאָמענט, ווען זי האָט אים עפּעס געוואָלט זאָגן, האָט דער גאַלײַטער זי אַ רוף געטאָן, און זי איז שנעל אַוועק צו אים. גראַף דאָ־

* נאָך אונדז — אַפילו אַ מבול!

** נאָך אונדז — אַ גן־עדן.

סע איז אויך אַריין אין סאַלאָן און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל בײַ דער טיר אונטער אַ לאָרבער־ביימל. מען האָט פֿאַנאַנדערגעטראָגן קאַווע און ליקער.

גראַף ראָסע האָט זיך דאָ גוט געפֿילט, וואָרעם קיינער האָט אים נישט גע־שטערט אָבסערווירן אַלצדינג דורך די בוקעטן, וואָס זענען געשטאַנען אין הויכע וואַזאָנען.

דער פּראָגראַם האָט פּאָרויסגעזען, אַז נאָכן עסן וועט ער געבן אַ קורצן סאָ־לאָ־קאָנצערט אויפֿן פֿידל, אָבער קיינער האָט אים וועגן דעם נישט דערמאָנט, און מען איז אַזוי געווען פֿאַרטאָן אין זיין נייעם פֿלירט מיט דער אייגנטימערין פֿון בערלינער מאָדע־סאַלאָן, אַז ער האָט וועגן אים פֿאַרגעסן.

ראָסע האָט זיך לכתחילה געפֿרייט, אַז ער וועט זיך הייַנטיקן אָוונט קאָנען באַווייזן פֿאַר שאַרלאָטען. בלויז פֿאַר איר אַליין האָט ער געוואָלט שפּילן, מער פֿאַר קיינעם נישט! איצט אָבער איז ער געווען צופֿרידן, אַז מען האָט פֿאַרגעסן וועגן פּראָגראַם.

„כ'וועל נישט שפּילן, — האָט ער אַ דעריצערנטער געטראַכט, — זאָל איר רומף מיט די קעלבערנע האָר פֿאַרשפּילן“. ער איז איצט געווען אויפֿגע־בראַכט און פֿעסט איבערצייגט, אַז די געסט האָבן פֿאַרלוירן אַן אויסערגעוויינלע־כן פֿאַרגעניגן. קיינער האָט אָבער אַפֿילו נישט געהאַט בדעה דערפֿון זיך אויף אַ האָר צו קימערן. די געסט האָבן זיך פֿאַרהאַלטן רויִשיקער און נאָך מער צעהו־ליעט, ווי אינעם עסזאַל, און צייטנווייז האָט געהערשט אַזאַ טומל, אַז ס'איז שווער געווען צו פֿאַרשטיין אַ וואָרט. די קאָרקעס פֿון די פֿלעשער שאַמפּאַן האָבן כסדר געקנאַלט.

— יונגע מענטשן מוזן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינען צו האַרמאַטן־שאָסן, — האָט רומף געשריגן, קייקלענדיק זיך פֿון געלעכטער, און נאָך מיט מער אייפֿער פֿאַרנומען זיך מיט שאַרלאָטען.

שאַרלאָטע האָט אָבער איצטער באַקומען אַ קאָנקורענטקע אין פֿאָנעלסבער־גערס כּלה, די בלאָנדע מאַיאָרשע זילבערשמיד. זי איז געזעסן אינגאַנצן נישט קרעמפּירנדיק זיך אויפֿן אָנלען פֿון פֿאָטעל, רייצנדיק דעם עולם מיט אירע שיינע פֿיס. גראַף ראָסע האָט אין זיין ווינקל מיט חוזק פֿון איר אָפּגעלאַכט. „מאַכט אייך נישט לעכערלעך, מאַדאַם, — האָט ער געטראַכט, — אַ דראָזשקע־פֿערד קאָן נישט גיין אין אַ וועט־געיעג מיט אַ ראַסאָוון“. דאָס פּנים ביי דער בלאָנדער זילבערשמיד האָט זיך גערויטלט פֿון ווייַן, די אויגן זענען געווען פֿאַרנעפּלט, איר קונסטפֿולע פֿריזור האָט זיך געלאָקט אויף איר נאַקן. אָבער וואָס רעדט זי דאָרט? גראַף ראָסע האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. זי האָט גערעדט מיטן גאַלייטער אויף ענגליש.

דער גאַלייטער האָט אויסגעזען צו זיין זייער פֿאַראינטערעסירט מיט איר געשפּרעך און האָט איר זייער לעבעדיק געענטפֿערט. ער האָט גערעדט ענגליש,

אָבער אַזוי הויך, אַז אַלע זאָלן אים הערן, מחמת ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זיין ענגליש רעדן איז אויסערגעוויינלעך.

מיטאַמאָל האָט אַ הילך געטאָן אַ געלעכטער איבערן גאַנצן סאַלאָן, און דער גראַף דאָסע האָט שוין מער גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, און ווען דער טומל האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער געהערט, אַז רומף רעדט איצט דייטש און דערציילט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אַלעמען שטאַרק פאַראינטערעסירט. ס'איז אויף אַ ווײַלע שטילער געוואָרן.

— צוויי הונדערט חזירים אַ טאָג! — האָט דער גאַלייטער אויסגערופן.

— צוויי הונדערט חזירים? — האָבן עטלעכע קולות געפרעגט מיטאַמאָל.

— מיזנטער חזירים טעגלעך פלעגט מען דערמאָלט שעכטן אין טשיקאַגאָ, — האָט רומף פאַרגעזעצט. — כ'האָב פאַרדינט אַ מטמון געלט.

,,אַהאַ, דאָס איז די מעשה מיט די שעכטהייזער פון טשיקאַגאָ, וואָס כ'קען שוין פון אויסנווייניק, — האָט דאָסע געטראַכט, — ער חזרט זי כסדר איבער".

רומף האָט אויספירלעך געשילדערט, ווי ער פלעגט דעמאָלט יעדן טאָג קוילען צוויי הונדערט חזירים. ס'איז האַרט געווען אַ ריזיק ראָד מיט האַקנס, און די חזי־רים זענען געהאָנגען אויף די האַקנס מיטן קאָפּ אַראָפּ. מען פלעגט זיי אַרונטער־לאָזן פון דער הייך אין דער נידער. איין שניט אין גאָרגל און דאָס בלוט האָט גע־טאָן אַ שאָס אַרויס.

די דאַמען האָבן אַזש אַרויסגעלאָזט אַ געשריי.

— אָבער, מיינע ליבע דאַמען, די חזירים פלעגט מען צוערשט באַטויבן לויט די פאָרשריפטן, לויט אַלע כללים פון דער שעכט־קונסט. דאָס בלוט איז, פאַר־שטייט זיך, זאָרגפעלטיק צונויפגענומען געוואָרן. ווידער אַ קלאַנג פון גלאָק — און דער חזיר נידערט אַראָפּ דורך דער עפענונג אין דער פאָדלאָגע אין דער בריע־ריי, און שוין גייט נאָך אַ חזיר פון אויבן, ער קוויטשעט און צאַפּלט אויפן האַקן, אַ שניט אין גאָרגל, ווידער גיט אַ שפּריץ אַרויס אַ שטראָם בלוט. די ווייסע אַר־בעטס־כאַלאַטן ווערן אינגאַנצן דורכגעזאַפּט מיט בלוט. און שוין ווידער גיט אַ קלונג דער גלאָק, עס לאָזט זיך אַראָפּ נאָך אַ חזיר פון דער הייך. יאָ, דעמאָלט איז ער געווען יונג און ליב געהאַט צו פאַרדינען אַ סך געלט.

די דאַמען זענען אַנטשוויגן געוואָרן און געקוקט אויף אים מיט שרעק אין די אויגן.

— אַוודאי מוז מען האָבן שטאַרקע נערוון, — האָט ער אויסגערופן, — שטאָלענע נערוון. אַלע אַמעריקאַנער, אויב זיי שטאַרבן נישט אין די יונגע יאָרן, האָבן אַזעלכע שטאָלענע נערוון. זיי זענען אַ שטאַרקע ראַסע, אַזאַ ווי מיר וועלן מוזן דערציען אויך ביי אונדז אין דייטשלאַנד, אַ פאָלק מיט שטאָלענע נערוון. ווי לאַנג כ'האָב געאַרבעט? אַ האַלב יאָר האָב איך אויסגעהאַלטן אין די טשיקאַגער שעכט־הייזער, דערנאָך בין איך שוין אויך געווען אַ פאַרטיקער. אָבער פאַרוואָס

האָט איר אויפֿגעהערט טרינקען, מײַנע הערשאַפֿטן, מען דאַרף קענען טרינקען אַפֿילו צוהערנדיק זיך צו אַזעלכע זאַכן.

ווידער האָבן זיך די גלעזער צעקלונגען, און די קעלנער זענען געלאָפֿן אַהין און צוריק. דער גאַלייטער האָט נאָך געטרונקען זײַן רויטווײַן, און פֿון צײַט צו צײַט אויך אַ גלעזל ליקער. זײַן פּנים איז געווען עטוואָס פֿאַררויטלט, נאָר די ראָזיקע הויט פֿון קאָפּ האָט געשימערט דורך די קורץ געשוירענע האָר. זײַן זשאַווערריק־רויטע פּריזור איז געווען אַזוי בעט צוגעקעמט, ווי אין דער פֿרי.

באַלד האָט ער גענומען דערציילן אַן אַנדערע געשיכטע פֿון זײַן לעבן אין אַמעריקע.

— דערמלט האָב איך פֿאַרדינט פּונקט דאָלער אַ טאָג, — האָט ער אָנגעהויבן. — דאָס איז געווען אַ מטבע, אמת? ס'איז אָבער אויך געווען אַ זייער געפֿערלעכער „דזשאַב“.*

דאָס איז געווען אויף די נאַפֿט־פֿעלדער אין מעקסיקע, און זײַן אויפֿגאַבע איז באַשטאַנען אין פֿירן אויטאָ־טראַנספּאָרטן מיט דינאַמיט־לאָדונגען פֿון קעמפּ צו קעמפּ. די אויטאָס האָבן געהאַט פּרעכטיקע רעסאָרן, פֿונדעסטוועגן פֿלעגן יעדעס יאָר עטלעכע אויטאָס פֿליען אין דער לופֿטן. דעם דאָזיקן דזשאַב, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, האָט ער שוין נאָך פֿיר חדשים געמוזט אויפֿגעבן.

שפּעטער האָט דער גאַלייטער געקאָנט דערציילן וועגן זײַנע רייזע־איבערלעבונגען, באַזונדערס האָט ער דאָס ליב געהאַט צו טאָן, בעת ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, ווי הײַנט. גראַף דאָסע האָט געקענט די אַלע מעשיות, אָבער וואָס אָפֿטער ער האָט זיי געהערט, אַלץ מער האָט ער געצווייפֿלט אין זייער אמתדיקייט.

דאָן איז געשען אַ קליינער אינצידענט. די צעהוליעטע קלאַרע האָט ווידער צעבראָכן אַ גלאָז, אָבער דאָסמאָל איז דאָס שוין געווען נישט קיין בגילופֿנדיקייט, דאָסמאָל האָט זי שוין אויסגעזען אינגאַנצן ווי אַ באַנומענע. אין הפֿקרדיקער צעהוליעטקייט האָט זי געכאַפּט פֿון טיש באָקאַלן פֿון שאַמפּאַן און געוואָרפֿן אויף דער וואַנט. ביים דריטן גלאָז האָט מען זי פֿעסט געהאַלטן פֿאַר די הענט. וועלנדיק זיך באַפֿרייען, איז זי אַנידערגעפֿאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. זי איז געבליבן זיצן אויף דער פּאָדלאָגע און אַזוי הילכיק אָן איבעררייס געלאַכט, אַז אַלע זענען מיטגעריסן געוואָרן פֿון איר געלעכטער. צום האַרציקסטן האָט געלאַכט רומף. מען האָט זי אויפֿגעהויבן און ווידער געשטעלט אויף די פֿיס. זי האָט זיך געוואַקלט און פֿונדעסטוועגן געפּרוווט גיין דרייסט איבערן צימער. בעת זי האָט געוואָלט אויסמײַדן אַ לאָרבער־ביימל, האָט זי זיך אַ וואַקל געטאָן און אַ וואַליע געטאָן אויף אַ גלעזערנער שאַנק.

---

* באַשעפֿטיקונג.

די שויבן האָבן אַ בראַזג געטאָן און אַן אַ שיעור טעצעלער און וואַזעס האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און צעטראַסקעט געוואָרן אויף שערבלעך.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַ קווטשיק געלעכטער. דער גאַולייטער אָבער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

דאָס איז געווען אַ טייערע זאַמלונג פון זעלטענער, ווייסער כינעזישער פּאָרצעלײַ, וואָס רומף, ווי ער האָט דערציילט, האָט מיטגעבראַכט פון מזרח.

מע׳ן האָט קלאַרען אַרויסגעפירט פון צימער, אָבער פונעם קאָרידאָר האָט מען ווידער געהערט איר לוסטיק און קלינגעוודיק לאַכן, און אַלע זענען ווידער אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיק געלעכטער. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר מײַנען איז עס געווען אַ געלעגנהייט אויסצוטרינקען זײַן כוס פאַרן געזונט פון דער צעהוליעטער קלאַרע.

איצטער האָט פאָגעלסבערגער געהאַלטן, אַז ס׳איז די פּאַסיקע צײַט צו האַלטן אַ טאָסט לכבוד דעם גאַולייטער. מען דאַרף מודה זײַן, אַז ער האָט אַ סך בעסער און שענער גערעדט, ווי מ׳וואָלט זיך דאָס אויף אים געקאָנט ריכטן. די בלאָנדע מאַיאָרשע זילבערשמיד האָט מיט פאַרחידושטע בליקן געקוקט אויף זײַנע ליפּן און איז אויך געווען די ערשטע, וואָס האָט מיט אַלע כוחות געפּאַטשט מיט אירע צאַרטע הענט.

דער גאַולייטער איז געווען מלא שמחה און זיך תיכף אויפגעהויבן אָפּצוענטפערן. זײַן קורצע רעדע איז אויך געווען אויסגעצייכנט.

— איך דאַנק אײַך, מײַן ליבער פאָגעלסבערגער, — האָט ער אָנגעהויבן, און אַלע האָבן זיך אויפמערקזאַם אײַנגעהאָרכט, מחמת ער פלעגט זעלטן ווען נעמען אַ וואָרט, — הלוואַי זאָל דאָס מקוים ווערן! איך האָף אויך, ווי איר, אַז מיר וועלן צוריקבאַקומען אונדזער אַלטע קראַפט! לאָמיר האָפן, אַז שוין בקרוב וועט קומען די צײַט, ווען מיר וועלן, ווי אַמאָל, פאָרן איבער די ימים אויף אונדזערע שנעלע שיפן.

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ פריז פונעם סאַלאָן, אויף וועלכן קיינער האָט ביז איצטער נישט געלייגט קיין אכט. גאַנצע שורות שמאָלע וויקינג־שיפלעך, מיט פאַנטאַסטישע הויכע מאַשטן, האָבן זיך געיאָגט איבער די כוואַליעס און אויף די הויכע פאַלובעס האָבן זיך צוגויפגעדרענגט קריגערישע וויקינגער מיט אויפגעהויבענע שילדן.

— ווי די דאָ אויבן! — האָט דער גאַולייטער מיט אַ סך באַגײַסטערונג אויסגערופן, — און מיר וועלן אויך, ווי זיי, קלאַפּן מיט די שווערדן אויף אונדזערע שילדן. ענדלעך וועט קומען די רײַ אויף אונדז, דאָס קומט אונדז שוין זינט הונדערטער יאָרן. די פעפער־זעק דאָרטן, אויף זייער אינדזל, וועלן שוין מוזן אונדז אָפּטרעטן. מאַכט אַ וואַרע, איצט קומען מיר אָן!

מען האָט אויסגענוצט דאָס באַגייסטערטע יובעלן, וואָס איז אויסגעבראָכן נאָך דעם גאָלייטערס קורצן ענטפער, און ער האָט געעפנט די ברייטע טירן צום טאַנצזאַל. דער קוואַרטעט, וואָס האָט ביז איצט דאָרט קאָנצערטירט אויף דער הויכער בינע, האָט אָנגעהויבן שפּילן טאַנץ־מעלאָדיעס, וועלכע די דאַמען האָבן אויפגענומען מיט פרייִדיקע אויסרופן.

מען האָט דער ערשטער אַריינגעפירט זיין בערלינער דאַמע אין דעם מאַטבאַלויכטענעם טאַנצזאַל. נאָך איר זענען אַריין אַנדערע פּאָרלעך. שאַרלאָטע האָט נישט בדעה געהאַט צו טאַנצן, זי איז געווען צו מיד פון דער רייזע. זי האָט ליבערשט געוואָלט לייסטן געזעלשאַפט דעם גאָלייטער, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געטאַנצט. ער האָט באַוווּנדערט אירע הענט אַז זי געבעטן אים דערלויבן אַרויסלייענען איר גורל אין די ליניעס פון איר דלאָניע.

— אייער גורל וועט אַליינס זיך אַנטפּלעקן פאַר מיינע אויגן, — האָט ער געוואָרנט.

די קעלנער האָבן נאָכאַמאָל דערלאַנגט קאַווע און ליקער. זיי האָבן געטראָגן פלעשער וויין מיט סאָדעוואַסער, ריזיקע טאַצן מיט כלערליי זיסקייטן און פרוכטן, אויפן פּאַל טאָמער וועט ווער נאָך וועלן עפּעס עסן. זייערע פּנימער האָבן געגלאַנצט פון שווייס. ווען זיי האָבן געעפנט די טירלעך פון דער שפּייזווינדע, האָבן זיך פון דער קיך געלאָזן הערן געלעכטערס און געזאַנגען; פון די קעלערשטובן האָבן זיך געטראָגן הילכיקע קולות פון די וואַכלייט, וועלכע האָבן אויך ליאַרעמדיק געפייערט דעם געבורטסטאָג.

— שיינע הענט! — האָט דער גאָלייטער געזאָגט און שטודירט, ווי אַ מבין, די ליניעס אויף שאַרלאָטעס דלאָניע. ער האָט פאַרבויגן אירע שיינע פינגער. — אָבער זעט נאָר, זעט! — האָט ער אַ דערשראָקענער פאַרגעזעצט און אַ פאַרחידושטער געקוקט שאַרלאָטען אין פּנים אַריין.

שאַרלאָטע האָט געלאַכט פאַרשייט.

— איר זענט אַ געפערלעכע פרוי, מיס עסטרייך, — האָט רומף פאַרענדיקט.

— צי ווייסט איר עס? איר וועט אין אייער לעבן אומגליקלעך מאַכן אַ סך מענער!

שאַרלאָטע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער, וואָס איז נישט געפעלן געוואָרן דעם גראַף דאָסע. דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים פאַרקלעמט פונעם דאָזיקן געלעכטער.

— אָבער כ׳האָף, אַז אויך גליקלעך, — האָט שאַרלאָטע געענטפערט און באַגלייט דעם טרעפלעכן ענטפער מיט טריאומפירנדיקע בליקן.

דער גאָלייטער האָט איר אַזוי אַ דריק געטאָן די האַנט, אַז איר פּנים האָט זיך אַזש פאַרקרימט פון ווייטיק.

— דאָס ווייסט איר אַליין צומבעסטן, — האָט ער געענטפערט, — האָב איך רעכט, צי ניין?

אין דער האָזיקער רגע האָט דער קוואַרטעט אויפגעשפּילט אַ וואַלס, און שאַרלאָטע איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעפלאָסן אין די גלידער. זי איז אויפגעשפּרונגען. יאָ, איצטער וואָלט זי געוואָלט טאַנצן!

— באַוויַיזט, וואָס איר קענט, מיס עסטרייך! — האָט דער גאָלייטער לאַכנדיק איר צוגעגעבן מוט.

שאַרלאָטע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועקגעשטעלט זיך אין אַ רייצנדיקער טאַנץ־פּאָזע. די אויגן האָבן ביי איר אַ גלאַנץ געטאָן מיט התלהבות.

— יאָ, איצטער וויל איך טאַנצן! — האָט זי אויסגערופן, — אָבער נישט אינעם זאַל וויל איך טאַנצן, נאָר דאָ, אויפן טיש! טאַקע אויף דעם האָזיקן טיש!

— האָט זי זיך איינגעשפּאַרט און געמאַכט עטלעכע שריט נענטער צום טיש.

דער גאָלייטער האָט באַפוילן אַראָפּצוראַמען די גלעזער פון טיש, אָבער שאַרלאָטע האָט זיך אָפּגערופן.

— צווישן אַט די אַלע גלעזער אויפן טיש וויל איך טאַנצן און קיין איינציק גלאָז נישט אומוואַרפן, קיין איינציק גלאָז!

גראַף דאָסע האָט זיך אויפגעהויבן.

— שאַרלאָטע! — האָט ער שטיל אויסגערופן. ער האָט זי גוט געקענט. נאָכן טרינקען שאַמפּאַניער, איז זי נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אירע מעשים.

אָבער שאַרלאָטע האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. עס האָט זיך אין איר דערוועקט דער באַגער צו באַוויַיזן זיך, און קיין שום זאַך האָט זי שוין נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. זי האָט געמאַכט עטלעכע טאַנץ־פּאַ, אָבער ווען זי האָט געזאָלט מאַכן אַן אומדריי, האָט זי זיך אַ ביסל אַ וואַקל געטאָן און זיך צעלאַכט.

בעת די שיינע שאַרלאָטע האָט געזאָלט טאַנצן, זענען אַלע געסט אַריינגעקומען און געשטעלט זיך לעבן גרויסן מאַהאָגאָן־טיש. שאַרלאָטע איז אַרויף אויף אַ שטול, און אַ סך הענט האָבן זיך אַ ציי געטאָן איר צוצוהעלפן. זי האָט אָבער אָפּגעוואָרפן יעדע הילף.

— כ'וועל זיך אַליין אַן עצה געבן! — האָט זי אויסגערופן און צעלאַכט זיך הויך און לויטער און אַזוי שטאַרק, אַז זי איז נישט אימשטאַנד געווען אויפצוהייבן אַ פוס.

— איך בעט דיך האַרציק, שאַרלאָטע, — האָט גראַף דאָסע זי געבעטן, צוגייענדיק נענטער צו איר, — פאַרגעס נישט, אַז די רייזע האָט דיך פאַרמאַטערט.

— ער איז אייפערזיכטיק! — האָט שאַרלאָטע געזאָגט, לאַכנדיק מיט פאַראַכטונג, און אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ האַסטיקן בליק פון אירע שיינע אויגן, וועלכע האָבן געגלאַנצט ווי אין פיבער.

— בעת אַזאַ פייערונג דאַרף אַן אמתער מאַנצביל זיך באמת שעמען אַרויסצוווייַזן זיין אייפערזוכט! — האָט רומף אויסגערופן און זיך צעלאַכט מיט אַ נישט אָנגענעמען געלעכטער.

— אייפערזוכט איז טיפשות, — האָט שאַרלאָטע דערקלערט און לייכט אַ טו־פּע געטאָן מיט איר באַגילדעטן שיכל. — טראָץ אַלעמען וועל איך טאַנצן, כאָטש עס דער רוח!

זי האָט זיך אַפילו געזידלט, טאַקע אויפן ווינער שטייגער.

יאָ, אויף דעם דאָזיקן טיש וויל זי טאַנצן, האָט זי זיך פאַרעקשנט, אויף דעם דאָזיקן טיש, צווישן אַלע שאַמפּאַן־גלעזער, און זי וועט קיין איינציקן נישט איבערקערן, קיין איינציק גלעזל, אַפילו די, וואָס שטייען אינמיטן. לסוף האָט זי זיך אַ נעם געטאָן, אויפגעהויבן אַ פּיסל אינעם באַגילדעטן שיכל און איז אַרויף אויפן טיש.

מען האָט געיובלט און געפּאַטשט מיט די הענט. זי איז געבליבן שטיין און אַרומגעקוקט זיך מיט אַ בליק פון נצחון, ווי אַ קליין קינד. יאָ, זי האָט געטלעך שיין אויסגעזען, בעת זי איז אַ טריאומפירנדיקע געשטאַנען אויפן טיש. גראַף דאָסטע האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שיינע. זיין האַרץ איז אָנגעפולט גע־וואָרן מיט טרויער, וואָס האָט אים טיף דערדריקט. פון גרויס קלעמעניש האָט ער זיך אַזש אָפּגעקערט.

שאַרלאָטע האָט שוין אויסגעשטרעקט די אָרעמס פאָרויס, ווי זי וואָלט גע־זוכט מיט די שפּיץ פינגער אַן אָנשפּאַר אין דער לופטן.

— אָ, ווי הויך דאָ איז! — האָט זי אַ זאָג געטאָן עטוואָס דערשראָקן.

— דערלויבט אוועקצוגיין, — האָט גראַף דאָסטע פאַרנייגנדיק זיך געזאָגט צום גאַולייטער.

— מיט פאַרגעניגן! מיר וועלן זיין צופרידן, אז איר וועט אונדז נישט קאַליע מאַכן די שמחה.

— ער איז אין כעס! — האָט שאַרלאָטע אַ זאָג געטאָן מיט אַ לייכטן גע־לעכטער.

— נעמט אייך נישט איבער, שיינע שאַרלאָטע! — האָט געזאָגט דער גאַוליי־טער, — ער איז נישט אין כעס און וועט באַלד צוריקקומען.

## XIX

שאַרלאָטע האָט אָפּגעאָטעמט און זיך צעשמייכלט מיט איינעם פון אירע חנעוודיקסטע שמייכלען.

— ער האָט מיך דערנערווירט, — האָט זי געזאָגט און געלאַכט, — אַצינד פיל איך מיך אַ סך פרייער. אַך, ווי נאַריש די מענער זענען! אָבער איצטער, — האָט זי זיך געווענדעט צו די מוזיקער, — שפּילט! שפּילט, כ'בעט אייך, לאַנגזאַם און פייערלעך!

דער קוואַרטעט האָט געשפּילט אַ וואַלס זייער לייכט, אין אַ לאַנגזאַמען טעמפּ. שאַרלאָטע האָט אויפגעהויבן די אָרעמס צו אַ באַצויבערנדיקע פּאָזע, אָבער שוין גלייך זיי ווידער אַראָפּגעלאָזן.

— גיין, צווישן שאַמפּאַן־גלעזער וועט עס דאָך נישט גיין, — האָט זי געזאָגט אַ ביסל אַ צערודערטע.

גלייך זענען די שאַמפּאַן־גלעזער פאַרשוואונדן.

שאַרלאָטע האָט ווידער געמאַכט עטלעכע גראַציעזע טריט, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז איצטער וועט שוין גיין, אָבער ווי נאָר זי האָט אויפגעהויבן די הענט אין די ברייטע אַרבל, האָט זי ווידער פאַרלוירן דעם מוט.

— עס גייט נישט, כ'קאָן נישט, — האָט זי געזאָגט אַ שטאַרק באַטריבטע און געשאָקלט מיטן קאָפּ, — דאָס קלייד שטערט מיר. קליידער, צו וועלכע מען איז נישט צוגעוווינט, שטערן.

— טאָ מאַכט אייך באַקוועם און וואַרפט עס אַראָפּ, — האָט רומף אויסגערופן און זיך גראָב צעלאַכט.

— אויף אַן אמת?

שאַרלאָטע האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעהאָרכט, גלייך ווי זי וואָלט נישט גוט געהערט.

— פאַרוואָס דען נישט? מיר זענען דאָך נישט קיין פרומע קליינבירגער, — האָט איר רומף צוגעגעבן מוט. אַלע האָבן מיט שפּאַנונג געקוקט אויף שאַרלאָטען און זי אונטערגעוואָרעמט מיט פאַרשיידענע אויסרופן.

דורך די שמאָלע שפּאַלטן פון אירע אויגנלעפלעך האָט שאַרלאָטע פאָרשנדיק געקוקט אויף רומפן.

— אויף אַן אמת? — האָט זי נאָכאַמאָל געפרעגט. — אַוודאי, אָן קליידער טאַנצט זיך אַ סך בעסער.

— מוט, נאָר מוט! — האָט רומף געשריגן. — איך לייג פאָר אַ האָנאָראַר פון צוואַנציק טויזנט מאַרק פאַר טאַנצן פינף מינוט.

— צוואַנציק טויזנט מאַרק? — האָט שאַרלאָטע מיט אומגלויבן געפרעגט.— איר זאָגט עס ערנסט?

— אויף מיין וואָרט!

שאַרלאָטע האָט זיך פאַררויטלט פון אויפגערודערטקייט, דערנאָך איז זי פּלוצים בלאַס געוואָרן און אירע אויערן האָבן אויסגעזען אינגאַנצן ווייס. אינעם ווינער טעאַטער האָט זי געהאַט אַ גאַזשע פון דריי הונדערט קראָן. זי האָט זיך ווידער פאַררויטלט. מיט האַסטיקע בליקן האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעמאָסטן די ברייט און לענג פונעם טיש און ווידער געמאַכט עטלעכע באַצויבערנדיקע טאַנץ־פּאַ. ווען זי

האָט אָבער אַ פּאַרוואָרף געטאָן אירע הענט אין דער הייך, האָט זי זיך שטאַרק אַ וואקל געטאָן, דאָסמאָל נאָך שטאַרקער ווי פריער. זי האָט אַן אַנטמוטיקטע אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ.

— ס׳וועט הײַנט גאָרנישט נישט אַרויסקומען, — האָט זי געזאָגט אַ נידער־געשלאָגענע, — הײַנט האָב איך שוין צופיל געטרונקען. מאָרגן וועל איך קאָנען טאַנצן. וועט איר מאָרגן נאָך אויך פאַרלייגן צוואָנציק טויזנט מאַרק?

— מאָרגן אויך. מײַנע באַדינגונגען ווייסט איר דאָך.

— גוט, וועל איך מאָרגן טאַנצן! — האָט שאַרלאָטע פריידיק אויסגערופן און געפּרוווט מאַכן אַ פּירועט, וועלכער איז איר אָבער נישט אינגאַנצן געלונגען, — העלפט מיר אַראָפּגיין! — האָט זי געבעטן. — מאָרגן וועל איך גוט טאַנצן. דאָ, אויף דעם דאָזיקן טיש, און זאָלן זיך אַלע צוקוקן! הײַנט בין איך שוין אַ ביסל אויסגעשעפּט און ס׳ווילט זיך מיר טרינקען נאָך שאַמפּאַניער.

— אַ טיכטיק מיידל! — האָט רומף געלאַכט.

ער האָט אַראָפּגענומען שאַרלאָטע פון טיש און זי אַוועקגעטראָגן צום טאָטעל.

— כ׳דאַנק אײַך! — האָט שאַרלאָטע געזאָגט, — און מיט פול דערשטוינונג און באַוווּנדערונג אויסגערופן צו די געסט דערנעבן: — מײַן גאָט! ווי שטאַרק ער איז!

— און אַצינד וועלן מיר די שיינע שאַרלאָטע מכבד זײַן מיט שאַמפּאַניער, כדי זי זאָל ביז מאָרגן נישט פאַרלירן דעם מוט! — האָט רומף געזאָגט און גע־פּאַטשט אין די הענט.

די קעלנער זענען צוגעלאָפן.

— כ׳וועל האַלטן וואָרט! — האָט שאַרלאָטע פאַרזיכערט. — נאָך איין גלעזל שאַמפּאַניער און מיר וועט זיך דאַכטן, אַז איך בין אין ווין. דאָרטן האָבן זיי מיר אַ נאָמען געגעבן „דאָס בליענדיקע לעבן“.

— שאַמפּאַניער, ווײַן, מוזיק! — האָט דער גאַלייטער באַפוילן, — ערשט איצטער וועלן מיר זיך מאַכן באמת געמיטלעך!

ער האָט געהייסן ברענגען פּאַפּיראָסן און ציגאַרן און באַשטעלט פאַר זיך אַ נייע פלאַש געוויינלעכן רויטווייַן. דער קוואַרטעט האָט באַקומען אַן אָנווייזונג צו שפּילן נאָר פרייַלעכע מעלאָדיעס.

אָבער ווען דער עולם האָט זיך זייער גוט געוויילט, האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר, און ווער איז אַרײַנגעקומען? די צעהוליעטע קלאַרע מיט איר קליגגעוודיקן געלעכטער. זי איז אַלזאָ ווידער דאָ! זי האָט זיך איבערגעטאָן, צורעכט געמאַכט די פריזור און גרייט געווען צו נייע אוואַנטורעס. מען האָט זי אויפגענומען מיט פריידיקע געשרייען.

— אַט וואָס הייסט טיכטיקייט! — האָט רומף אויסגערופֿן. — אַט אַזעלכע טיכטיקע פֿרויען זענען אונדז נייטיק אין דייטשלאַנד. אַזעלכע וועלן זיך נישט לאָזן איינברעכן. זעצט אייך לעבן מיר, קינד מײַנס.

די פֿאַרוויילונג איז ווייטער געווען אין פֿולן גאַנג. מ'האָט דערלאַנגט קאַוויאַר, טייערע צובייסנס און נייע געטראַנקען.

די געסט האָבן זיך פֿאַרהאַלטן וואָס אַמאָל טומלדיקער און צעהוליעטער. די אויפֿגעלעבטע קלאַרע האָט נישט אויפֿגעהערט צו לאַכן און טאַנצנדיק געזונגען מיט אַ קלינגעוודיקער שטימע פֿרעכע פֿראַנצויזישע שאַנסאָנעטן־לידלעך. דער גאַלייטער איז געזעסן ברייטלעך און אַ גליקלעכער אויף זײַן פֿאָטעל, און זײַן פּנים האָט געגלאַנצט פֿון נחת. אויף איין קני איז בײַ אים געזעסן די שיינע שאַרלאָטע, אויף דער אַנדערער — די בלאָנדע זילבערשמיד, וועלכע איז געווען שוין שטאַרק בגילופֿין. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט דאָ אויפֿן נאַקן פֿון דער מאַיאָרשע, דאָ אויף דער שיינער שאַרלאָטע. דער גרויסער בריליאַנט אויף זײַן קליינעם פֿינגער האָט געפֿינקלט מיט אַלע פֿאַרבן און מ'האָט געזען די שטאַרק רויטע באַהאָרטקייט פֿון זײַנע האַנט־געלענקען. ביידע דאַמען האָבן נישט אויפֿגעהערט רעדן צו אים, הגם ער האָט זיך שוין קוים צוגעהערט צו זייערע רייד, און נאָר פֿון צײַט צו צײַט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געלאַכט.

— זעט, זעט! גיט אַ קוק אַט אַהין, — האָט די שיינע שאַרלאָטע פּלוצלינג אויסגערופֿן און אָנגעוויזן אויף דער טיר.

אין דער טיר איז געשטאַנען גראַף דאָסע, אַן אויסגעפּוצטער און ניכטערער, ווי פֿריער, ער האָט נאָר אויסגעזען מאָדנע בלאַס.

— קומט אַרײַן, יונקער! — האָט רומף מיט אַ חוזק־טאָן אויסגערופֿן, אין כּעס, וואָס מען האָט אים געשטערט.

— איך מעג זיך דאַכט מיר דערלויבן? — האָט דער בלאַסער גראַף דאָסע נאָך שטייענדיק בײַ דער טיר אָנגעהויבן מיט אַ רויִקער אָבער קאַלטער און פֿײַנטלעכער שטימע. ער האָט אָפּגעהאַקט און מער גאָרנישט געזאָגט. הגם דורך דעם נעפּל פֿון פּאַפּיראָסן־ און ציגאַרן־רויך האָט ער אויסגעזען, ווי ער זאָל שטיין אַ סך ווײַטער, פֿונדעסטוועגן איז נישט געקוקט אויפֿן געלעכטער און געשרייען אין זאַל, האָבן זײַנע ווערטער זיך געלאָזט הערן מיט אַ זעלטענער קלאָרקייט.

— וואָס ווילט איר זיך דערלויבן? — האָט רומף געפֿרעגט מיט אַ דראָענדיקער שטימע און אַ צי געטאָן די פּיס צו זיך, אַז ביידע דאַמען זענען אַזש אויפֿגעשפּרונגען. זײַן שטימע האָט געקלונגען בייז, מיט פֿאַראַכטונג. ערשט איצט האָבן אַלע באַמערקט אויפֿן שטערן פֿון גראַף דאָסע צוויי ווערטיקאַלע קנייטשן. זײַנע אויגן האָבן אויסגעזען ווי צוזאַמענגעצויגן און האָבן זײַן בלייך פּנים צוגעגעבן אַן אויסדרוק פֿון שלעכט פֿאַרבאָרגענער פֿאַרביטערונג און געהאַמעוועטן צאָרן.

— וואָס ווילט איר זיך דערלויבן? — האָט רומף איבערגעחזרט מיט אַ משונהדיק דערשטיקטער שטימע. די קעלנער האָבן זיך אָפּגערוקט צו דער וואַנט.

— איך מעג זיך דערלויבן, — האָט גראַף דאָסע אויפסניי אָנגעהויבן מיט דער זעלביקער פיינטלעכער שטימע, — איך מעג דאָכט מיר זיך דערלויבן צו פרעגן?

רומף איז אויפגעשפּרונגען. די אָדערן אויף זיינע שלייפן זענען אָנגעדראָלן געוואָרן. זיין קאַרק איז טונקעלער געוואָרן, און די הויט אויפן קאָפּ, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון די זשאַווערדיק־רויטע האָר, איז געוואָרן פורפור־רויט.

— איר קאָנט זיך דאָ גאָרנישט דערלויבן! — האָט ער אויסגערופן. — איר האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו פרעגן! — ער האָט געמאַכט אַ טראָט פאָרויס און אויסגעשריגן: „אַכטונג!“

גראַף דאָסע איז אַ סך יאָרן געווען אַ קאַדראָווער אָפיציר, און דער דאָזיקער באַפעל איז אים אַדורך ווי אַ פייער אין די גלידער. ער האָט גלייך אָנגענומען אַ זעלנערישע האַלטונג און געבליבן שטיין ווי אַריינגעוואַקסן אין דער ערד. אין זאַל איז געוואָרן טויט שטיל, עמעץ האָט איבערגעקערט אַ גלאָז מיט שאַמפּאַניער, און ס'האָט זיך נאָר געהערט דאָס אַראָפּטריפן פון ווין אויף דער פּאָדלאָגע. די קעלנער האָבן זיך שטיל אַרויסגעשלייכט. ווען דער גאָלייטער פאַלט אַריין אין שגעון, איז גלייכער זיך אָפּצוטראָגן. אויך די דאַמען האָבן נישט געוואַגט צו רעדן קיין וואָרט, זיי האָבן געציטערט און זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער.

— איך בין אייער שעף! — האָט רומף פאָרגעזעצט מיט אַ גראָבער שטימע, וואָס האָט אַ הודזשע געטאָן איבערן גאַנצן הויז. — ווען איך זאָג שטאַרב, מוזט איר שטאַרבן, ווען איך זאָג ווערט פאַרשטיינערט, מוזט איר פאַרשטיינערט ווערן, פאַרשטאַנען? איר מיינט, אַז ווייל איר זענט אַ גראַף קאָנט איר דאָ שטעלן פראַגן?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווילד צעלאַכט זיך, און אַ פורפור־רויטער, מיט אָנגעדראָלענע אָדערן אויף די שלייפן, שווער אָטעמענדיק, האָט ער געקליבן זיך ווידער אַוועקצוזעצן. ער האָט געפּרוווט ווייטער רעדן אין אַ רואיקערן טאָן, אָבער זיין שטימע האָט געקלונגען הייזעריק.

— מיינע דאַמען, כ'בעט אייך פאַרנעמען אייערע פריערדיקע פּלעצער, — האָט ער געזאָגט, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. — מירן נישט דערלייבן זיך צו שטערן.

ער האָט אַרויסגענומען אַ ציגאַר פון קאַסעטקע און געלאַסן פאַררויכערט. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף זיין פּאָטעל. גראַף דאָסע איז אַלץ געשטאַנען אומבאַוועגלעך ביי דער טיר. קיינער פון די אַדיוטאַנטן האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן, קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצורעדן אַ וואָרט, בלויז די בלאָנדע מאַיאָרשע זילבערשמיד האָט עפּעס דאָרט שטיל גענומען רעדן. גראַף דאָסע האָט אַרויספאָדערנדיק געקוקט אויפן גאָלייטער און אָנגעהויבן פונדאָסניי:

— איך וועל זיך דערלויבן צו פרעגן...

— אַכטונג! — האָט רומף נאָכאַמאָל אַ דונער געטאָן.

אָקאָרשט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פּאָטעל און פאַרבעטן ביידע דאַמען ווידער צוצוקומען נענטער, מחמת די שיינע שאַרלאָטע און די בלאָנדע זיל־בערשמיד האָבן זיך באַמיט צו האַלטן פונדערווייטנס, ווי פון אַ פייערשפייענדיקן באַרג. איצטער איז ער ווידער אויפגעשפּרונגען און דורכגעשפּיזט דעם גראַף דאָסע מיטן דורכדרינגלעכן בליק פון זיינע טונקל־בלויע אויגן.

— אַ דיבוק איז אין אייך אַריין? — האָט ער געשריגן, — אַכטונג! — האָט ער ווידער קאָמאַנדעוועט. — אַכטונג! רעכטס קער! מיטן פּנים צו דער וואַנט! אַזוי בלייבן שטיין, ביז כ'וועל באַפעלן: רוט! אייער זאַך איז נאָר צו פאָלגן און מער גאָרנישט. ווען איך זאָג אייך: גייט צו אַלדע טייוול, מוזט איר זיך גלייך אָפּ־טראָגן צו אַלדי טייוול. איר טאָרט גאָרנישט פרעגן — אפילו ווען איך וואָלט אייך וועלן דערהרגענען. האָט איר מיך ענדלעך פאַרשטאַנען?!

ער איז ווידער צוגעגאַנגען צו זיין פּאָטעל.

— אפשר ווינטשן זיך די דאַמען נאָך קאַווע? ביטע, דערלויבט אייך צו באַ־דינען. מיר וועלן זיך נישט לאָזן קאַליע מאַכן די שטימונג פון אַ צעשטערער פון אונדזער פאַרוויילונג.

גראַף דאָסע איז כסדר געשטאַנען אומבאַוועגלעך ביי דער טיר, מיטן פּנים צו דער וואַנט. ס'איז געווען אַ ווייטיק צוצוקוקן.

— כ'בעט אייך דאָך צוקומען נענטער, שיינע שאַרלאָטע, — האָט רומף ווי־דער אָנגעהויבן. — איר האָט דאָך נישט קיין מורא פאַר מיר? און אויך איר, מיין ליבסטע זילבערשמיד. איך זע, אַז אויך קלאָרע וואָלט געוואָלט אַ פרישן טרונק. מעין, צי זענען די קעלנער איינגעשלאָפן?

מ'האָט געהערט, ווי דער גראַף דאָסע האָט זיך אַ באַוועג געטאָן ביי דער טיר, דער פאַרקעט האָט אַ סקריפּע געטאָן. מ'האָט געקאָנט באַמערקן, ווי ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַוועגט מיט די ליפּן, צי זיי זענען נישט פאַרשטייפט געוואָרן. דערנאָך האָט ער מיט אַ פאַרשטאַרט פּנים אָנגעהויבן רעדן:

— איך דערלויב זיך צו באַמערקן, אַז איר זענט לגמרי נישט מיין שעף, — האָט ער געזאָגט מיט אַ קלאָרער שטימע צו אַלעמענס איבעראַשונג. — איך בין אָבערלייטענאַנט פון דער אַרמיי, בעת איר זענט בלויז געווען אַן איינפאַכער אויבערמאַטראָס.

— וואָס? — רומף איז גלייך אויפגעשפּרונגען. ער האָט געטייטלט מיטן פינגער אויפן גראַף דאָסע. — אַכטונג! — האָט ער פּודאָסניי אַ וואָיע געטאָן, — דאָס איז אַ בונט! קאַפּיטאַן פרעי, נעמט דעם ראָזיקן מאַן אונטער דער וואַך. פירט

אים אַוועק אין זיין צימער! איר טאָרט מיט אים נישט רעדן קיין וואָרט און איר זענט מיט אייער קאָפּ פאַראַנטוואָרטלעך, אַז ער זאָל נישט אַנטלויפן.

דער קאַפּיטאַן פרעי האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף אויסצופירן דעם באַפעל.

די שמחה איז ווייטער געגאַנגען. די געבורטס-פייערונג האָט געדויערט ביזן העלן פרימאָרגן.

ווען עס האָט געשאַריעט אויף טאָג, איז אינעם הויז געפאַלן אַ שאָס, אָבער קיינער האָט אים נישט געהערט, ווייל אין אַלע צימערן איז געווען זייער טומלדיק. גראַף דאָסע האָט זיך דערשאָסן.

---

## אינהאַלט: